לייב סאסאווער. אין דעם ספר „תולדות שלמה" (מונקאטש) איז איבערגשריבן באריכות דאס לעבן און שאפן פון ר' שלמה. מיר גיבן דא אין ספר די וויכטיקסטע פרטים וואס האבן א שייכות צו דער צייט וואס ער איז געווען רב אין סטריזוב. מיר האבן אויך צוגעגעבן פרטים וואס זענען ניטא אין ספר „בית שלמה". ר' שלמה איז געווען פון די מפורסם'דיקע צדיקים פון דור און א מנהיג פון גרויסן פארנעם. געווען א פייערדיקער בעל־תפילה — פון די געציילטע און גרעסטע אין דער חסידישער וועלט. נאך זייענדיק גאר יונג, ווען ער איז געווען ביים רבין ר' הירש פון רימאנוב, איז ער באערט געווארן מיט דעם כבוד צו זיין פון זיינע אונטערהאלטער ביים דאווינען. ר' שלמה האט דערציילט דאס אמאל האט דער רבי ר' הירש — וועלכער איז אליין געווען דער בעל־תפילה־געזינגן אזוי הויך און שטארק, דאס קיינער פון די משוררים איז נישט אומשטאנד געווען אונטערצוהאלטן דעם רבין און ס'איז געווען א חשש אז דער רבי זאל חלילה נישט נכשל ווערן... נאר ר' שלמה איז געווען דער איינציקער וואס האט אונטערגעהאלטן דעם רבין און א דאנק אים איז נישט פארשטערט געווארן די תפילה.

ר' שלמה איז געווען באליבט ביי פיל פון די צדיקי הדור. נאך אלס קינד האט מען פאראויסגעזאגט אז ער וועט זיין א אדם גדול. נישט נאר זיין גרויסער זיידע, דער רבי ר' הירש־אלימלך פון דינוב, נאר אויך די צדיקים, ר' מאיר'ל פרעמישלאנער און ר' ישראל ריזינער האבן אים שטארק מכבד געווען. מיר ברענגען עטליכע פאקטן: ווען ער איז אלט געווען פיר יאר, און איז געווען, צוזאמען מיט זיין פאטער, ר' אלעזר, ביים זיידן אין דינוב — האט דער רבי ר' הירש אלימלך אים גענומען אף זיין שויס און אים געזאגט טיפע דברי תורה; ווען ר' שלמה איז געפארן — אלט זייענדיק פערצען יאר — צו זיין חתונה, איז ער אריינגעגאנגן צו ר' מאיר'ל פרעמישלאנער, זיך געזעגענען און מקבל זיין א ברכה פון אים. ר' מאיר'ל האט אים געגעבן דרשה געשאנק דאס ספר „תומר דבורה", פון דעם מקובל ר' משה קורדאווירו און אים געזאגט: „תאמר דבורה" — דו זאלסט זאגן דיבורים... א צווייט מאל האט ער אים געזאגט: „דו שלמה'טשע, ביזט דאך א בעל שכל און דיין טאטע איז אַ צדיק און איך האף אז אויך דו וועסט קומען צו דער מדרגה פון צדיק, וועסטו דאך זיין אַ צדיק בן צדיק... דער עיקר איז צו היטן זיך פון דער גרויסע בלאטע וואס איז אין אנהויב ווינטער, וואס ווערט גערופן אין זייער לשון (פויליש) „יעשיען" עס זאל נישט בלייבן אף זומער"...

ווען ר' שלמה איז געווארן בר־מצוה איז זיין פאטער געפארן מיט אים צו ר' ישראל'טשי ריזינער. דער ריזינער האט אים געפרעגט וואס ער בעט פון אים? האט דער בר־מצוה געענטפערט דאס ער האט נאר איין בקשה: ער זאל זוכה זיין צו אמת'ר יראת שמים. ר"י האט אים דערלאנגט די האנד און אים געבענטשט. ר"ש פלעג זאגן אז זייט

דאמאלס האט ער עטליכע יאר געשפירט בשעת'ן דאווינען דאס ער קאן כמעט ניט אפשיידן זיך פון יעדן ווארט וואס ער האט ארויסגעזאגט.

ווען ער איז אלט געווען אכצען יאר האבן די סאסאווער יידן געוואלט אויפנעמען אלס רב דעם זון פון רבי משה לייב סאסאווער, ר' שמלקי, אפן ארט פון זייער פאטער. זיי האבן אויך געוואלט אז זיין איידעם, ר' שלמה, זאל אים צוהעלפן אין פסקענן שאלות. ז'האבן אבער געשטעלט א תנאי אז ער זאל ברענגען „היתר הוראה" פון צוויי גדולים מפורסמים. ר' שלמה איז געפארן קיין לעמבערג אין האט באקומען הורמנא פון הגאון ר' יוסף שאול נאתנזאן און זיין שוואגער ר' מרדכי זאב ארענשטיין. ר' יוסף שאול האט געזאגט אז אזא יינגענמאן דארף מען געבן די היתר הוראה אף א באגילדעט פאפיר („גולד־שניט"). אזוי האבן זיי טאקי געטאן. ווען ר' שלמה איז צוריקגעקומען קיין סאסאוו מיט די היתר־הוראה'ס, האבן די בעלי בתים געטענה'ט אז די גאונים, איבערהויפט ר' מרדכי זאב, האבן ליב חסידים און דעריבער ווילן זיי זיך נישט סומך זיין אף זיי... ס'איז באשלאסן געווארן אז אויב ער וועט ברענגען א הורמנא פון הגאון ר' אברהם תאומים (וועלכער איז געווען באוווסט אלס מתנגד) — וועלן זיי מסכים זיין. ר' שלמה איז געפארן קיין זבאראוו. ווי ר' אברהם איז געווען רב, און האט די היתר הוראה באקומען. אינטערעסאנט: ר' אברהם האט געזאגט צו ר' אלעזר'ן, ר"ש פאטער: כ'האב נאכנישט געזען א מענטש אָן חסרון, חוץ דיין זון ר' שלמה, אבער ס'איז דאך נישט מעגלעך א מענטש אָן חסרון — וואס איז זיין חסרון?... ר' אלעזר האט געענטפערט: זיין חסרון איז וואס ער איז א ח ס י ד...

ר' שלמה איז געווען א תלמיד־חסיד פון ר' חיים האלבערשטאם פון צאנדז, דער וועלט־בארימטער צאנדזער צדיק, בעל „דברי חיים", וועלכער האט אים שטארק מקרב געווען. שפעטער זענען זיי אויך געווארן מחותנים ווייל דער זון פון ר"ש, ר' משה לייב, איז געווארן דער איידעם פון גארליצער רב ר' ברוך, דעם צאנדזער'ס זון.

אין די צייטן פון ר' שלמה'לס רבנות אין סטריזוב זענען פארגעקומען אין שטאט פיל זאכן וואס זענען נישט געווען לרצון פון רב. זייענדיק א גרויסער קעמפער פאר יידישקייט — לויט ווי ער האט עס פארשטאנען — האט ער ארויסגערופן געגען זיך פיל מחלוקת. בעיקר האט ער גערודפט סאדיגורער חסידים, וועלכע זענען געווען א כח אין שטעטל. די חסידים זיינע, און אויך דער רב אליין האבן זיך געווענדט מיט א שארפן בריוו צום צאנדזער רב וועגן די סאדיגורער חסידים (דער בריוו איז פארעפנטליך אין העברעאישן טייל פון ספר). דער צאנדזער רב האט געענטפערט מיט א בריוו אין וועלכן ער איז מסכים צו דער בקשה פון רב אז מ'מעג רודפ'ן די סאדיגורער חסידים עד חרמה... דאס פייער האט זיך אנגעצינדן אין סטריזוב, ריישא און אין דער גאנצער חסידישער וועלט.

צו דער אלגמיינער מחלוקת איז צוגעקומען נאך א מחלוקת. דאס איז געווען אין יאר תרמ״ב. א טייל פון די בעלי בתים האבן געוואלט אויפנעמען אַ חזן, אַנ׳ערשט־קלאסיקן בעל מנגן און בעל־תפילה, וואס איז פריער געווען אַנ׳ אפיציר אין דער עסטרייכישער ארמיע און האט מחלל שבת געווען במזיד. דער רב איז ארויס געגן דעם מיט דעם גאנצן כוח. דאן איז ווידער אויסגעבראכן א„פייער״ אין שטעטל און איינער פון רב׳ס געגענער האט געטאן א זאַך, וואָס טאָר נישט געטאָן ווערן, און האָט פוגע געווען בכבודו של הרב. ר׳ שלמה האט דאן באשלאסן דאס אויב ס׳וועט אים אונטערקומען א רבנות אין אנ׳אנדערע שטאט, וועט ער פארלאזן סטריזוב. ס׳איז כדאי צו באמערקן אז נאך צוועלף יאר פאר אט דער לעצטער מחלוקת (אין יאר תר״ל) איז ר״ש אויפגענומען געווארן אלס רב אין טארניגראד און איז דארט געווען רב זיבן וואכן און נאכדעם צוריקגעקומען קיין סטריזוב. די הויפט־סיבה איז געווען ווייל זיין מוטער, די לאנצוטער רביצין, האט אף אים גוזר געווען בגזירת כיבוד אם ער זאל נישט פארלאזן סטריזוב. אויך אין יאר תרל״ז האט ער געהאלטן דאביי ער זאל פארלאזן סטריזוב. דאן איז ער אויפגענומען געווארן אלס רב אין סטראפקוב און ווידער איז זיין מוטער געווען געגען דעם. אויסער דעם האָט דער באקאנטער צדיק ר׳ יחזקאל שיניווער אים צוויסן געטאָן דאָס ער וויל אַז איינער פון זיינע קינדער זאלן דארט איבערנעמען דאס רבנות. ר׳ שלמה איז געווען אין סטראפקוב עטליכע וואכן און צוריק קיין סטריזוב. איצט אבער, נאך דעם לעצטן פאל, האט ער באשלאסן פעסט צו פארלאזן דאס שטעטל. אין דער זעלבער וואך וואס ר״ש האט געזאגט אז אויב ס׳וועט זיך אים טרעפן א רבנות וועט ער עס אפנעמען — האט ער דערהאלטן אַ בריוו פון מונקאטש און אויך אַ קאנסענס (אַ כתב רבנות) אף דעם מונקאטשער רבנות. דער רוב בעלי בתים האבן אין געבעטן ער זאל זיי נישט פארלאזן. אויך דער גראף וואלקאוויצקי, דער פריץ פון דער סביבה, האט אים געבעטן ער זאל בלייבן. ער האט געזאגט אז אין סטריזוב האָט מען אים געוואָרפן איין שטיין און ווער ווייסט וויפיל שטיינער מ׳וועט איםווארפן אין אנ׳אנדער ארט ?... דאס אלעס האט נישט געהאלפן. ר׳ שלמה האט פארלאָזן סטריזוב, נאָכדעם ווי ער איז דאָ געווען רב פיר־און־צוואנציק יאר. ער איז געקומען קיין מונקאטש פרשת וירא און יאר תרמ״ב.

מיין פאטער האט מיר דערציילט דאס טראכטענדיק טאמער וועלן זיינע ידידים און חסידים נישט לאזן אים פארלאזן סטריזוב — איז ער אנטלאפן פון איר בסוד סודות, ס׳זאל קיינער נישט וויסן. אויך האט ער אויסגעקליבן א טאג אין וועלכן מיין זיידע, ר׳ שלמה זיזנובער, איז נישט געווען אין דער היים, ווייל ער איז אויך געווען פון זיינע אנהענגער.

צוזאמן מיט ר׳ שלמה׳ן האבן פארלאזט די שטאט זיינע קינדער, די צדיקים: הרב הצדיק ר׳ צבי הירש, דער בעל „דרכי תשובה״, „תפארת בנים״ און נאך ספרים; הה״צ ר׳ משה יהודה לייב פון סטריזוב־סאסוב. צ׳ווישן די וואס האבן פארלזן סטריזוב איז אויך געווען דאס וואונדערבארע קינד חיים אלעזר דער שפעטער באוווסטער גאון און אדמו״ר פון מונקאטש, דער מחבר פון די ספרים „מנחת אלעזר״, שערי יששכר, דברי תורה, אות חיים ושלום און נאך.

ר׳ שלמה איז געווען אַ גאון בנגלה ונסתר און האט איבערגעלאזט פיל חידושים בכתב ידו. צוליב אַ„טעם כמוס״ (א באהאלטענעם טעם) זיינען זיי נישט ערשינען אין דער עפענטליכקייט. אבער זיין זון, דער בעל דרכי תשובה, און זיין איניקל ר׳ חיים אלעזר ברענגען אין זייערע ספרים פיל דברי תורה פון אים.

## הרב הצדיק ר׳ אלתר׳ל זאב הורביץ זצ״ל

נאכדעם ווי ר׳ שלמה׳לי האט פארלאזט סטריזוב, האבן זיך געווענדעט צו אים די ראשי־הקהילה און זיינע ידידים מיט דער בקשה ער זאל צוריק קיין סטריזוב און איבערנעמען דאס רבנות. ר׳ שלמה האט אפגעזאגט זייער בקשה. אויך ר׳ משה לייב, דער זון פון ר״ש — צו וועמן מ׳האט זיך געווענדעט שפעטער, נאכ׳ן פאטער׳ס ענטזאגן זיך — האט נישט געוואלט מקבל זיין דאס רבנות. ער האט זאגאר געש־ריבן א גאר שארפן ענטפער אף דער ווענדונג פון די ראשי־הקהלה (דער בריוו איז געווען ביי מיין עלטער־זיידן ר׳ יעקב קאנער). צוליב דעם כבוד פון רב און פון די קהילה ברענגען מיר נישט דעם אינהאלט פון בריוו... דאן האבן די בעלי בתים זיך מתייאש געווען פון זייער האפנונג צוריק־צוברענגען ר׳ שלמה׳ן, אדער וועמן פון זיינע קינדער, און האבן אויפגענומען אלס רב הה״צ ר׳ אלתר׳ל זאב הורביץ, דער זון פון ר׳ אברהם, דעם סענדישעבער רב, וואס איז געווען דער זון פון ר׳ יעקב (ר׳ יעקב׳לי מעליצער), דער זון פון רבי נפתלי ראפשיצער, זכר כולם לברכה.

נאכדעם ווי ר׳ אלתר׳ל איז געזעסן א געוויסע צייט במנוחה, איז געקומען אין שטעטל אריין דער זון פון ר׳ שלמה׳ן, רמ״ל, דער סאסאווער רב. די בעלי בתים — פילענ־דיק זיך שולדיק קייגן ר׳ שלמה׳ן — האבן געוואלט אים מפייס זיין און האבן מקבל פנים געווען דעם סאסאווער רב מיט גרויס כבוד. אבי מורי, ר׳ יוסף דיאמנט, האט מיר דערציילט דאס זיין פאטער, ר׳ שלמה, וואס איז געווען פון די ידידים פון ר׳ שלמה׳ן, האט באזוכט ר׳ משה לייב׳ן און געפרעגט אים צו ער איז געקומען קיין סטריזוב זיין א„שיינער ייד״, אדער — רב ? ר׳ משה לייב, וועלכער איז געווען אנ׳איש צדיק וקדוש, האָט געענטפערט אז ער איז נאר געקומען ווינען אין שטעטל און נישט מער. מיין זיידע האָט געענטפערט : „אויב אזוי, פארזיכער איך אייך מיין פולע הילף און שטיצע. דאָס איז געווען די מיינונג פון פיל בעלי בתים. ס׳איז אבער נישט געווען אַזוי. די פריינד און

חסידים פון ר׳ משה ליב׳לין, זעענדיק דעם גרויסן כבוד וואס מהאט אים צוגעטיילט, האבן אים מפציר געווען ער זאל בלייבן רב אפן ארט פון זיינע עלטערן — — —

ווידער איז אויסגעבראכן א מחלוקת וואס האט זיך געצויגן לאנגע צייטן. ס׳איז פארשטענדלעך אז מיר וועלן דא נישט ברענגען די אלע פרטים פון די מחלוקת. כדאי צו דערציילן אז ס׳איז פארגעקומען א דין תורה פאר דריי רבנים. הרב ר׳ אלתר׳ל האט זיך אויסגעקליבן אלס זיין דיין דעם באוווסטן ר׳ משה׳ל טארנער. רמ״ל האט זיך אויסגעקליבן אלס זיין דיין דעם בערגסאזער דיין און אלס שלישי מכריע האבן זיי גענומען דער באוווסטן גאון, דעם ראוואער רב. דער ראוואער רב און ר׳ משה׳ל טארנער האבן געפסקנט לטובת הרב ר׳ אלתר זאב, אבער דער בערגסאזער דיין האָט נישט געוואָלט אונטערשרייבן דעם פסק דין און איז ארויס מיט א באזונדערן פסק... ס׳איז זעלבספארשטענדלעך אז דאס האט געברענגט צו שארפע מחלוקת׳ן. אין דעם וויכוח האבן אָנטייל גענומען די גדולי הדור; ר׳ שלום מרדכי הכהן, פון בערזאן (דער מהרש״ם), ר׳ יצחק שמלקיס, דער לעמבערגר רב (דער „בית יצחק״) און דער שיניווער רב, רבי יחזקאל האלבערשטאם (וועלכער איז געווען דער ברודער פון רמ״ל שווער, ר׳ ברוך גורליצער!) זענען געשטאנען אף דער זייט פון הרב ר׳ אלתר זאב. דאגעגן א געוויסע צאל אונגארישע רבנים — און נאך זיי דער יינגער רב, דער שפעטערדיקער מונקאטשער רבי, ר׳ חיים אלעזר שפירא האבן געשטיצט דעם פסק דין פון ברעגסאזער דיין, רב איז געבליבן הרב ר׳ אלתר זאב זצ״ל.

די מחלוקת האט זיך געצויגן, מיט קליינע הפסקות, אלע יארן פון רב און נאך זיין פטירה איז זי איבערגאנגען בירושה צו זיין אייניקל הרב ר׳ קלמן הורביץ זצ״ל, הי״ד. זיין געגנער איז געווען הרב ר׳ נחמיה זצ״ל, הי״ד. דער זון פון ר׳ משה לייב׳לין. דער חורבן פון שטעטל אין די צייטן פון דער נאצישער באנדיטישער הערשאפט, האט א סוף געמאכט צו דער מחלוקת און בעלי מחלוקת צוזאמן — — —

אין דעם העברעאישן טייל פון אונדזער ספר, האבן מיר געשריבן פיל פרטים וועגן הרב ר׳ אלתר זאב. אויך דברי תורה פון אים (וואס האט מיר איינגעשיקט זיין אייניקל הרב ר׳ שלמה זלמן פרענקעל, דער וויעלאפאלער רבי אין ניו־יארק, דער זון פון הה״צ ר׳ יוסלי פון סענדישאב זצ״ל הי״ד). אויך ווערן דערמאנט די קינדער פון רב׳

הרב ר׳ אלתר זאב איז נפטר געווארן ערב פסח, תר״ץ. כדאי צו באצייכענען וואס עס ווערט דערציילט וועגן ר׳ אשר׳ל ראפשיצער, דער איידעם פון רבי נפתלי ראפשיצער: ווען דער רבי פון לובלין, ר׳ יעקב יצחק, דער „חוזה״ האט געליינט זיין נאמן אין קוויטל וואס ר׳ נפתלי האט אים געגעבן, האט ער געזאגט: „א שיין קרבן פסח׳ל״ מ׳האט פארשטאנען דעם „חוזה״ס ווערטער ערשט נאכדעם ווי ר׳ אשר׳ל איז נפטר געווארן ע ר ב  פ ס ח, תר״ה.

## הה״צ ר׳ משה יהודה לייב שפירא זצ״ל

דער זון פון ר׳ שלמה שפירא, איז געווען רב אין זיין יוגנד אין דעם שטעטל בייטש, נאכדעם ווי ער איז דארט געווען עטליכע יאר איז ער אויפגענומען געווארן אלס רב אין סאסוב. שפעטער — ווי מיר האָבן שוין דערמאנט — איז ער געקומען קיין סטריזוב. דא איז ער געווען ביז דער וועלט קריג אין יאר 1914. דאן איז ער אנטלאפן קיין ווין און דארט איז ער נפטר געווארן. זיין זון הרה״צ ר׳ נחמיה האט אים געברענגט קיין מונקאטש ווי מ׳האט אים קובר געווען נעבן זיין פאטער און ברודער זצ״ל. דער מונקאטשער רבי, ר׳ חיים אלעזר שפירא, האט אים זייער ווארעם מספיד געווען, אנהויבענדיק זיין הספד מיט די ווערטער: „ד ו מ ה ד ו ד י  ל צ ב י״ — דאס הייסט: דער פעטער, ר׳ משה לייב, איז גלייך צו זיין ברודער ר׳ צבי, דער בעל דרכי תשובה, מיט זיין צדקות און גדלות.

ר׳ משה לייב איז געווען דער איידעם פון הה״צ ר׳ ברוך גורליצער, דער זון פון בעל דברי חיים פון צאנדז. זיין פרוי, הרבנית חנה, האט אים געבוירן איין זון און פיר טעכטער. וועגן זיי — אין העברעאישן טייל פון ספר. רמ״ל איז נפטר געווארן ב׳ מרחשון תרע״ז.

דער נוסח פון זיין מצבה:

פ״נ

אדמו״ר הרב הצדיק הגדול בתורה וביראת ה׳ טהורה חריף ובקי בוצינא קדישא, חסידא ופרישא, עבד ה׳ באמת ובסיגופים רבים ולוחם מלחמת ה׳ להעמיד הדת על תלה ורבים השיב מעון. נר ישראל, ופ״ה, בנש״ק, מו״ה **משה יהודה לייב**, אבד״ש בייטש וק׳ ססוב וק׳ סטריזוב, בהרב הגאון הקדוש, מו״ה **שלמה שפירא זצ״ל**, אבד״ק פה״ק.

יצאה נשמתו בטהרה, ב׳ מרחשון, עזרת לפ״ק.

פון דער צווייטער זייט פון דער מצבה:

היה חתן הה״ג הקדוש מו״ה **ברוך** זצ״ל, אבד״ק גורליץ, בן לאותו צדיק רשכבה״ג (רבן של כל בני הגולה) מצנדז, בעל דברי חיים.

## הה״צ ר׳ קלונימוס קלמן הורביץ זצ״ל, הי״ד

ווען הרב ר׳ אלתר זאב איז נאך געווען בחיים האט ער געזאגט דערפאר אז זיין אייניקל, דער זון פון זיין זון, ר׳ חיים יהודה, הרב ר׳ קלמן, זאל זיין זיין נאכפאלגער, לאחר מאה ועשרים שנה. היות דאס א גרויסער טייל פון די בעלי־בתים זענען געווען קייגן דעם, איז ווידער געווען מחלוקת אין שטעטל, וועלכע האט זיך געצויגן אויך נאך הרב ר׳ אלתר׳לס פטירה. אַ גרויסער טייל פון די בעלי בתים האָבן געוואלט ר׳ נחמי׳ן פאר רב. ס׳זענען פארגעקומען וואלן און הרב ר׳ קלמן איז געעוועלט געוואָרן, נאר זיינע

געגנער האָבן געטענה׳ט אז די וואלן זענען נישט געווען כשר׳ע. בכל אופן: אפיציעל איז הרב ר׳ קלמן געווען אנערקענטער רב. פאקטיש האבן די אנהענגער פון הרב ר׳ נחמיה געהאלטן אים פאר מרא דאתרא. דעם אמת זאָגנדיק זענעןביידע רבנים געווען יראי השם און גאר לייטישע יידן. הרב ר׳ קלמן איז געווען אנ׳ענו ושפל רוח און אויך דער סאסאווער רב. נישט זייער שולד איז עס געווען וואס זיי האבן איבערגענומען „בירושה״ א מחלוקת...

ווען די נאצים זענען געקומען אין שטעטל איז הרב ר׳ קלמן אנטלאפן קיין מזרח גאליציה און כאטש ער האט געלעבט אין גרויס נויט און ארימקייט, האט ער אויך געטראכט צו העלפן זיינע שטאָט־מענטשן. אזוי האט ער געדענקט אויף דעם שרייבער פון די שורות. זייענדיק אין סיביר אלס פאראורטיילטער צו צוואנגס ארבעט — מיט נאָך הונדערטער יידן — האָב איך אַ טאָג פאר ערב פסח דערהאלטן פון הרב ר׳ קלמן אַ פעקל מצות, אַ קילו, און 250 גראם רוזינקעס אף פסח. פון דעם ביסל מצות האבן יידן יוצא געווען מצוות אכילת מצה, די ערשטע סדר נאכט, און פון איבריקן האב איך געלעבט גאנץ פסח „ברווח״...

הרב ר״ק איז אומגעקומען על קדוש השם הי״ד. זכותו תגן על שרידי העיירה ועל כל ישראל קדושים.

## הה״צ ר׳ נחמיה שפירא זצ״ל הי״ד

הרב ר׳ נחמיה איז געווען א מענטש מיט זעלטענע מעלות. אין דער רשימה: „ר׳ נחמיה רופט ממעמקים״: שרייבן מיר באריכות וועגן אים. דא גיבן מיר בקיצור די וויכטיקסטע פרטים. ער איז געבוירן, צו זיין פאטער ר׳ מ״ל און מוטער, חנה, די טאכטער פון ר׳ ברוך גורליצער, אין יאר תרל״ד. שוין אלס קינד איז ער געווען געלונגן און שארפזיניק. אַלט זייענדיק אכט יאָר איז ער געוואָרן דער חתן פון נחמה טילא, די טאָכטער פון ר׳ ישעיה הירץ פון דינוב, דער זון פון ר׳ דוד׳ל דינובער. ר׳ ישעיה הירץ איז אויך געווען א שוואגער פון ר׳ שלמה שפירא, דער זיידע פון ר׳ נחמיה׳ן. ר״נ איז געווען אַ גדול בתורה ויראה. האט מחבר געווען הגהות און ביאורים אף דעם ספר „תורת הרמ״ל השלם״. אַ קורצע צייט האָט ער געלערנט ביי זיין פעטער ר׳ צבי הירש, דער בעל „דרכי תשובה״, זכר כולם לברכה.

ר״נ איז געווען רב אין סאסוב ביז צום אויסברוך פון ערשטן וועלט קריג. פון דארט האט ער געפליכטעט קיין ווין צוזאמען מיט זיין משפחה. נאָך דער פטירה פון זיין פאטער, האט ער זיך באַזעצט אין סטריזוב און געווען אין שטאט ביז איר אונטערגאנג. ר״נ איז אומגעקומען צוזאמען מיט אלע סטריזובער, הי״ד.

וועגן די קינדער פון ר׳ נחמיה — אין דעם העברעאישן טייל פון ספר.

## סטריזובער דיינים

געוויס זענען געווען דיינים אין סטריזוב אין די פרי־ערדיקע דורות. אונדז זענען באוווסט נאר דריי דיינים. דער ערשטער, ר׳ **יוסף מרדכי וױנער** זצ״ל. ער איז געווען דיין אין די צייטן פון ר׳ שלמה׳לי שפירא און שפעטער אין די צייטן פון הרב ר׳ אלתר זאב הורוויץ זצ״ל. ר׳ **יוסף מרדכי** איז געווען מפורסם אלס גרויסער למדן און אַ צדיק תמים. אַ דאנק זיין איינפלוס איז ר׳ שלמה שפירא געווארן אַ חסיד ותלמיד פון רבי חיים האלבערשטאם זצ״ל, דער צאנזער צדיק. פון די קינדער פון ר׳ יוסף מרדכי זענען מיר באוווסט: ר׳ דוד ווינער, איינער פון די איידעלשטיינער פון שטעטל. ס׳ווערט וועגן אים דערציילט אין העברעאישן טייל פון ספר, דער צווייטער זון ר׳ ישכר בער, א תלמיד חכם וירא שמים. מ׳האט געזאגט וועגן אים אז ער איז א קדוש מבטן (הייליג פון דער מוטער׳ס בויך). ער האט געוווינט אין ברעזוב, זיינע טעכטער: נחמה די פרוי פון ר׳ לייבאלי שוחט, פרידמן. ברכה, די פרוי פון ר׳ יעקב׳לי שיף, איש צדיק ותמים; אלע האבן געהאט קינדער (אַ חוץ ר׳ ישכר דוב) ,וועלכע זענען כמעט אלע אומגעקומען. הי״ד. נאָך אַ טאכטער פון ר׳ יוסף מרדכי׳ן האב איך געזען אין פראנקרייך אין יאר תשי״ג. אויך איז לעבן געבליבן אַ זון פון ר׳ דוד ווינער.

דער צווייטער דיין איז געווען ר׳ **אלתר עזרא זידמן** אַ גרויסער חריף. ער איז געווען דיין אין די צייטן פון הרב ר׳ אלתר זאב. פון זיינע קינדער: ר׳ משה מאיר; חנה, די פרוי פון ר׳ וואלף דייטש — איינער פון די קלוגסטע יידן אין שטעטל; שרה, די פרוי פון אלעזר ווייס; ליבא (לימאנוב) מלכה (ריישא); טויבא; אסתר אדלער (פיל־זנא);

נאכדעם ווי ר׳ אלתר עזרא איז נפטר געווארן, איז דאס שטעטל געווען א לענגערע צייט אָן א דיין. ס׳איז שווער געווען אויסצוקלייבן אַ דיין נאך די פריערדיקע דיינים. אויסער דעם זענען אויך געווען דיינים וואס האָבן מורא געהאט אנצונעמען דעם פאסטן אין אַ שטאָט ווו ס׳איז געווען א רבנות מחלוקת... סוף כל סוף איז אויפגענומען געווארן אלס דיין רבי יעקב שפאלטער פון איליטש. ער איז געווען אַ גרויסער חריף ובקי און א בעל סמכא אין הלכות. זיין שיטה איז געווען מקיל צו זיין. און דאס האָט ארויס גערופן מחלוקת ביי געוויסע קרייזן און בעיקר איז געווען געגן דעם הרב ר׳ נחמיה שפירא.

ר׳ יעקב, זיין פרוי און זיינע קינדער, זענען אלע אומגעקומען הי״ד. בחסדי השם איז געבליבןביים לעבן זיין אייניקל אפרים דער זון פון זיין זון, און לעבט דא אין ישראל.

ס׳זענען נאָך געווען אין סטריזוב בני עליה, גרויסע לייט און למדנים, וואס זענען נישט געווען פון „כלי קודש״, אבער זיי האבן פארנומען אַ גרויס אָרט אין שטעטל. מיר שרייבן וועגן זיי אין העברעאישן טייל פון ספר.

# סטריזוב און איר´ע יידן

יצחק בערגלאס

## מיין היימשטאט

סטריזוב ביים טייך ווייסלוק, אַ קליין שטעטל אין מיטלגאליציע ביי דער באַנליניע ריישא—יאסלא. פאר פרעמדע זאגט דער נאמען ווייניק, אבער פאר אונז איבערגעבליבענע, וועלכע האבן דארט דורכגעלעבט זייער יוגנט און איבערגעלאזט טייערע: עלטערן, ברידער און שוועסטער, פרויען און קינדער, וועלכע זיינען אכזריותדיק געהרגעט געווארן, בלייבט איר זכרון אייביג. ביי אַ סך פון אונז איז ער אויך פארבונדן מיט דורות פון אבות וועלכע האבן דארט געלעבט הונדערטער יארן און פון אלץ איז קיין זכר געבליבן.

ווען די ערשטע יידן האבן זיך באזעצט אין סטריזוב ווייסן מיר ניט. אלע אלטע דאקומענטן פון דער קהילה, וועלכע האבן זיך געפונען אין קהל־שטיבל פון שול אדער אין דעם פרימיטיוון ארכיוו אויף דעם שול־בוידעם זיינען פארברענט געווארן בשעת דער גרויסער שריפה אין יאר 1895 ווען ס׳זיינען פארברענט געווארן אלע הייזער פון צפון און מערב זייט פון מארק צוזאמען מיט דער גרויסער צאל יידישע געוועלבער. דאמאלסט איז אויך פארברענט געווארן דער שינדלדאך פון שול, דער געבויטער בית־מדרש, וועלכער איז געשטאנען דערביי, און אלץ וואס איז געווען אינעווייניג. געבליבן זיינען נאר די דיקע מויערן פון בנין. מיר ווייסן נאר אז די שול שטייט בערך 400 יאר. אויף דעם אלטן בית עולם, וועלכער איז נאענט צו דער שול, זיינען געווען מצבות פון עטלעכע הונדערט יאר און אזוי זיינען אויך אלט געווען די ריזיגע דעמבעס וועלכע זיינען אודאי געפלאנצט געווארן נאך דעם ווי דער ארט איז געהייליגט געווארן אויף אַ בית קברות.

אין פוילישע קוועלן איז די שטאָט דערמאנט אלס ישוב שוין אין צענטן יארהונדערט און אין סוף פון דרייצענטן יארהונדערט האָט זי באקומען דאָס רעכט פון אַ שטאט (מאגדעבורגער רעכט). יידן ווערן אין די זעלבע קוועלן דערמאנט ערשט אין זעכצנטן יארהונדערט.

בעלי־בתים פון שטאט זיינען ביז אין די לעצטע צייט געווען פוילישע אדעליגע פון פארשידענע משפחות, אַ זון אדער איידים נאך אַ טאטן ביז צום אנהויב פון צוואנציגסטן יארהונדערט, ווען די לעצטע פון זיי, די משפחה וואלקאביצקי זיינען נור געבליבן ביי זייערע גיטער — אלס גלייכבארעכטיגטע בירגער פון שטעטל.

די שריפה אין יאר 1895 האָט פאראָרעמט אַ גרויסן טייל פון די סטריזובער יידן וועלכע זיינען ערשט אויפגעריכט געווארן ווען מ׳האָט געבויט די באַנליניע ריישע—יאסלא און סטריזוב איז געווארן אַ קרייז־הויפטמאנשאפט און דערמיט אַ אדמיניסטראטיווער און האנדלסצענטער פון די נאנטע שטעטלעך: פריסטיק, צודעץ און ניעבילעץ, 50 דערפער און אַ סך ערטער פון שכנותדיגע באצירקן. די באפעלקערונג וועלכע האָט געציילט בערך 3000 נפשות איז באשטאנען האלב פון יידן און האלב פון פאליאקן. בשעת דער רעגירונג פון פויערנפירער ווינצענטי וויטאס אין פוילן האט מען פאראייניגט מיט דער שטאט די צוויי אגרארישע פארשטעט, וועלכע זיינען ביז דאמאלס געווען אַ באזונדערע דארפסגעמיינדע, כדי צו שאפן אַ מאיאריטעט פאר די פאליאקן און פון דאמלסט אָן זיינען די יידן געווען אַ דריטל איינוווינער פון שטעטל, וועלכס האָט שוין געציילט באלד 5000.

### די פרנסות פון פאליאקן און יידן

די פאליאקן פון די פארשטעט זיינען געווען פויערן און די שטעטישע — על פי רוב באאמטער, סוחרים און בעלי מלאכה, אבער אויך זיי האבן אינטענסיוו באארבעט זייערע פעלדער און גערטנער.

די יידן זיינען געווען בעיקר סוחרים, אַ טייל בעלי מלאכה און ווייניגע פון פרייען בארוף. אַ ביסל גישעפטן זיינען געווען גרויסע און זייערע אייגנטימער — עשירים, לויטן סטריזובער מאסשטאב, צווישן זיי אויך אלטע איינגעווארצלטע פון דורות, אבער דער רוב זיינען געווען מיטעלע און קליינע געוועלבלעך. אַ גרויסער טייל יידן זיינען געווען יריד־פארער און דארפגייער. די דארפגייער זיינען כמעט יעדן טאג געגאנגען אין דאָרף אריין יעדער אין „זיינעם" — מיטגענומען אַ ביסל סחורה, און צוריקגעבראכט פון דארט דארפפראדוקטן. די יארידפארער זיינען אַ גאנצע וואך, חוץ דינסטיק און פרייטיק געפארן אויף ירידים אין די ארומיקע שטעטלעך. דינסטיק איז געווען אַ יריד אין סטריזוב, און דאמלסט זיינען געקומען קיין סטריזוב די יארידפארער פון די אַרומיקע שטעטלעך. פרייטיק איז ערב שבת און עס איז אויך געווען אַ קליינער יריד אין שטעטל.

די בעל־מלאכה׳ס האבן זיך מתעסק געווען אין „יידישע" מלאכה׳ס — לויטן גאליציאנער מנהג. ס׳זיינען געווען

שניידער, זייגערמאכער, בלעכער, קצבים, בעקער, פריזירער, א איינבינדער אַ.ד.ג. יידישע ארבייטער זיינען כמעט ניט געווען ווייל ס׳זיינען ניט געווען קיין פאבריקן חוץ איין זעגווערק וועלכע האט געהערט צו יידן אבער די ארבייטער זיינען געווען גוים. ס׳זיינען נור געווען זעלבסטשטענדיקע בעלי עגלות, עטלעכע טרעגער און וואסערטרעגער.

פון פרייע „בארופן זיינען געווען יידישע אַדוואקאטן, איינער אדער צוויי דאקטוירים, אַ צאנדאקטאר און טיילמאל אַ באאמטער. די אלע זיינען אבער געווען אריינגעפארענע, ווייל די פרומע סטריזובער יידן האבן זייערע קינדער ניט געלאזט ווייטער לערנען נאָך דעם ענדיקן די פאלקסשולע כדי זיי זאלן ניט אוועק פון פרומען ווע״ג.

אַ קליינער טייל יידן האבן זיך מפרנס געווען פון „יידישע״ פרנסות ווי: דער שטאט רב, דער סאסאווער רב, די דיינים, שוחטים, שמשים און מלמדים. די דיינים האבן על פי רוב געהאט נעבן פרנסות אין וועלכע ס׳האבן עוסק געווען זייערע פרויען. דאס זעלבע אויך די שמשים און אַ טייל פון מלמדים וועלכע זיינען געווען קליינע סוחרים, און כדי משלים צו זיין זייער קנאפע פרנסה האבן זיי געלערנט אין בית מדרש מיט עטליכע יונגע בחורים, וועלכע זיינען שוין ארויס פון חדר. אַ נעבן פרנסה איז אויך געווען פאר מאנכע שדכנות און חזנות, ווען זיי פלעגן ארויספארן אין די דערפער אלס בעלי־תפילות אין די ימים נוראים. ס׳זיינען געווען אין שטאט אויך ארעמע, וועלכע האבן ווייניק פארדינט און זיינען אונטערשטיצט געווארן פון אנדערע, אויך אזעלכע וועלכע האָבן גילעבט פון נדבות, אבער קבצנים וועלכע זיינען געגאנגען איבער די הייזער זיינען בכלל ניט געווען. דער רוב סטריזובער יידן זיינען געווען סאליד און אנשטענדיג אין מסחר און מלאכה, שווער געארבייט אויף פרנסה כדי ווי מעגלעך נישט באנקראטירן.

אין שטאט האבן געהאט פרנסה אויך פרעמדע יידן, רייזענדער, ירידפארער, סופרי־סת״ם, חזנים, דרשנים מחברים פון תורה ספרים, מוכרי ספרים, פאך — שדכנים און קבצנים פון פארשידענע מדרגות. ס׳פלעגן אויך קומען יידישע קונצמאכער, גאסנזינגער, קאטרינשציקעס א.א.וו. אפטמאל האט מען זיך דערוואוסט אז זיי זיינען יידן, נאר ווען זיי זיינען נאך זייער ארבייט געקומען אין בית מדרש זיך אנווארמען אדער כדי צו קומען צווישן יידן.

צווישן די פרעמדע יידן זיינען געווען אזעלכע וועלכע פלעגן קומען אפט אין שטאט און זיינען געווען באקאנט און איינגעלעבט ווי היימישע.

## די גייסטיקע און אדמיניסטראטיווע פירער פון דער קהילה

דאָס זיינען געווען דער שטאָט־רב, דער סאסאווער רב און איבעריקע „כלי קודש״, דער קהילה ראט מיט דעם ראש הקהל.

### דער רב

אין סטריזוב זיינען אין משך פון דורות געווען באקאנטע רבנים וועלכע האבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע ספרים און אין דער חסידישער וועלט. איינער פון זיי איז געווען דער רבי ר׳ הערש מלך שאפירא פון דינוב, דער שאפער פון דער דינובער שושלת. נאך עם איז געווען דער רב זיין זון ר׳ אלעזר, וועלכער איז געווארן לאנצוטער רב און אויף זיין ארט איז געווען רב אין סטריזוב זיין זון ר׳ שלמה׳לע. ר׳ שלמה׳לע איז געווען רב אין סטריזוב אין דער צווייטער העלפט פון נײַנצענטן יארהונדערט און איז אוועק פון שטעטל כדי צו איבערנעמען די רבנות אין מונקאץ, אַ באקאנטע יידישע שטאט אין קארפאטארוס. ווען ער איז אוועק האט ער ניט איבער געלאזט קיינעם פון זיינע זין אין שטאט און ווען ער איז שפעטער געקומען פון מונקאץ כדי מסדר זיין דם יינגערן זון ר׳ משה לייב אלס סטריזובער רב, האט ער שוין געטראפן די רבנות פארנומען פון יונגן רב ר׳ אלתר זאב הורוביץ, אַ זון פון שענדישובער רב. ר׳ שלמה׳לע איז ניט געלונגען צו באקומען די רבנות פאר זיין זון, וועלכער האט זיך טראצדעם באזעצט אין סטריזוב, און דאמלסט האט זיך אנגעהויבן אַ מחלוקת וועלכע האָט געדויערט ביז די לעצטע טעג פון דער קהילה.

ר׳ אלתר זאב, וועלכער איז געווען א אייניקל פון ראפטשיצער רבין, האָט זיך געפירט אלס רבי, מקדיש געווען אַ סך צייט צום לערנען און אַ סך כח צום דאווענען בציבור, ער האט כסדר אליין געדאוונט פארן עמוד און ארגאניזירט גוטע אונטערהאלטערס. ר׳ אלתר זאב האָט אויך זייער אבגעהיט דעם כבוד פון מרא דאתרא. חוץ דער געגנערשאפט פון ר׳ משה לייב׳ס חסידים האָט ער אויך געהאט מתנגדים, סתם בעלי ביתים. ארום דער מחלוקת צווישן די רבנים האט זיך געפירט דאס לעבן אין שטעטל בערך 50 יאר.

ר׳ אלתר זאב איז נפטר געווארן אין יאר תר״ץ און געקומען צו קבורה אין סטריזוב. אין שטאט האט מען געזאגט אז אין סטריזוב ליגט ניט קיין רב און ר׳ אלתר זאב זצ״ל איז דער ערשטער. אויף זיין קבר האט מען אויפגעשטעלט א אוהל און ווען מ׳האָט אין דער צייט פון דער מלחמה ארויסגעריסן די מצבות פון בית עלמין האט אַ קליינער הויפן ציגל פון צערשטערטן אוהל געוויזן וואו ס׳איז דער קבר פון רב.

נאך זיין פטירה איז געווארן רב זיין אייניקל ר׳ קלונימוס קלמן הורוביץ וועלכער איז געווען דער לעצטער רב אין

סטריזוב. ער איז געווען אַ שטילער, ענודיקער יונגער מאַן, פרום ווי זיין זיידע און צוגענגליך צו יעדן מענש. אין אנהויב פון זיין רבנישן וועג האט ער זיך באטייליגט אין עפנטליכע און צדקה אקציעס. נאך דעם אריינקומען פון די דייטשן אין סטריזוב איז ער אוועק אויף די רוסישע זייט און געוווינט אַ צייט אין לעמבערג. ער איז ניט פארשיקט געווארן דורך די רוסן אין יאר 1940, האט גענומען אַ סאוויע־טישן פאספארט און געווינט שפעטער צוזאמען מיט אַ סך פליטים אין ראהאטין. פון דארט האָט ער געהאלפן מיט שפייזפאקעטן סטריזובער פארשיקטע. אין ראהאטין איז ער פארבליבן ביז די דייטשן האבן פארנומען מזרח־גאליציע און איז אומגעקומען אויף קידוש השם צוזאמען מיט די 6 מיליון יידישע ברידער.

ר׳ קלמן האָט משלים געווען מיט כבוד די לאנגע קייט פון סטריזובער רבנים. זיין פאָטער ר׳ חיים יהודה הורוביץ, דער זון פון ר׳ אלתר זאב וועלכער האט אין דער לעצטער צייט געווינט אין ריישא, איז געשטארבן פון הונגער צוזאמען מיט זיין פאמיליע אין אַ בונקער וואו זיי האבן זיך אויסבאהאלטן.

## דער סאסאווער רב

דער רב ר׳ משה לייב שאפירא, גערופן דער סאסאווער רב, דער זון פון ר׳ שלמה, וועלכער איז אוועק פון סטריזוב קיין מונקאץ׳, האט צוריקגעלאזט זיין זון ר׳ נחמיה אין סאסאוו און זיך באזעצט אין סטריזוב. ס׳איז אים ניט געלונגען צו ווערן רב אין שטאט און האט געלעבט אלס רבי ווי אַ סך אַ זעלכע אין גאליציע. אונטערשטיצט האָבן אים אַ גרויסער טייל סטריזובער יידן און אַ סך אונגארישע יידן — חסידים פון זיין פאטער. נאך דער שריפה האט ער אויפגעשטעלט אַ שיין הויז מיט אַ דאוונשטוב און שפעטער אַ שיינע קלויז, וואו ס׳האבן געדאוונט אזויפיל יידן ווי אין שכנותדיקן שטעטישן בית מדרש.

ער איז געווען אַ למדן, אַ גוטער בעל תפילה און בעל־קורא, אויך ווייט באקאנט אַלס מומחה אין פראגן פון מילה. ער האט געפירט טישן אלס רבי, „שלש סעודות" אין קלויז און זיינע חסידים זיינען אים געווען שטארק איבערגעבן.

בשעת דער רוסישער אינוואזיע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אוועק מיט זיין משפחה קיין ווין. ער איז דארט נפטר געווארן און געקומען צו קבורה אין מונקאץ׳ נעבן די קברים פון זיין פאטער ר׳ שלמה׳לע און זיין ברודער ר׳ הערש. זיין פרוי, די רביצן חנה, די טאָכטער פון ר׳ ברוך האלבערשטאם פון גארליץ און אַ אייניקל פון באקאנטן סאנדזער רבין ר׳ חיים האלבערשטאם, איז צוריקגעקומען קיין סטריזוב און די נאהענטסטע מענשן האבן געפירט די טישן שבת און יום־טוב כדי אַלץ זאל זיין גרייט צום קומען פון איר זון ר׳ נחמיה.

ר׳ נחמיה׳לע וועלכן מ׳האט אויך גערופן דער סאסאווער רב, האט זיך אויפגעהאלטן עטלעכע יאר נאך דער מלחמה אין ווין, וואו ער איז געווען אַ מוהל אין שפיטעלער. צום סוף איז ער געקומען קיין סטריזוב און איבערגענומען דאס הויז און די קלויז פון זיין פאטער. אויך אים האבן אונטערשטיצט די מונקאצער חסידים אין סטריזוב, אבער זיין לאגע איז שוין געווען שווערער ווייל ס׳האט אים געפעלט די אונטערשטיצונג פון די אונגארישע יידן, וועלכע זיינען דאמאלסט שוין געווען בירגער פון 3 אנדערע לענדער: צעכאסלאוואקיע, אונגארן און רומעניע. דאגעגן האט ער געהאט די אונטערשטיצונג פון קוזין, דעם באקאנטן מונקא־צער רבין ר׳ חיים אלעזר, דעם זון פון ר׳ הערשל. ר׳ חיים אלעזר פלעגט כמעט יעדן יאר באזוכן ר׳ נחמיה׳לן אין סטריזוב, האט שבת געפירט טישן אין קלויז און דערמיט מחזק געווען זיינע פריינד.

ר׳ נחמיה איז געווען ענליך צו זיין פאטער, האט געדאוונט פארן עמוד און געלייענט, ניט קוקנדיק וואס ער האט ניט געהאט קיין שטארק קול. ער האט געהאט די פייהיגקייט זיך באפריינדן מיט מענשן און איז דורכדעם געווען באליבט ביי דעם רוב מענשן אין שטאָט, אפילו ביי זיינע געגנער וועגן רבנות. ווען ער איז געווען אין אמעריקע האָט ער משפיע געווען אויף סטריזובער יידן צום גוטן און זיי האבן געשלאסן די געשעפטן שבת און יום־טוב.

ווען ר׳ נחמיה איז געקומען פון ווין קיין סטריזוב איז ווידער שטארקער געווארן די מחלוקת, ווייל דאס איז געווען אויף דער עלטער פון ר׳ אלתר זאב און ער האט געשטרעבט אז די רבנות זאָל אריבערגיין צו זיין אייניקל ר׳ קלמן, וועלכער איז אויך צום סוף געווארן רב אין שטאט.

ר׳ נחמיה איז ניט אוועק פון סטריזוב פאר דעם אריינ־קומען פון די דייטשן. האט געווינט אין אנהויב אין פרעמדע דירות פון זיינע חסידים אבער שפעטער איז ער צוריק אריין אין זיין דירה. ער מיט זיין משפחה זיינען געווען די לעצטע וועלכע מ׳האט ארויסגעיאגט פון סטריזוב. אין ריישער געטא האָט מען זיי ניט געזען און מיר ווייסן ניט וואו זיי זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם.

חוץ די צוויי דיינים ר׳ יוסף מרדכי ווינער וועלכער האָט געלעבט ביז פאר דער ערשטער וועלט מלחמה און ר׳ אלתר עזרא זידמאן, וועלכער האט געלעבט ביז נאך דער מלחמה, האט געווינט אין שטאט אַ ייד וועלכער איז געווען אנ׳אויסנאם פון אנדערע. דאס איז געווען ר׳ יצחק אייזיק האללעס, גערופן ר׳ אייזיקל, פון דער באקאנטער משפחה אין שטאט. ער האט זיך ניט מתעסק געווען מיט שום וועלטלעכע זאכן, נאָר אין תורה און תפילה און האָט געפסקנט שאלות אזוי ווי די דיינים. די סטריזובער יידן האבן זיך צו אים באצויגן ווי צו אַ דיין און אַ הייליקן. ער איז געשטארבן יונג אין יאר עת״ר.

דער לעצטער דיין אין שטאט איז געווען ר׳ יעקב שפאלטער. די לעצטע שוחטים: ר׳ לייבל פרידמאן הכהן,

אַ אײדים פֿון דײַן ר׳ יוסף מרדכי צוזאַמען מיט זײַן זון ר׳ חיים, און ר׳ מענדל רוזן, דער זון פֿון ר׳ יוסף הערש רוזן. ר׳ מענדל און ר׳ חיים זײַנען דערצויגען געוואָרן אין סטריזוב און געלערנט אין אונזער בית מדרש. אַלע זײַנען אומגעקומען אויף קדוש השם.

## די קהילה פֿאַרוואַלטונג

די אויפֿגאַבע פֿון די ראשי הקהל איז געווען צו פֿירן אַלע ענינים פֿון דער ייִדישער קהילה. די הכנסות פֿון דער פֿאַרוואַלטונג זײַנען געווען פֿון שחיטה געלד פֿון עופֿות און בהמות, צימפּלשטײַער וועלכע איז געווען צוגע־פּאַסט צום רעגירונגסשטײַער, אבצאַל ביים שטאַרבן פֿון אַ קהילה מיטגליד לויט די פֿאַרמעגנספּאַרהעלטניסע פֿון פֿאַרשטאָרבענעם, — מ׳האָט אויך גענומען אין חשבון זײַן פֿאַרהאַלטן אין צדקה — און פֿאַרשידענע אַנדערע הכנסות.

אַלע קהילה אַנגעשטעלטע האָבן באַקומען געהאַלט. דער בית מדרש און שול האָבן זיך אַליין אויסגעהאַלטן דורך נדרים פֿון די מתפּללים און גאָר גרויסע הוצאות האָט געדעקט די קהילה פֿאַרוואַלטונג. דאָסזעלבע איז געווען ביים קהילה באָד וואו די קלײנע הוצאות זײַנען געדעקט געוואָרן פֿון אבצאַל פֿון די באַזוכער.

די דרײַ ראשי הקהל פֿון סוף דעם נײַנצענטן און אָנהויב פֿון 20 יאָרהונדערט זײַנען נאָך געווען פּראָפּינאַטאָרן נאָענטע צום פּריץ. דער ערשטער ר׳ זלמן מאַרער, דער צווייטער ר׳ יעקב קאַנער, דער שטאָט־גביר פֿון דער באַקאַנטער מיוחסדיקער משפּחה, און דער דריטער ר׳ הערש בראַוו, וועלכער איז געקומען קיין סטריזוב פֿון שטעטל טוחוב און אויסגעדונגען ר׳ יעקב קאַנער די פּראָפּינאַציע. אין דער צײַט פֿון ר׳ הערש בראַוו האָט מען אויפֿגעלייזט דאָס פּראָפּינאַציערעכט און אויך די קהילה־פֿאַרוואַלטונג האָט מען אָנגעהויבן פֿירן דעמאָקראַטישער. צוזאַמען מיט אים האָבן מיטגעאַרבעט אין דער פֿאַרוואַלטונג זײַן שותּף ר׳ אברהם קעה, מײַן פֿאָטער ר׳ ברוך בערגלאַס, ר׳ וואָלף דויטש, ר׳ משה דיאַמאַנט, ר׳ אַלתר נעכעמיע, ר׳ דוד דעמביצער און אַנדערע, און אַלס שטילער יועץ האָט געאַרבעט מיט זיי ר׳ פֿײַבל אַדעסט, וועלכער איז אָפֿיציעל געווען אַ קהילה אַנגעשטעלטער אַלס אַדמיניסטראַטיווער משגיח פֿון זײַט דער קהילה אין שטעטישן שחיטה הויז. פֿאַר דער ערשטער וועלט מלחמה איז געשטאָרבן ר׳ וואָלף דויטש און בשעת דער מלחמה ר׳ הערש בראַוו און ר׳ אברהם קעה. ראש הקהל איז געוואָרן ר׳ אברהם טענצער וועלכער האָט צוזאַמען מיט די אַלטע געבליבענע מיטגלידער פֿון דער פֿריהערדיקער פֿאַרוואַלטונג געפֿירט די קהילה אין דער שווערער איבערגאַנגסצײַט ביים פֿאַלן פֿון דער עסטרײַ־כישער מאָנאַרכיע און דעם אויפֿשטײַן פֿון נײַעם פּוילן, ווען ס׳זײַנען פֿאָרגעקומען אונרוהען און פּאָגראָמען קעגן ייִדן צוזאַמען מיט דעם בלוט־בלבול. נאָך אים פֿלעגן זיך

בייטן מיט דער שטעלע פֿון ראש הקהל ר׳ יעקב גרינבלאַט און ר׳ מיכל שיף, בײדע פֿיִהיגע און ענערגישע מענשן. ר׳ יעקב גרינבלאַט איז געווען אַ שטאַרקער געגנער פֿון רב, און ר׳ מיכל שיף — זײַן געטרײַער אָנהענגער. לויט דעם וועלכע פּאַרטײַ איז גראַד אַרויס שטאַרקער אין געראַנגל וועגן רבנות, איז אײנער פֿון די צוויי דערמאָנטע געווען ראש הקהל. דער לעצטער ראש הקהל אין סטריזוב איז געווען ר׳ העשל דיאַמאַנט, אַ יונגער מאַן פֿון דער באַקאַנטער פֿאַרצווײַגטער משפּחה אין סטריזוב און דער געגנט. ער איז געווען אַ סימפּאַטיקער פֿון ציוניזם, אַ גראַדער מענש וועלכער איז געווען נייטראַל אין מחלוקת צווישן די רבנים. דורכדעם



ר׳ אַלתר נעכעמיע
דער פּאָליטיקער שטעטישער עסקן

איז אין זײַן תּקופֿה אַלס ראש קהל ביז צום אויסברעכן פֿון דער מלחמה, קלענער געווען די שפּאַנונג אין די מחלוקת פֿון שטעטל. ער איז אַוועק פֿון סטריזוב אײדער די דײַטשן זײַנען אַרײַן אין שטאָט, שפּעטער פֿאַרשיקט געוואָרן דורך די סאָוויעטישע מאַכט און לעבט הײַנט אין אַמעריקע.

## דער גײַסטיקער כאַראַקטער און דאָס לעבן פֿון דער קהילה

די סטריזובער ייִדן זײַנען געווען אין אַלגעמײַן פֿרומע, חסידים, אָבער קײַן פֿאַנאַטיקער, אַזוי אין באַצוג צו די „פֿאָרטגעשריטענע" — על פּי רוב ציוניסטן — ווי אויך די חסידים צווישן זיך. ס׳זײַנען געווען אין שטאָט חסידים פֿון פֿאַרשידענע רביים, די שטאַרקסטע און אַמבעסטן אָרגאַ־ניזירטע זײַנען געווען די ריזינער חסידים.

אין לעבנסשטײַגער פֿון די סטריזובער ייִדן זײַנען פֿאָר־געקומען ענדערונגען אין לעצטן יאָרהונדערט, אָבער פֿרום איז די שטעטל געווען ביז צום סוף. זיי האָבן אויך געלעבט באַשײדן און שפּאָרזאַם, און דורכדעם האָבן זיי געקענט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ פֿון די גויים, די אײגענע צווישן זיך אין די שווערע פּרנסה באַדינגונגען בכלל.

## די שבתים און ימים טובים

ווי געזאגט, האבן די יידן אבגעהיט די שבתים און ימים טובים, וואָס האָט זיך שטארק אנגעזען אין שטעטל, ספעציעל דורכדעם וואס די יידן האבן געוווינט אין מארק און ארום אים. פרייטיק איז געווען אהאלבער יריד און טראָץ־דעם איז גוט קאָנטיק געווען די הכנות צו שבת ביי די יידן, און שבת איז געווען שטיל, ווייל פויערים פון דער געגנט זיינען כמעט ניט געקומען אין שטאט אריין. אויך יעדער יום־טוב האט זיך אנגעזען לויט זיין כאראקטער.

פאר פסח דאס באקן די מצות און אהיים טראגן צו די בעלי ביתים אויף אַ שטאנג אין צווייען ווי די יידישע מרגלים אין דער צייט פון משה רבנו די ווינטרויבן. די נאכט פון סדר האט מען געהערט פון יעדער שטוב דאס לייענען פון דער הגדה, און אַ גאנצע וואך האט מען געזען נאכגיין אַ שומר — על פי רוב אַ קינד — דעם גוישן וואסערטרעגער ווען ער האט געבראכט דאס וואסער פון ברונען.

ל״ג בעומר זיינען די קליינע יינגלאך ארויסגעגאנגען אין פעלד אין באגלייט פון דעם באהעלפער, יעדער מיט אַ בויגן, וועלכן מ׳האט געמאכט פון האלצשינדלען, און די גרעסערע האבן אויך געשאסן מיט שוסקאפסלען. שבועות איז געווען ענלאך צו יעדן שבת און נאר דאס גרינס מיט וועלכן ס׳זיינען געווען באפוצט די הייזער, איז געווען דער סימן פון דעם יום טוב.

תשעה באב פארנאכט צום לייענען פון דער מגילת איכה און די קינות, איז גוט קאנטיק געווען די טרויער שטימונג, און צומארגנס פארנאכט, ווען די מידע פאסטנדיקע יידן האבן צווישן מנחה און מעריב געווארט אויף דעם שולפלאץ און אין בית מדרש געסל אויף דעם סוף פון תענית.

די שטימונג פון די ימים טובים — אזוי האבן יידן גערופן די ימים נוראים מיט סוכות — האָט זיך אנגעהויבן פון ראש חודש אלול ביז נאך סוכות, און ספעציעל ביים אנהויב פון דער סליחות וואך. די נאכט פון די ערשטע סליחות איז געווען אַ באוועגונג כמעט א גאנצע נאכט. ווייל קוים האבן די ריזינער חסידים און מיט זיי סתם יידן, געענדיקט זאגן סליחות האבן שוין באלד די שמשים געוועקט די איבעריקע יידן מיטן קלאפן אין די טירן און שרייען „יידן שטייט אויף צו עבודת הבורא״. די שטימונג פון תפילות און געבן צדקה האט זיך געצויגן ביז יום כפור און תיכף נאך דעם די הכנות צו סוכות. די גרעסטע שמחה ביים מאכן די סוכה האבן געהאט די קינדער און אַ שמחה שטימונג האט געהערשט אין יעדער סוכה די ערשטע צוויי טעג, ווען כמעט אין יעדער סוכה זיינען געזעסן די מענער און יינגלעך פון עטלעכע משפחות צוזאמען, גערעדט דברי תורה און דערציילט חסידישע מעשיות, ביי געגעזנייטיקע כיבודים. פארשטערט איז געווארן די שמחה ווען ס׳האט גירעגנט, ווייל זייער ווייניג האבן געגעסן אין שטוב און מ׳האט געווארט אויף אַ הפסקה אין רעגן, מען זאל שנעל קענען עסן אין סוכה, אפילו ווען ס׳זיינען נאך געפאלן די טראפן פון סכך. שמיני עצרת איז מען שוין געווען צופרידן צו זיין צוזאמען מיט דער גאנצער משפחה אין דער ווארעמער שטוב. מ׳האט דעם טאג געמאכט שטילע הקפות, פארנאכט באגלייט דעם רב אין בית מדרש אריין מיט געזאנג, ווי די הקפות מיט טענץ האבן זיך געצויגן עטלעכע שעה. דאסזעלבע אויך בייטאג און שפעטער די קידושים, וועלכע ס׳האבן געגעבן די וועלכע האבן זוכה געווען צו חתן תורה אדער חתן בראשית.

חנוכה האט זיך ספעציעל ניט אנגעזען אין שטעטל. אין בית מדרש האבן די קינדער געמאכט אַ טומל ביים צינדן די חנוכה ליכט, און שפעטער האט יעדער געצונדן ביי זיך אין דערהיים. איין מאל איז כמעט יעדער בעל בית געגאנגען צו די חנוכה ליכט פון שטאט רב אדער סאסאווער רב, מאנכע צו ביידע און דאביי געגעבן חנוכה געלד. די קינדער האבן אויסגענוצט דעם האלבן טאג אין וועלכן זיי זיינען געווען פריי פון חדר, צום שפילן אין דריידל, און די דערוואקסענע — אין קארטן. בדרך כלל האָט מען חנוכה געפרעגלט שמאלץ אויף פסח.

מער לוסטיג איז געווען פורים. אסתר תענית האבן די פרויען אַ גאנצן טאָג געבאקן און צוגעגרייט צו פורים, און אויף מארגן פון מיטאג ביז נאכט האט מען געזען ארום גיין זאמלען געלד, כלל טוער אויף צדקה און ארעמע — פאר זיך. אַ סך פון זיי זיינען געווען פארשטעלטע. קינדער זיינען געגאנגען מיט משלוח מנות אויף טעלער צוגעדעקט מיט אַ סערוועטל, אבער אין דעם משלוח מנות איז געווען מער מתנות לאביונים ווי מנות איש לרעהו. אויך ארעמע קריסטן פלעגן קומען פורים צו יידן נעמען נדבות ווייל דער ייד האט בכלל געגעבן יעדן, ווער ס׳האט נאר אויסגעשטרעקט די האנד.

## דאס משפחה לעבן

דאס משפחה לעבן ביי די יידן איז בדרך כלל געווען גוט, טראצדעם וואס ביז צו דער לעצטער צייט האט מען זיך משדך געווען דורך שדכנים און אפשר גאר דורכדעם, ווייל פאר דעם אבשליסן דעם שידוך האָט מען זיך גוט אינפארמירט אויף דעם מיידל און בחור, זייערע עלטערן, נאנטע און אפילו ווייטערע קרובים. דאס לעבן איז אויך געווען באשיידן, אפילו פארמעגליכע האבן ׳ניט פארשווענדעט. יעדער ייד האט געשפארט אויף נדן פאר די קינדער און כדי צו קענען אויסהאלטן אין אַ שלעכטע צייט, וועלכע זאל ניט — אבער קען קומען. אַ גרויסע הוצאה איז געווען ביי אַ יידן דאס חתונה מאכן אַ טאכטער ווייל די עלטערן האבן חוץ דעם נדן אויך געטראגן אלע הוצאות. ביי ארעמע משפחות און פון מיטלשטאנד האבן די מיידלעך געארבייט כדי צו פארדינען דעם נדן, אדער זיי האָבן עמיגרירט.

## די עמיגראציע

די עמיגראציע פון סטריזוב האט אנגעהויבן נאך אין סוף פון 19 יארהונדערט, בעיקר אין צוויי לענדער: די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע און דייטשלאנד. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן שוין יונגע אנגעהויבן עולה זיין קיין ארץ ישראל און סטריזובער האבן זיך באזעצט אין אבערשלעזיען. די עמיגראנטן זיינען געווען בכלל יונגע מענשן, וועלכע האבן ניט געהאט קיין באשעפטיגונג אין דערהיים, אדער אזעלכע וועלכע האבן געזוכט אַ נייען וועג אין לעבן. ס׳האבן אויך עמיגרירט עלטערן פון שווערסיטואירטע משפחות, און ווען זיי האבן אין דער פרעמד אפגעשפארט אַ ביסל געלד פלעגן זיי אהיים קומען און פארבעסערן די לאגע פון דער משפחה, אדער זיי האבן זיי אריבער געבראכט צו זיך, אין דער פרעמד. יעדער עמיגראנט איז געשטאנען אין ענגער פארבינדונג מיט די קרובים אין שטעטל, פלעגט זיי באזוכן און אונטער׳שטיצן. סטריזובער עמיגראנטן האבן זיך געהאלטן נאענט אויך אין דער פרעמד און אפטמאל זיך משדך געווען צווישן זיך.

געשטארקט האט זיך די עמיגראציע בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַ סך פון די וועלכע זיינען אנטלאפן פאר די רוסן זיינען ניט מער צריקגעקומען קיין סטריזוב און האבן זיך באזעצט אין די לענדער פון דער עסטרייכישער מאנארכיע אדער אין דייטשלאנד. גרויס איז אויך געווען די עמיגראציע נאך דער מלחמה, ספעציעל פון יונגע וועלכע זיינען צוריקגעקומען פון מיליטער און האבן ניט געזען פאר זיך קיין צוקונפט אין דער היים.

די סטריזובער רבנים, זייערע משפחות און אויך אנדערע יידן האבן אַ סך מאל געפונען הילף ביי סטריזובער אין פארשידענע לענדער, און אין די לעצטע יארן פלעגט דער פארבאנד פון סטריזובער אין אמעריקע רעגלמעסיג שיקן געלד פאר ארעמע, בעיקר אויף פסח און פאר געוויסע צדקה אנשטאלטן. די פארבינדונג מיט די וועלכע האבן געוווינט אין אבערשלעזיע איז געווען שטארק ווייל ס׳איז געווען איין לאנד.

## די בתי תפילה

די בתי תפילה אין שטאט זיינען געווען: די שטעטישע שול, דער שטעטישער בית מדרש, דאס דאוונשטיבל פון סאסאווער רב און שפעטער זיין קלויז, דאס דאוונשטיבל פון שטאט־רב און צולעצט דאס פאראיינשטיבל פון „מזרחי״.

די שול איז געווען אַן אַלטער בנין פון בערך 400 יאר מיט זייער דיקע מויערן. זי איז געשטאנען אין צפון זייט פון מארק מיט אַ שיינעם פלאץ אין פראנט, בשעת די קאטוילישע קירכע איז געשטאנען אין אַ זייטנגאס. דער ארייננגאנג אין פלוש איז געווען דורך אַ קליינע טיר אין דער דרומדיקער פראנטוואנט. צום סוף פון נייצענטן יארהונדערט האט מען אויסגעהאקט נעבן איר נאך אַ צווייטע טיר אויפן ארט פון אַ קליין פענסטערל וועלכער איז דארט געווען. דער פלוש איז געווען געוועלבט און דער באלטן איז געווען געשטיצט אויף אַ שטארקן זייל מיט פארטיפעניש אויף ליכט. אין דער רעכטער זייט פון פלוש זיינען געווען אין דער וואנט פארשידענע אייזערנע מכשירים, וועלכע מ׳האט באנוצט אין פריהערדיקע צייטן. דער ארייננגאנג אין הויפטזאל פון דער שול איז געווען פון פלוש דורך אַ ברייט טויער און ביי דער רעכטער זייט פון ארייננגאנג איז געווען אין דעם מויער מיט אַ קופערנעם טירל די צדקה פושקע. פון פלוש צום הויפטזאל איז מען ארופגעגאנגען מיט עטלעכע טרעפן. וועגן די סיבה דערצו זיינען דאָ צוויי דעות איינע, כדי מקיים צו זיין „ממעמקים קראתיך ד׳״, די צווייטע, דורך דער גזירה פון די גויים אז די יידישע שול זאל חלילה ניט זיין העכער פון זייער קירכע. אויך דער הויפטזאל איז געווען געוועלבט, איינגעטיילט אין 9 טיילן וועלכע האבן זיך געשטיצט אויף די דיקע ווענט און 4 שטארקע זיילן, וועלכע זיינען געשטאנען אין דער מיט און צווישן וועלכע ס׳איז געשטאנען דער באלעמער מיט אַ ארויפגאנג פון עטלעכע טרעפן. אויך צום ארון קודש וולכער איז געווען אין דער וואנט איז מען ארויפגעגאנגען מיט טרעפן. די מעבלירונג פון שול צוזאמען מיטן ארון קודש איז געווען פשוט פון דער לעצטער צייט ווייל בשעת דער גרויסער שריפה אין יאר 1895 זיינען פארברענט געווארן אלע האלצטיילן פון בנין צוזאמען מיטן שינדלדאך און אויך דער הילצערנער בנין פון בית המדרש וועלכער איז געשטאנען ביי דער אויסערער וואנט פון שול. דעם בית מדרש האט מען ניט מער אויפגעבויט. די שיינע מאלערייען פון 18 יארהונדערט זיינען געווארן צוגעדעקט מיט סאז׳ע און ס׳זיינען געבליבן פון די מאלעריי נאר אַ פיש (סימבאל פון „לויתן״) און די תפילות און קאפיטלעך תהלים וועלכע זיינען געווען אין די מוער־איינטיפענישן אונטער די פענסטער. די יידן איז דאמלסט געלונגען ארויס צוראטעווען די ספרי תורה און די גרויסע מעשענע מנורה וועלכע ס׳האָט ארויסגענומען פון דער ברענענדיקער שול, דער שטארקסטער ייד אין שטעטל אלימלך קארן, דער יונגער בעקערגעהילף פון ר׳ אהרן קאנער. נאך דער שריפה האָט מען אויסגעקאלכט די שול און אין די דרייסיגער יארן פון דעם יארהונדערט האבען זי שיין אויסגעמאלט, ר׳ שמואל גארפונקל פון פשעמישל צוזאמען מיט זיין זון ר׳ אהרן פון סטריזוב, דער איידים פון ר׳ לייב שטערנבערג. פון יעדן באלטן האט געהאנגען, ווי אין אלע בתי תפילה, מעשענע הייגגלייכטער און ביי דער דרום־וואנט איז געשטאנען די גרויסע מנורה מיט 8 רערן אין וועלכער מ׳האט געצונדן ליכט יעדן שבת. ביי דער רעכטער זייט פון ארייננגאנג, אין אַ פארטיפעניש פון דעם מויער איז געשטאנען דער נר תמיד, אַ פארקאפטשעט לעמפעל, וועלכן דער שמש האט אנגעצונדן יעדן טאג. פון פלוש איז מען גלייך ארייגעגאנגען אין „קהל־שטיבל״ וועלכע איז אויך

געווען געוועלבט. דאס קהל־שטיבל האט געדינט פאר פארשידענע צוועקן. אלס דאווען און לערן־שטיבל פון משניות אין גרופן מיט אַ פארזאגער — ס'איז געווען דארט אַ ארון קודש —. ס'האט אויך געדינט אלס משרד פון דער קהל־פארוואלטונג און טיילמאל האט מען דערלויבט אַ מלמד האלטן דארטן זיין חדר.

ביי דעם מערב־מויער אין דרויסן איז געווען דער ארויפגאנג מיט טרעפן צו דער ווייבערשול, וועלכע איז געווען איבער דעם פלוש און קהל־שטיבל. פון דער ווייבער־שול האבן געפירט טרעפן אין דעם דיקן מויער צום שול־בוידים וועלכער איז געווען פול מיט „שמות" און אפשר אלטע שריפטן וועלכע זיינען איבערגעבליבן פון פאר דער שריפה, אבער קיינער האָט זיי ניט געלייענט.

נאָך דער שריפה האָט מען די שול גיעדעקט מיט אַ נייעם דאך פון פארצינקטע בלעך, און אין דער צייט פון ראש הקהל ר' הערש בראוו, האט מען רעמאנטירט דעם בנין אין וועלכן ס'האבן זיך באוויזן שפאלטן אין די דיקע ווענט.

אין דער שול האבן געדאוונט על פי רוב פשוטע תהלים־יידן ווייל תלמידי חכמים און חסידים האבן מורא געהאט זיי זאלן ניט נכשל ווערן מיט דברי חול אין מקום קדוש. אויך האט מען דארט ניט געקענט לערנען ווייל ס'זיינען ניט געווען קיין ספרים. זומער האט מען געדאוונט אַ גאנצע וואך און ווינטער —נאר שבת. יעדן זומער שבת פאר מנחה האט מען אויך געזאגט גאנץ תהלים. דער מונקאצ'ער רב ר' שלמה שאפירא און נאך אים דער רב ר' אלתר זאב הורוביץ האבן געדאוונט ימים נוראים אין שול, ס'קען זיין אז פאר זיי — אלע סטריזובער רבנים. אויך די אפיציעלע תפילות — דעם קייזערס נאמענסטאג ביי עסטרייך, דעם דריטן מאי ביי פוילן א.א.וו. — האָט מען געהאלטן אין דער שול. רוב חופות האָט מען געשטעלט אויפן שולפלאץ, און חתן—כלה האט מען אהין געפירט דורך דעם מארק מיט מוזיק און געזאנג.

אַ לאנגע צייט איז געווען „שול־רב" ר' לייבלה שטערנבערג, אַ ייד אַ בן תורה, אַ גוטער בעל תפילה און בעל קורא. ווי דעם שטאָט רב האָבן אים די מתפללים פון שול געפירט שמחת תורה צו די הקפות פון מעריב מיט געזאנג איבער דעם מארק ביז אין שול אריין.

אין משך פון דורות זיינען אין שול געווען פארשידענע גבאים. סתם גבאים און גבאים ממש; גוטע, איבער־געבענע פאר זייער אויפגאבע און די האבן טאקע איבער־געלאזט אַ רושם פון זייער תקופה גבאות אויף יארן. צווישן די לעצטע קען מען רעכענען ר' אברהם מינץ, אין סוף פון 19 יארהונדערט — אין דער תקופה פון זיין גבאות האט מען געמאכט די גרויסע מנורה וועגן וועלכער איך האב שוין דערמאנט —, ר' פייבל דיאמאנט אין אנהויב פון דעם איצטיקען יארהונדערט, וועלכער האָט זיין גאנצע פרייע צייט אבגעגעבן דער ארבייט פאר דער שול, און ר' משה העניג מיט ר' יהודה גרובער אין די דרייסיגער יארן. אין דער צייט פון זייער גבאות האבן די גארפונקעלס אויסגעמאלן די שול.

דעם בית מדרש האט מען אויפגעמויערט אין דער צייט פון רב ר' שלמה'לה שאפירא. ס'איז געווען אַ פשוטער בנין וועלכער האט אבגעשלאסן אַ שמאל געסל דאס „בית מדרש־געסל". פון אַ קליין פארצימער, אין וועלכן ס'איז געווען אַ פלאץ אויף „שמות" איז מען אַריינגעגאנגען אין בית מדרש, אַ גרויסע שטוב אין וועלכער דער שולחן, די ביינק און טישן זיינען געווען פשוטע, און נאר דער ארון קודש איז געווען אַ שיינער פון דעמבאווע האלץ. די גאנצע מערב וואנט, ביז צום גרויסן אויוון, וועלכער איז געשטאנען נאנט צו דער טיר, איז געווען פול מיט ספרים. די צפון פענסטער גלייך ווי פון דער שול זיינען ארויסגעגאנגען אויף אַ שמאלע גאס וועלכע האט אבגע־טיילט די בנינים, פון אלטן בית הקברות. דעם בית מדרש און שול האט מען באלויכטן אין דער וואכן מיט ליכט אין אַ טייל הענגלייכטער און איין גרויסן נאפטבליצלאמפ. שבת און יום־טוב זיינען די הענגלייכטער געווען פול מיט ליכט און ס'האבן געברענט אלע בליצלאמפן. אין דרויסן ביי דער מערב־וואנד זיינען געווען טרעפ צו דער עזרת נשים און אונטער די טרעפ דער ארייגאנג צו דער עזרת נשים פון פארטער.

אין בית מדרש האבן געדאוונט יידן פון אלע שיכטן ובראשם דער שטאט־רב. אין אונזערע צייטן, ווען דער שטאט רב האט געדאוונט ימים נוראים אין שול האט דארט געדאוונט דער סאסאווער רב ר' משה לייב, איידער ער האט אויפגעבויט זיין קלויז, שפעטער ר' לייבל שטערנבערג און נאָך זיין טויט, ר' הערש געלאַנדער וועלכער האָט דאָרט געדאוונט ימים נוראים ביז צו דער לעצטער צייט צוזאמען מיטן לעצטן רב ר' קלמן הורוביץ וועלכער האט אויך ימים נוראים געדאוונט אין בית מדרש.

אין בית מדרש און שול זיינען ניט געווען קיין באצאלטע חזנים. יעדן שבת האט געדאוונט איינער פון די מתפללים, אין שול על פי רוב ר' לייבלה שטערנבערג. אין משך פון יארן איז געווען דער בעל קורא אין בית מדרש ר' מאיר הערש ברודער, וועלכער איז אויך געווען אַ עסקן פון דער חברה קדישא און האָט פון צייט צו צייט געפירט אַ שעור משניות אין בית מדרש און אין קהל־שטיבל.

אין בית מדרש האט מען אנגעהויבן די תפילות גאנץ פרי און האבן זיך געצויגן אַ מנין נאך אַ מנין ביז צום רב'ס מנין אין די מיטאג שעה'ן. אויך לומדים זיינען געווען פון דער פרי, זומער ביז מנחה און ווינטער ביז עטלעכע שעה נאך מעריב דארונטער שטענדיגע שעורים פון משניות לערנער.

די שול איז געווען דער הייליקער און רעפרעזענטא־טיווער בנין פון דער קהילה, אבער די יידן פון שטעטל זיינען געווען צוגעבונדן צום בית מדרש וואו זיי האבן

געדאווענט, געלערנט און זיך געטראָפן פאַר און נאָך דעם דאַווענען.

אויך אין בית מדרש זיינען געווען פאַרשידענע גבאים, שלעכטע און גוטע בעלי ביתים. על פי רוב האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג אויסגעקליבן גבאים לויט איר רבנים פּאָליטיק.

די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט געדעקט די גרויסע הוצאות פון שול און בית מדרש, די לויפנדע הוצאות האָט מען געדעקט פון נדרים שבת און יום־טוב און נדבות ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן.

די קלויז פון די סאַסאָווער רבנים ר׳ משה לייב און זיין זון ר׳ נחמיה, איז געשטאַנען אין זעלבן בית מדרש געסל נאָענט צום בית מדרש. זי איז געווען אַ פּריוואַט־אייגנטום פון די סאַסאָווער רבנים, אָבער אין אַלע גייסטיגע ענינים גלייך צום בית מדרש. פאַר דעם בויען די קלויז האָט ר׳ משה לייב געהאַט אַ דאַווענשטיבל אין זיין הויז. אין אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט האָט אים דער קהל־ראַט געשיינקט אַ שטיקל פון בית מדרש פּלאַץ, וועלכער האָט געגרענעצט מיט זיין הויף און דערמיט איז אים דערמעגלעכט געוואָרן צו בויען די קלויז. ר׳ משה לייב שאַפּיראָ איז געווען אַ פאַכמאַן און גוטער בעל בית. אין בויען די קלויז האָט ער אַריינגעלייגט אַ סך כח און אַלץ איז געמאַכט געוואָרן לויט זיין פּלאַן. ס׳איז געווען אַ הויכער בנין, אינעווייניק מיט אַ גאַלעריע פון דריי זייטן — חוץ דער מזרח וואַנט — פאַר אַ עזרת נשים, אין וועלכע מ׳איז אַריין געגאַנגען מיט טרעפּ פון זיין הויז. אויך דאָ איז געווען די איינריכטונג איינפאַך חוץ דעם שיינעם ארון קודש און צוויי עמודים, איינער פאַר דעם בעל תפילה צו דער רעכטער זייט, און איינער פאַר דעם רב צו דער לינקער זייט פון ארון קודש. אויך אין קלויז זיינען געווען אַ סך ספרים, און בכלל זיינען ביידע בתי תפילה געווען ווי איינס. אין דער וואָכן זיינען יידן געגאַנגען פון איינעם צום צווייטן צו אַ מנין און לערנען. די גרויסע ביבליאָטעקן אין ביידע בתי תפילה האָבן געפירט על פי רוב דערוואַקסענע בית־מדרש בחורים אונטערן נאָמען „חברה לקנין ולתיקון ספרים״.

די „שטעט״ (זיצפּלעצער), אין די שטעטישע בתי־תפילה זיינען געווען אַ פּריוואַטאייגנטום, וואָס פלעגט איבער גיין בירושה און פאַרקויפט ווערן ווי יעדע פּריוואַטזאַך. פאַר שטעט ביי דער מזרח־וואַנט און אין עזרת נשים ביי די פענסטערלעך, פלעגט מען באַקומען ביים פאַרקויפן אַ טייערן פּרייז. די קלויז פּלעצער האָט מען נאָר פאַרדונגען.

אַ מנין מיט אַ ספר תורה איז געווען אין לערנשטוב פון שטאָט־רב וואו ער האָט געדאַווענט מיט נאָענטע מענשן, בעיקר בית מדרש בחורים, מנחה און מעריב אין די וואָכנטעג.

אין די לעצטע יאָרן האָט דער „מזרחי״ אָרגאַניזירט אַ שבת מנין אין זיין אָרגאַניזאַציאָנס־לאָקאַל, וועלכער איז אויך געווען אין בית מדרש געסל. חוץ דעם זיינען אויך געווען ספרי תורה ביי פּריוואַטמענטשן און מ׳האָט דאָרט געדאַווענט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן.

אין ענגן בית מדרש געסל איז געווען די אַטמאָספערע פון בית מדרש און אַ באַוועגונג פון יידן וועלכע זיינען געגאַנגען לערנען און דאַווענען. אויך דער איינציגער איינבינדער אין שטעטל ר׳ זלמן ברוינער, וואָס יעדער ייד האָט אים געדאַרפט האָט געהאַט זיין וואַרקשטאַט אין זיין דירה אין דעם געסל.

## די שטעטישע באָד

דאָס איז געווען די קהילה באָד מיט די מקוות טהרה וועלכע האָט שוין עקסיסטירט הונדערטער יאָרן צייט די ערשטע יידן האָבן זיך באַזעצט אין שטעטל. אין דער צייט ווען ראש הקהל איז געווען ר׳ הערש בראַוו האָט מען עס אויפגעפרישט און מאָדערניזירט אַז עס איז ניט צוריק געשטאַנען פון בעדער אין גרעסערע שטעט ווי סטריזוב.

## די בתי קברות

אין שטאָט זיינען געווען 4 בתי עלמין. דער אַלטער, וועלכער האָט כמעט געגרענעצט מיט דער שול און בית־מדרש, נאָענט צו אים דער צווייטער און צוזאַמען מיט אים דער דריטער. דער פערטער, וואו מ׳האָט קובר געווען ביז צו די לעצטע טעג פון דער קהילה, איז געווען אויסערן שטאָט אויף דעם ז׳אַרנאָווער באַרג. חוץ די 4 איז נאָך געווען ניט ווייט פון לעצטן אַ בשותּפותדיקער בית קברות פאַר יידן און קריסטן, וועלכן מ׳האָט גערופן דער „חולירע באַרג״ אָדער „קוץ׳עלובקע״ ווייל ער איז געווען אין פעלד פון פויער קוץ׳עלאַ. דאָרט האָט מען באַגראָבן אין בשותּפותדיקע קברים אין יאָר 1860 ווען ס׳האָט געהערשט אין שטאָט די חולירע. מ׳האָט געזאָגט אַז אויך דער שולפּלאַץ איז אַמאָל געווען אַ בית קברות, אָבער קיינער פון די לעבעדיקע האָט דאָס ניט געדיינקט. די ערטער זיינען געווען איינגעטיילט באַזונדער פאַר מענער, פרויען און קינדער פון יעדן געשלעכט. תלמידי חכמים און פרומע יידן האָט מען געלייגט אויף בכבודיקע ערטער, בעלי עבירות אין דער זייט, און זעלבסטמערדער אויף פאַרוואָרפענע ערטער. אויף דעם אַלטן בית עולם, וואו ס׳האָבן געוואַקסן די גרויסע הונדערטיאָריקע דעמבעס האָט מען אויף ווייניג מצבות געקענט לייענען די נעמען פון די נפטרים. אויף דעם צווייטן און דריטן האָט מען געוואוסט פון די קברים פון בכבודיקע מענטשן און מאַנכע קרובים פון זייערע משפּחה נפטרים. אויף דעם לעצטן בית הקברות האָט מען געוואוסט פון אַלע, ווייל ער איז געהייליקט געוואָרן ערשט אין דער צייט פון ר׳ שלמה׳לה.

דער אַלטער בית הקברות איז אַמאָל געווען אַרומגעגרענעצט מיט אַ ערד־אויפשיט, וועלכע איז נאָך געבליבן אויף דער צפון זייט. לעצטנס זיינען אַלע בתי קברות געווען אַרומגעצוימט מיט ציגל און בעטאָנפּאַרקאַנס.

## צדקה און אירע אינסטיטוציעס

ווי אין דאס רוב יידישע קהילות אין גלות האט מען אויך אין סטריזוב מקיים געווען בשלמות די מצוה פון צדקה ביי היימישע און פרעמדע וועלכע פלעגן קומען זאמלען פאר זיך און אנדערע. אין שטעטל האָט מען יעדן געקענט, איז ניט געווען קיין פאל מ'זאל לאזן אַ נויטבאדערפטיקן אן הילף. באקאנטע ארעמע לייט פלעגן באקומען שטענדיקע הילף פון פארשידענע זייטן זיי זאלן קענען זיך אויסלעבן, פאר באהאלטענע, וועלכע האָבן זיך געשעמט אויסצושטרעקן די האנד, האט זיך געטראפן אַ שכן אדער באקאנטער, וועלכער האט געוואוסט זייער שווערע לאגע, און האט פאר זיי ארגא־ניזירט הילף, איינמאליקע אדער אויף אַ לענגערע צייט. אין נייטיקע פאלן האָט מען אויך ארגאניזירט גרעסערע אקציעס, אַ סך מאל מיט דער באטייליגונג פון חשובע בעלי בתים, ביי גאר נייטיקע אויך פון רב, אבער די זאמלער האבן אלע מאל דערגרייכט זייער ציל.

ס'זיינען אויך געווען מענשן מיט אַ שווערע האנד צום געבן אבער אבגעזאגט האט כמעט קיינער. מאנכע פון זיי האבן זיך „ספעציאליזירט" אין איין ארט פון געבן, גמילות חסדים און פון זאמלען, ניט נאכלאזנדיק אנדערע פארמען פון צדקה. צ. ב.

ר' ישראל גערטנער האט געפירט אַ פריוואטע גמילות חסדים קאסע מיט דער פינקטליכקייט פון אַ באנק, געבארגט יעדן וועלכער האט זיך גענויטיקט אין אַ הלואה, און געטאן דאס אפילו בשעת דער גרעסטער באוועגונג אין זיין געשעפט. מיין פאטער — ר' ברוך — האט חוץ געבן צדקה איינגעפירט ביי זיך אז יעדער ארעמער מענש וועלכער קומט אין שטאט אריין קען עסן ביי עם, און אַ שבת אן אַ אורח — אַ בכבודיקן אדער פשוטן — האט ביי אים כמעט ניט געטראפן. ריז'י ראזענבליט די בעקערין, וועלכע איז געווען אַ שם דבר אין שטעטל מיט איר צדקה טעטיקייט. זי האט שווער געארבעט כדי צו העלפן איר מאן ר' אלעזר אין דער פרנסה פון דער פאמיליע און דערביי טאג און נאכט, בשעת דער ארבייט און נאכדעם עוסק געווען אין צדקה, געגעבן און געזאמלט ביי אנדערע. זי האט תמיד געטראכט פון אלע ארעמע און זיי זיינען אלע געווען ביי איר בני בית. זי האט זיך אויך געפרייט ווען אנדערע, און ספעציעל יונגע זיינען עוסק אין צדקה. הינא ריכל אונגער די אשת חיל האט חוץ זאמלען געלד זיך ספעציאליזירט אין הילף פאר ארעסטירטע. ווען די פאליציי האט טיילמאל ארעס־טירט אַ אָורחא פורחא, האט זי תיכף געזארגט אז ווער פון די חשובע בעלי בתים זאל אים ארויסנעמען פון ארעסט. אז אַ ייד פון דער געגענד איז געזעסן אַ קורצע צייט אין קליינעם געריכטס ארעסט פון סטריזוב האט זי פארזארגט מ'זאל אים אריינברענגען כשר עסן פון ארטיקע יידן. ר' ישעיהו מאנדל איז תמיד גרייט געווען צו פארלאזן דעם געשעפט און גיין וועגן צדקה. ער איז געווען אַ „באנקער" פון צדקה קלאפעריי, ווייל ווען מ'האט געדארפט נייטיג געלד פאר ווערמען און ס'איז גראדע ניט מעגלאך געווען צו זאמלען האט ער קודם כל געגעבן זיין געלד — ער איז ניט געווען קיין עשיר — און שפעטער דאס געזאמלט. (דאס אויס־לייגן געלד אויף צדקה איז בכלל געווען אַ מנהג אין שטעטל און אַ סך מענשן האָבן דאָס געטאָן). ר' לייבלה פרידמאן דער שוחט האט אין זיין קליינע דירה געהאט אַ ספעציעלע בעט פאר ארעמע און בפרט פאר אָזעלכע וועלכע האבן ניט געקענט שלאפן אויף דער הארטער באנק אין בית מדרש אדער אין „לינת אורחים".

איך גיב נאר אן עטלעכע ביישפילן — וועגן אנדערע בעלי צדקה שרייבט ווייטער אליעזר גרובער — וועלכע ווייזן אויף דעם כלל. עס איז ניט מעגלעך צו שרייבן וועגן אלע און מיר געדיינקען ניט אלע, ווייל רוב פריוואטע צדקה עסקנות און ספעציעל פון פרויען איז געמאכט געווארן בסוד. זייער ווייניק מענשן האבן זיך אבגעזאגט פון געבן און טאן אין צדקה.

סטריזוב איז געווען אַ קליין שטעטל אבער חוץ דער צדקה ארבייט פון יחידים זיינען געווען צדקה אינסטי־טוציעס און ארגאניזירטע כלל־אקציעס, שטענדיקע און איינ־מאליקע ביי ספעציעלע געלעגנהייטן.

די באקאנטע אקציע פון „קמחה דפסחא" האט מען יעדן יאר דורכגעפירט מיטן באטייליקונג פון רב און קהל פארוואלטונג. אין די לעצטע יארן פלעגט דער סטריזובער פארבאנד אין די פאראייניקטע שטאטן צו שיקן געלד פאר פסח, טיילמאל צו אַ גרופע שטעטישע עסקנים, וועלכע האבן עס פארטיילט פאר ניט באמיטלטע, אויך פאר אזעלכע וועלכע האבן זיך געשעמט צו נעמן געלד פון קמחא דפסחא און טיילמאל האבן זיי געשיקט דירעקט צו די ארעמע לויט אנווייזונג פון סטריזוב, אויסגעצייכנט דערביי האט זיך דער סעקרעטאר פון פארבאנד אין ניו־יארק ר' שמואל מוסלער ז"ל און ר' הערש אונגער ז"ל, וועלכער איז נאך דעם שטארבן פון שמואל מוסלער, געווען סעקרעטאר פון פאר־באנד ביז זיין לעצטן טאג.

## צדקה אינסטיטוציעס

יעדער יידישער קינד איז מחויב צו לערנען, ווייניג־סטנס ביז אַ געוויסע מדרגה. דער שכר לימוד איז אבער געווען אפריוואט זאך. פאר די ארעמע און ווייניג באמיטלטע האט געצאלט די חברה „תלמוד תורה" אין גאנצען אדער אַ טייל. די הכנסות פון דער חברה זיינען געווען פון אַ שטאבילע באשטייערונג און נדבות אין די טעג ווען יידן פלעגן ספעציעל געבן צדקה: שבת און יום טוב ביי די עליות לתורה, נאך סליחות, ערב יום כפור, און אויף אלע שמחות בעיקר חתונות. דעם ארעמאן האָט מען קיינמאל ניט פארגעסן.

אַ ענלעכע צדקה ווי תלמוד תורה איז געווען דאָס

באשפייזן די קינדער פון ניט באמיטלטע דארפסלייט, וועלכע האבן געלערנט אין שטאט. מ׳האט זיי איינגעטיילט צו עסן ביי בעלי ביתים, יעדן טאָג ביי אנ׳אנדערן און דורכדעם איז באקאנט דער אויסדרוק „עסן טעג".

נאך דער ערשטער וועלט מלחמה האט מען יעדן ווינטער ארגאניזירט אַ ווינטערהילף. עטלעכע עסקנים האָבן געזאמלט גרעסערע סכומים וועלכע מ׳האט פארטיילט פאר ארעמע אויף האלץ און בגדים.

אין די דרייסיגער יארן האט מען געגרינדעט אַ גמילות־חסד קאסע וועלכע האט געגעבן הלוואות נויטבאדערפטיגע אן פראצענט. דער מוסד האט זיך שיין אנטוויקלט און געארבייט אונטער דער פירונג פון ד״ר חיים פרענקל ביז צו דער מלחמה.

דער הילפסקאמיטעט פאר די פליטים פון דייטשלאנד האָט געארבעט ביז דער לעצטער מינוט. ווען די היטלערמאכט האט פון דארט ארויסגעיאגט די פוילישע יידן, זיינען אַ טייל געבליבן אין לאגערן — בעיקר זבונשין — אויף דער דייטש־פוילישער גרעניץ, און דער גרעסטער טייל זיינען זיך צופארן אין זייערע היימשטעט, אויך קיין סטריזוב. דאמלסט האט זיך געגרינדעט אנ׳אלגימיינער יידישער הילפסקאמיטעט פאר די פליטים אין פוילן און ארטקאמיטעטן אין אַ סך שטעט, צווישן זיי אויך סטריזוב. דער סטריזובער קאמיטעט, אין וועלכן ס׳האבן זיך באטייליקט דער רב, דער ראש הקהל און עסקנים פון פארשידענע קרייזן, אונטער דער לייטונג פון א ציוניסטישן עסקן, האט זיך געגרינדעט נאך אַ פארזאמלונג אין בית מדרש און די רעדעס פון אביגדור דיאמאנט, ד״ר חיים פרענקל און דעם יונגן שלמה דיאמאנט (היינט יהלומי אין ישראל). דער קאמיטעט האט פון אנהויב געזאמלט אַ גרויסן סכום מיט שטאבילע שפעטערע חודש באשטייערונג האָט בייגעשטייערט דעם אלגעמיינעם לאנדקאמיטעט און אונטערשטיצט די מיטללאזע פליטים וועלכע האבן זיך צייטווייליג באזעצט אין סטריזוב און די וועלכע זיינען געבליבן אין די זאמללאגערן. דער קאמיטעט האָט ענערגיש געארבעט ביז די לעצטע מינוט פון מלחמה אויסברוך.

ס׳זיינען אין שטעטל געווען אַ חברה „ביקור חולים" „חברה קדישא". איןביידע האבן זיך אויך באטייליקט פרויען. די חברים און חברות פון ביקור חולים האבן געהאלפן ניט באמיטלטע פאמיליעס וואו ס׳איז געווען אַ קראנקער, זיצן ביים קראנקן ביי טאג און ביי נאכט, כדי לייכטער צו מאכן דער פאמיליע. די חברה קדישא, וועלכע איז באשטאנען פון פרייוויליקע, האט באקומען אין פאל פון אַ נפטר, א געוויסן פראגרעסיוון אבצאל. נאך דעם דעקן די קבורה הוצאות אין זייער ביישטייערן צום האלטן די בתי קברות, האבן זיי דאס געבליבענע געלד פארוועגדעט אויף פארשידענע צדקה צוועקן.

צדקה אינסטיטוציעס זיינען אויך געווען די 2 חברות משניות „שנות חיים", געפירט פון חסידים פון שטאט רב ר׳ אלתר זאב, און „זכרון טוב" פון סאסאווער חסידים. דער צוועק פון די חברות איז געווען צו לערנען משניות נאך אַ נפטר, אַ חבר פון דער חברה, אין פארלויף פון יאר און שפעטער אין די יארצייט ביז משיח וועט קומען. לערנערס וועלכע זיינען געווארן חברים אין דער יוגענד האבן אלס איינשרייבגעלד געצאלט ווייניק, ווייל זיי האבן פאר דער חברה געארבעט זייער גאנץ לעבן, אבער די וועלכע האבן ניט געקענט לערנען און איינגעשריבן זיך אויף דער עלטער, האבן געמוזט באצאלן אַ סך געלד ביים איינשרייבן און שפעטער אַ קליינעם סכום, ווען ס׳איז געקומען זייער רייה צו לערנען און אנדערע האבן דאס געמאכט. די חברות האבן געהאט געלד, וועלכע מ׳האָט פארטיילט יעדן יאר אויף דער אלגעמיינער פארזאמלונג ביים שטאט רב, אדער אין קלויז ביים סאסאווער רב, חול המועד פסח ביי אַ גלעזל ווייז און אָבגעקאָכטע אייער. אין ערשטער רייה האָבן דערפון גענאָסן די רבנים מיט זייערע פאמיליעס און אַ טייל געלד האט מען פארטיילט אויף צדקה.

אַ צדקה אינסטיטוציע איז אויך געווען דאס הויז פון „תלמוד תורה" און „לינת הצדק". ר׳ משה דיאמאנט, פון דער פארצווייגטער פאמיליע אין סטריזוב און אומגעגנט האט אין זיין צוואה פארשריבן צו פארטיילן דורך דער סטריזובער קהל פארוואלטונג יעדן ווינטער פאר ארעמע אין סטריזוב, האָלץ פון זיין וואַלד אין רוזינקער גוט. ווען זיינע יורשים האבן געוואלט פארקויפן דעם גוט פריי פון חובות און פארפליכטונגען, האבן זיי געגעבן אַ גרעסערן סכום דער קהילה פארוואלטונג, וועלכע האט באפרייט דאס גוט און פארפליכטעט זיך צו געבן יעדן יאר דאס זעלבע האלץ פאר ארעמע. פאר דעם געלד וואס די קהל־פארוואלטונג האט באקומען פון דער פאמיליע דיאמאנט האט זי געקויפט אַ פלאץ אין דרום־געסל נעבן מארק און דארט אויפגעשטעלט אַ איינשטאָקיק הויז מיט סוטערענען צו דער זייט פון ווּיסלוק. אין דעם הויז האט מען געזאלט פארדינגען שיינע, ליכטיגע שטובן אויף חדרים פאר די מלמדים, כדי די יידישע קינדער זאלן קענען לערנען אין בעסערע באדינגונגען ווי אין די חדרים אין די פריוואטע דירות פון די מלמדים. די סוטערענען האט ר׳ אברהם טענצער אויסגעריכטעט אויף אַ לינת אורחים פאר פרעמדע ארעמע אורחים, צום זכר פון זיינע צוויי יונג פארשטארבענע זין ר׳ יצחק און ר׳ שמואל, און איך מיט מיינע שוועסטערן נחמה און היה שרה האבן, אלס דעם אנגענומענעם אבצאל נאך דער פטירה פון אונזער פאטער ר׳ ברוך אויסגעריכטעט לע״ע 2 שטובן פאר די תלמוד תורה, די יידישע קינדער האבן אבער פון דעם ניט גענאָסן. ווייל ס׳האָט אויסגעבראכן די מלחמה.

אויך פרעמדע יידן „אורחים" און צדקה טוערס פון אַנדערע שטעט האט מען געהאלפן. פאר די אורחים האט מען ארגאניזירט אַ קאסע וועלכע האט געהייסן „אבפארטיג־געלד" כדי זיי זאלן קענען נעמען געלד ביים קאסירער, ניט ארומגיין בעטן נדבות אין שטעטל און קענען גיין אדער

פאַרן ווייטער, פון דעם אבפּאַרטיגגעלד האט מען אבער אויך געגעבן געלד פאַר מיוחסים („שיינע יידן“), איז פאַר דעם פּשוטן „אורח“ געבליבן זייער ווייניג און ער האט געמוזט חוץ דעם ארומגיין אין שטאָט זאמלען נדבות. דאָס איז ווידער געווען אַבאַלעסטיגונג פאַר ניט רייכע וועלכע האבן געמוזט געבן 2 מאל. דורכדעם האט דאס אבפּאַרטיגגעלד זיך כסדר אויפגעלייזט און פריש ארגאניזירט.

„שיינע יידן“, „אייניקלעך“, „יורדים“ (חשובע בעלי בתים וועלכע זיינען פאַראָרעמט געוואָרן) אדער ווייניק באמיטלטע וועלכע זיינען אמאל ארויס איבער דער מדינה כדי צו קלייבן געלד חתונה צו מאכן אַ טאכטער, אדער היילן אַ קראַנקן אין דער משפחה א.ד.ג., האבן תמיד געפונען אַ שטעטישן וועלכער האט פאַר זיי געזאמלט דאס געלד, אדער ער איז מיט זיי מיטגעגאנגען, און מיט זיין הילף האבן זיי באקומען אַ שענערע נדבה. אַ סך מאל האט מען געזאמלט געלד אין בית מדרש ביי מנחה־מעריב ווייל דאַמלסט זיינען כמעט אלע מענער דאָרט געווען.

יעדן „אורח“ וועלכער איז געקומען אין שטאט אריין האָט מען געגעבן עסן, און שבת איז ניט געווען קיין פאַל אַ ייד זאל בלייבן אין בית מדרש און מ׳זאל אים ניט אַהיימנעמען צום טיש. חשובע אורחים האבן די בית מדרש בחורים פריהער איינגעטיילט אויף שבת צו עסן און שלאָפן פּריוואַט, ניט אין „לינת אורחים“ אדער אין בית מדרש. ווען ס׳פלעגן קומען קאַראַוואַנען וועגאלאַך מיט אָרעמע אויף שבת אדער צו נעכטיגן, האבן זיי אריינגעשטעלט די וועגענער און פערד אין די הויפן און שטאַלן פון בעלי עגלות און פערד סוחרים — פון ר׳ פישל גאלדבערג דעם עושר ביז ר׳ רפאל בער (פוליק) דעם אָרעמאַן — ביי דער גיעלעגנהייט האבן זיי מקיים געווען די מצווה פון צדקה און הכנסת אורחים — און די „אורחים“ האבן געטאָן זייער „אַרבעט“ ביז שבת אדער ביז צום ארויספאָרן פון שטעטל.

## די יידישע ערציהונג

ביז אין די אנדערע העלפט פון נייַנצעגטן יאָרהונדערט האָט מען די יידישע קינדער אין סטריזוב געגעבן נאָר אַ יידישע טראַדיציאָנעלע ערציהונג. ווען אַ ייִנגל איז אַלט געוואָרן 3 יאר האט מען אים אבגעשאָרן און איבערגעלאָזט די פּאות, מ׳האָט אים אנגעטאָן אַ לייבצודעקל“ (ארבע כנפות) מיט ציציות און געפירט אין חדר צום דרדקי־מלמד. צוערשט האָט ער געלערנט אלף בית, אַ ביסל שפּעטער מיט נקודות, און בערך ביי 4 ביז $4\frac{1}{2}$ יאר האט ער אנגעהויבן לערנען חומש אין דער פרשה „ויקרא“ ביז שני און אין דער צווייטער וואָך האט ער שוין געלערנט מיט אלע אין דער פּרשה פון דער וואָך. שבת נאָך אנהויבן חומש האט מען געמאכט אַ באַשיידענע שמחה ביי די עלטערן און דאס קינד האט געזאגט אַ קליינע דרשה. בערך אין דער זעלבער צייט האט ער אויך אנגעהויבן לערנען שרייבן יידיש.

כמעט יעדער דרדקי־מלמד וועלכער האט געהאט אַ סך תלמידים, קליינע קינדער, האט געהאלטן אַ באַהעלפער, וועלכן מ׳האָט בקיצור גערופן „בעלפער“ ער האָט אים געהאָלפן לערנען מיט די קינדער, אפטמאל זיי אהיימגעפירט נאכן לערנען, געמאכט זיי בויגנס און געפירט אין פעלד אריין ל״ג בעומר געמאכט פענער אויף שמחת תורה, געלערנט די קשיות אויף פסח, מיט די גרעסערע איז ער געגאנגען לייענען „קריאת שמע“ אין הויז וואו ס׳איז געבוירן געוואָרן אַ ייִנגל, ביז צום ברית. א.א.ו.

בערך ביי 6 יאר איז דער ייִנגל שוין אריבער צו אַ גרעסערן מלמד וואו ער האט אנגעהויבן לערנען גמרא פון אנהויב על פי רוב „בבא מציעא“ און ווייטער געלערנט חומש און שרייבן. אזוי איז דער ייִנגל געגאנגען — חוץ די וועלכע האָבן אויפגעהערט צו לערנען — פון אַ מלמד צו אַ מלמד און אַ סך פון זיי האבן נאכדעם ווייטער געלערנט אין בית מדרש, העלפנדיק דערביי די עלטערן אין דערהיים, און געלערנט אויך די לאנדסשפּראַך. די בית מדרש בחורים פלעגן טיילמאל לערנען צוזאמען אונטער דער פירונג פון די פייִהיגערע.

קיין אפיציעלע לערנפּראָגראַם איז ניט געווען אין חדר. יעדער מלמד האט געלערנט לויט זיין סיסטעם און דאָך איז געווען אַ געוויסע שיטה: חומש מיט רש״י, גמרא מיט רש״י, מעביר זיין די סדרה אויף שבת, זומער — פרקי אבות, די מגילות פאַר יעדן יום טוב, פורים און תשעה באב, ביי גרעסערע מלמדים „תוספות“, פוסקים, נ״ך, מדרש און שרייבן לשון קודש, אלץ לויטן טעם פון מלמד און פּייִהיקייטן פון די תלמידים. דער מלמד פלעגט נוהג זיין צו באזוכן שבת די עלטערן פון די יונגע תלמידים און דאָרט זיי פאַרהערן אין אנוועזנהייט פון די עלטערן. די גרעסערע האט ער געלערנט לייגן תפילין. די שיטה פון חינוך איז געווען לויטן חאראַקטער פון מלמד. מאנכע עלטערן האבן פאַרגעצויגן אַ שטרייַנגן, און מאנכע אַ מילדן, מאַנכע מלמדים האבן געלייגט געוויכט צו לערנען גמרא און פוסקים, און אנדערע האבן אויך געלערנט אין נ״ך נביאים ראשונים און מדרש, וואס האט געווירקט אויף די כאַנטאַזיע פון די קינדער.

קיין פאכפאַרבערייטונג האבן די מלמדים ניט געהאט, ווייל ס׳איז ניט געווען קיין מלמדים סעמינאַר, און חוץ דעם האט קיין יונגער מאַן געשטרעבט צו ווערן ׳אַ מלמד. ווען ער האט ניט געהאט קיין געלד אדער פייִהיקייטן צו עפענען אַ געשעפט אדער ער איז דערביי דורכגעפאַלן, זיינען די וועלכע האבן מער ווייניק געקענט לערנען — געוואָרן מלמדים, אַ סך מאָל זיינען די באַהעלפערס געוואָרן מלמדים. דער פאַך און די מדרגה זיינען געגאנגען אויף אַ נאַטירלאַכן וועג לויט די פייִהיקייטן און קענטניס פון מלמד, און לויט דעם זיינען די תלמידים געגאנגען פון חדר צו חדר. די העכסטע מלמדים זיינען געווען סוחרים, תלמידי חכמים וועלכע האבן ניט געהאט קיין פולע פרנסה אין

געשעפט און האבן צו פארדינט לערנענדיק אין בית מדרש מיט עטלעכע בחורים, וועלכע זיינען שוין דורכגעגאנגען אלע חדרים.

דער חדר איז געווען אין דער פריוואט־דירה פון מלמד, און מאנכע פון זיי האבן געהאט אַ דערלויבניש פון דער מאכט צו פירן אַ חדר מיט א באשריינקונג פון דער צאל תלמידים, ס׳פלעגט אויך טרעפן פון צייט צו צייט אַ קאנטראלע פון דער מאכט, האט תמיד ווער מודיע געווען די מלמדים, די „טריפענע״ האבן דאן צולאזט דעם חדר און די „כשרע״ האבן איבערגעלאזט אזויפיל תלמידים וויפיל מ׳האט זיי געהאט דערלויבט.

דעם מלמד׳ס ווייב, די „רביצן״ (דעם מלמד האט מען גערופן „רבי״) האט געהאלפן פירן דעם „חדר״ און ספעציעל די ווייב פון דרדקי מלמד וועלכע האט געהאלפן אכטגעבן אויף די קליינע קינדער.

די „אגודה״ אין סטריזוב האט זיך באמיט צו מאדערניזירן אַ ביסל דעם חדר. אכטצוגעבן אויף די מלמדים, צו פארהערן די תלמידים און געבן זיי צייגנישן זי האָט דאָס אבער ניט אויסגעפירט כסדר און ס׳איז געבליבן ביים אלטן ביז צולעצט.

געצאלט האט מען די מלמדים אין ראטן פאר א „זמן״ ד.אַ. אַ האלב יאר, פון נאָך פסח ביז סוכות און נאָך סוכות ביז פסח. די ימים טובים זיינען געווען די איינציקע וואקאציע טעג. לויט דער שטופירונג פון די מלמדים האָט מען זיי אויך געצאלט, און חוץ דעם האבן די עלטערן געשיקט צו יום־טוב „רגל געלד״ און „משלוח מנות״ אזויווי צום רב און אלע „כלי קודש״. געלערנט האט מען זומער פון דער פרי ביז פארנאכט און ווינטער אויך ביינאכט. דערפאר האט דער מלמד באקומען אַ קליינעם אבצאל פאר נעפט.

אַ שווערע פראגע איז געווען דאס יידיש לערנען פון די מיידלעך. מיט הונדערט יאר צוריק האבן זייער ווייניג פרויען געקענט לייענען און שרייבן. די קענערינס פלעגן פארלעגען ביים דאווגען אין בית מדרש אדער שול פאר די, וועלכע האָבן ניט געקענט. צום סוף פון פאריגן יארהונדערט האבן שוין דער רוב פרויען געקענט לייענען אין סידור, טייטשחומש און „צאינה וראינה״. אזוי ווי ס׳זיינען ניט געווען קיין ספעציעלע חדרים פאר מיידלעך, און זייער ווייניג עלטערן האבן זיך געקענט ערלויבן האלטן אַ פריוואטן מלמד, זיינען די מיידלעך געגאנגען אין דרדקי חדר צוזאמען מיט יינגלעך ביז זיי האבן זיך אויסגעלערנט לייענען און אנדערע אויך שרייבן „עברי״ און פייהיגע האבן אפילו אנגעהויבן חומש. אין שפעטערע צייטן זיינען שוין געווען פריוואטלערער — ווי מיינע חברים זאנוול גרינבלאט און הערצקה וועבער — און שפעטער האָבן שוין מיידלעך געלערנט העברעאיש אויף פארשידענע קורסן און אין די יוגנד־ארגאניזאציעס.

אויך דאס שפעטערע לערנען פון יידישע רעליגיאן אין דער פוילישער שטאטסשול האט ניט קיין סך געהאלפן צו קענטניס פון יידישקייט ביי מיידלעך ווייל דער לערנפראגראם איז געווען אַ שוואכער און נאר אין פוילישער שפראך.

אין די דרייסיגער יארן האָט די „אגודת ישראל״ אין סטריזוב געעפנט אַ „בית יעקב״ שולע וועלכע האָט געקענט לייזן די פראגע פון יידישער דערציהונג ופן די מיידלעך. די שול האט געהאט אַ סך שילערינס און אַ גוטע לערערין, פרל. וואסערמאן. די שולע איז אבער אין עטלעכע יאר ארום געשלאסן געווארן,

די לעצטע פראבע צו לייזן די פראגע פון יידישע ערציהונג פון די מיידלעך, נאכדעם ווי ס׳איז געשלאסן געווארן די „בית יעקב״ שולע, איז געווען דאס עפענען פון אַ העברעאישן קינדערגארטן דורך דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין סטריזוב. דער קינדערגארטן וועלכער איז געווען קאמבינירט מיט העברעאישע קורסן פאר עלטערע קינדער, איז געפירט געווען דורך אַ לערערין פון „יבנה״ שול ארגאניזאציע פרל. שולמאן, און האט עקסעסטירט ביז צו דעם אויסברוך פון דער מלחמה.

## די אלגעמיינע (נישט יידישע) ערציהונג

ביז אין די שפעטערע יארן פון פארגאנגענעם יארהונדערט האָבן די סטריזובער יידן ניט געשיקט זייערע זין און ווייניגע זייערע טעכטער אין די אלגעמיינע פוילישע שולע. דאָס קענען פון די צוויי לאנדשפראכן, די פוילישע און די דייטשע, האט מען געלערנט אלס אוטודידאקט אין דערהיים און טיילמאָל ביי אַ פריוואטלערער וועלכער האט די שפראכן אויף דעם זעלבן אופן געלערנט. טראָצדעם האָבן אַ סך סטריזובער יידן פון אַלטן דור באזיצט אלגעמיינע קענטניסן, און איך שרייב דא וועגן עטלעכע אינטערעסאנטע טיפּן.

ר׳ זלמן זעגנער, דער שוואגער פון דיין ר׳ אלתר עזרא, וועלכער האָט זיך שפעטער באזעצט אלס פריוואטלערער אין דיקלא האט ארויסגעגעבן לערנביכער פאר חשבון און מאטעמאטיק וועלכע זיינען געווען פאַרשפרייט צווישן די גאליציאנער יידן. ר׳ הערש מארער וועלכער האָט אַ סך יארן געפירט דעם יידישן מעטריקאל־אמט אין סטריזוב — אין עסטרייך און שפעטער אין פוילן איז דער מעטריקאל־אמט געווען אַ פריוואטע קאנצעסיע. דעם קריסטליכן האט געפירט דער גלח און דעם יידישן אַ ייד, וועלכער האט געקענט די לאנדשפראך, ווייל רוב רבנים אין גאליציען, רבי׳שע אייניקלעך האבן נאר געקענט לערנען —. ר׳ הערש איז אין דער יוגנד געווען אַ פריוואט לערער, אַ פאסט באאמטער און שפעטער אין זיינע אלע יארן אַ שטייער באאמטער, ניט שטאבילר ווייל אלס פרומר ייד האָט ער ניט געקענט ארבעטן שבת און יום טוב. ר׳ אלתר נעכעמיע, איינער פון

די אנגעזעהענסטע בעלי ביתים אין שטאָט, אַ איידים אין דער גרויסער משפחה דיאמאנט, וועלכער איז אין משך פון יארן געווען אַ מיטגליד אין שטאט און קהילה ראט, אויך וויצעבירגערמייסטער מטעם די יידן, איז געווען אַ ייד אַ קענער וועלכער האט אין משך פון יארן געפירט די קאנצליי פון אַ אדוואקאט, טראצדעם וואס ער האט קיינמאל ניט געלערנט אין קיין שולע. ר׳ יעקב גרינבלאט מיטן צונאמען יעקל „שרייבער״ האט אויך ניט געלערנט אין קיין שולע און טראָצדעם האָט ער געקענט געזעצן ווי אַ אדוואקאט, געשריבן אמטס־דאקומענטן (פון דעם האט ער באקומען דעם צונאמען), געווען קהילה און שטאָט געמיינדע סעקרעטאר און שפעטער אויך געפירט זעלבסטשטענדיק אַ באנק.

אין די לעצטע יארן פון נײַנצענטן יארהונדערט האבן שוין ווייניקע אנגעהויבן שיקן זייערע קינדער אין די אלגעמיינע פוילישע שולע און שפעטער האבן שוין כמעט אלע יידישע קינדער אין שטעטל געלערנט יידישע ידיעות אין חדר און בית מדרש, און אלגעמיינע אין דער פוילישער מלוכה שולע און דערביי א סך געלערנט אין דערהיים זעלבס־שטענדיק, ביי פריוואט־לערער און די העברעאישע שפראך אויף פארשידענע קורסן אין די ציוניסטישע יוגנד־ארגאני־זאציעס. די יידישע יינגלעך האבן געלערנט אין דער פוילישער שולע אין פאות און אנגעטאָן אין קאפאלעך און ניט געלערנט שבת און יום טוב. די שעה׳ן פון לערנען אין חדר האט מען צוגעפאסט צו די פרייע שעה׳ן פון דער פוילישער שולע און די קינדער האָבן שווער געארבעט לערנ־ענדיק פון פרי ביז ביינאכט, ווייל די יסודעסדיקע יידישע ידיעות האָבן די יידישע יינגלעך ביז די לעצטע צייט באקומען אין חדר.

אין סטריזוב איז געווען אַ פוילישע שטעטישע גימנאזיע, אין וועלכער ס׳האבן אויך געלערנט יידישע תלמידים אבער כמעט נור פרעמדע, ווייל פון די סטריזובער יידן האבן נאר ווייניקע געשיקט זייערע קינדער אין גימנאזיע, און בפרט אז מ׳האט געמוזט שרייבן שבת.

סטריזובער בית מדרש בחורים האבן אויך געלערנט אין העברעאישע לערער סעמינארס און שפעטער זיינען זיי געווען לערער אין העברעאישע שולען אין דער וועלט.

## פארטייען

צווישן דער יידישער באפעלקערונג אין סטריזוב זיינען בס״ה געווען צוויי פארטייען, די „אגודת ישראל״ און די ציוניסטישע ארגאניזאַציע מיט אירע אלע גרופי־רונגען. וועגן דער לעצטער שרייב איך ווייטער.

די אגודה האט ארגאניזירט אין סטריזוב ר׳ נפתלי חיים האלבערשטאם, אַ אייניקל פון באקאנטן סאנדז׳ער רבין וועלכער האט חתונה געהאט מיטן רבס טאכטער. זיינע אקטיווע מיטארבייטער זיינען געווען מיין שוואגער ר׳ יעקב יצחק בערנשטיין, ר׳ יואל גליקמאן און נאך אנדערע בעלי ביתים, יונגע בית מדרש בחורים מיט שלמה דיאמאנט בראש, און דער אקטיווער טוער ביז צו דער לעצטער מינוט איז געווען דער סעקרעטאר פון דער אגודה, דער יונגער משה שווארצמאן, אַ ברודער זון פון ר׳ שלום שווארצמאן. די אגודה איז געווען טעטיג ביי יידישער ערציהונג, האט געפרובט איינצופירן אַ סדר אין די חדרים, צו ארגאניזירן אַ מיידלעך ארגאניזאציע „בנות אגודה״, האט געפירט אין משך פון עטלעכע יאר די מיידל שול „בית יעקב״ און נאך אנדערע. זי האט אבער ניט געהאט קיין התמדה ביי דער ארבעט. זי האט אנגעהויבן פארשידענע נוצלעכע זאכן, געפירט אַ באשטימטע צייט און אויפגעהערט. די סיבות ווייס איך ניט. ס׳האבן אפשר געפעלט די פאסנדע אקטיווע טוער, אדער דאָס וואס ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ מעלה — אז דער רוב סטריזובער יידן זיינען געווען פרומע — איז פאר דער אגודה אלס פאַרטיי געווען אַ חסרון, מ׳האָט ניט געדארפט איבערצייגן די יידן פאר יידישקייט און אַ ארגאניזאציע האט זיי ניט געפעלט. אויך איז אין סטריזוב ניט געווען קיין פלאץ פאר אַ קאמפף מיט די ציוניסטן, ווייל דער רוב ציוניסטן האבן זיך געפירט אין אלץ בנוגע יידישקייט און טראדיציע גלייך ווי אלע יידן.

כמעט ביי אלע וואלן צו די פוילישע געזעצגעבערישע אינסטיטוציעס זיינען די ציוניסטן מיט דער אגודה געגאנגען צוזאמען, און ביי די שטעטישע יידישע און אלגעמיינע פראגן האָט אויפגעהערט די ראלע פון פארטייען. ציוניסטן און חברים פון דער אגודה האבן זיך באטייליקט אין יעדן ארטיגן פאליטישן קאמף ביי דער זייט פוןביידע פארטייען.

אין אנהויב פון צוואַנציגסטן יארהונדערט זיינען אלע סטריזובער יידן געווען אייניק אין זייער געגנערשאפט קעגן ארטיגן גלח יאבלצינסקי, וועלכער האָט אפילו טיילמאל אונטערשטיצט יידישע ארעמע לייט, אבער אלס אנהייגער פון אנטיסעמיטישן גלח סטויאלובסקי האט ער פיינט געהאט דעם כלל ישראל, און בשעת די אונרוען קעגן יידן אין יאר 1898 האט ער שטארק אונטערשטיצט די פאגראמשציקעס און שפעטער האט ער אקטיוו מיטגעארבעט מיט דער בויקאט באוועגונג וועלכע האט געשטרעבט ארויסצונעמען פון יידישע הענט דעם האנדל מיט אלע פרנסות. די יידן מיט זייערע עסקנים בראש, ר׳ וואלף דויטש, מיין טאטע ר׳ ברוך בערגלאַס, ר׳ משה דיאמאנט, ר׳ אלתר נעכעמיע און אנדערע האבן אונטערשטיצט זיינע קריסטליכע געגנער און אַדאנק זייער צאל־דאמלסט זיינען זיי נאך געווען 50% פון דער שטעטישער באפעלקערונג — אחדות און פאליטישע רייפקייט האבן זיי געהאלפן זיינע פוילישע געגנער אים צו באזייטיקן פון דער פירערשאפט אין שטעטל. אויך שפעטער האבן די יידן אונטערשטיצט אזעלכע פוילישע כלל טוער, ביי וועלכע זיי זיינען זיכער געווען אז זיי וועלן ניט באעולען די יידן, און טיילמאל האבן זיי גענומען ביי די פוילישע קאנדידאטן שריפטלעכע פארפליכטונגען, אז זיי וועלן האנדלען קעגן זיי

מיט יושר. אין די דרייסיקער יארן בשעת דעם קאמף וועגן דער שטאטלייטונג צווישן דעם שטעטישן גלת קוויעציינסקי מיט זיין קאנדידאט קוניעצקובסקי און דעם דאָקטאָר יוסף פּאטרין, זיינען די יידן געווען געטיילט איןביידע פּארטייען. צום סוף האבן זיי צוזאמען מיט די ציוניסטן אלס ארגאני־זאציע געהאלפן ד״ר פאטרין באזיגן זיינע געגנער און ווערן נאכאמאל בירגערמייסטער שוין זיין גאנץ לעבן.

ד״ר 'פאטרין איז געווען אַ אינטערעסאנטע געשטאלט אין שטעטל. ער איז געשטאנען בראש פון א גרויסער, רייכער קריסטלכער משפחה, וועגן וועלכער מ׳האָט געזאָגט, אז זי שטאמט פון אַ שוועדישן זעלנער וועלכער איז געבליבן אין סטריזוב נאך דער מלחמה פון די שוועדן מיטן קעניג יאן קאזימיר. די מענשן פון דער גאנצער משפחה זיינען געווען פרומע קאטאליקן, נאר ער איז כמעט קיינמאל ניט געגאנגען אין קירכע אריין, ער איז געווען שטארק איבער־געבן זיינע פארטיי־מענשן און פריינט, און שארף קעגן גיינע געגנער, גלייך יידן און פאליאקן. ס׳איז ביי עם ניט געווען קיין שפור פון אנטיסעמיטיזם, האט געטאן טובות יידן בפרט אלס בירגערמייסטער. ווען ער האט מספיד געווען זיין פריינט ר׳ יוסף דיאמאנט, וועלכער איז יונג געשטארבן, האָט ער זיך אויסגעדריקט: „איך בין שוין אלט, הלואי וואלט איך געווען געגאנגען שטאט אים״, לויט זיין ביישפיל האט זיין גאנצע, רייכע משפחה געהאנדלט מיט יידן און אפילו געפירט מיט זיי שותפות־געשעפטן. די יידן האבן זייער געטרויערט אויף זיין טויט, זיך באַטייליקט אין זיין לוויה — אַ ניט געוויינלאכע זאך אין די פארהעלטניסן צווישן יידן און קריסטן — און אלע האבן פארשלאסן די געשעפטן ווען די לוויה איז דורכגעגאנגען די שטאט.

אויך נאך זיין טויט האבן יידן זיך באטייליקט אין דער שטעטישער פאליטיק ביי דער זייט פון פוילישע פאליטישע טוערס ווען ס׳איז ניט געווען קיין ספעציעל יידישע פראגע.

## די ציוניסטישע באוועגונג

דער ציוניסטישער רעיון און די באַוועגונג, וועלכע האבן שוין געהאט ארומגענומען די גאנצע יידישע וועלט, זיינען געקומען אויך קיין סטריזוב. דער רעיון פון חיבת ציון איז געווען נאך פריהער אנגענומען ביי איינצעלנע, זיי האבן זיך אבער ניט ארגאניזירט.

דער ערשטער ציוניסט אין שטעטל נאך ביי הערצל׳ס לעבן איז געווען משה מאיר זידמאן, דער זון פון דיין ר׳ אלתר עזרא. ער איז געווען אַ איבערגעגעבענער ציוניסט, זיין עלטסטן זון האט ער נאך הערצל׳ס טויט גיגעבן דעם נאמען בנימין זאב, ער האָט אבער אין שטאָט ניט געשאפן קיין ארגאניזאציע. נאך אים האט געפירט ציוניסטישע קליינ־ארבייט שלום פלוימענהאפט, אבער אויך ער האט ניט ארגאניזירט די יוגנט.

און דער צייט האָט געוווינט אין שטאָט אַ באגייסטערטער חובב ציון ר׳ שמחה פיינגאלד, וועלכער האט זיך באזעצט אין שטעטל אלס האלצבאאמטער. זיין שטוב איז געווען אַ ציוניסטישע און פון איר איז ארויסגעגאנגען די ציוניס־טישע ארגאניזאציע אין סטריזוב. ער האָט שפעטער עמיג־רירט מיט זיין משפחה קיין אמעריקע, דארט מיטגעארבעט אין יידישע צייטונגען, און צום סוף פון זיינע יארן האט ער זוכה געווען עולה צו זיין קיין ארץ ישראל, וואו ער האָט געלעבט ביז זיינע לעצטע טעג. אויספירליך וועגן אים און זיין לעבנסוועג שרייבט אין העברעאישן טייל פון דעם ספר זיין אייניקל בן־עמי פיינגאלד.

אין יאר 1907 פארן עמיגרירן פון דער משפחה פיינגאלד, האט זיין עלטערער זון משה, אַ בחור פון 20 יאר, צוזאמענגערופן 5 יונגע בחורים, מרדכי בראוו, יואל גרינ־בלאט, לייב דיאמאנט, הערש אלעזר שטערנבערג או יצחק טענצער, האָט פאר זיי פארגעטראָגן וועגן דער ציוניסטישער באוועגונג און די 5 ארגאניזירט אלס ערשטן ציוניסטישן לאקאלקאמיטעט. אלס פארזיצנדן האבן זיי געוויילט מרדכי (מאקס) בראוו, דעם זון פון ראש הקהל, דעם איינציקן וועלכער האט אויך געהאט אלגעמיינע בילדונג, בשעת די אנדערע זיינען געווען בית מדרש בחורים. אלס קרן קימת רעפערענט האבן זיי געוויילט יצחק טענצער, וועלכער האט די ארבעט פון קרן קימת אין שטאט געפירט ביז נאך דער ערשטער וועלטמלחמה, ווען דער ערשטער לאקאל־קאמיטעט האָט זיך אויפגעלייזט ווייל דער רוב פון זיי האט פארלאזט די שטעטל און אנדערע יונגעלייט זיינען געקומען אויף זייער ארט. כדי צו פארשאפן כבוד דער יונגער ארגאניזאציע און לאקאלקאמיטעט האבן זיי געוועלט אלס ערנפארזיצנדן ר׳ הערש פעפער, אַ משכיל פון מושצ׳יסקא, וועלכער האט זיך באזעצט אין סטריזוב און געפירט די איינציקע דרוקעריי אין שטאט.

דער רוב עלטערן זיינען געווען געגן דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אויס מורא אז זייערע קינדער וועלן אוועקגיין פון פרומען וועג, אבער קיין ארגאניזירטע געגנערשאפט איז ניט גוועזן. אויך אין דער שפעטערער צייט זיינען זעלטן פארגעקומען סכסוכים צווישן די פרומע יידן פון שטאט און די ציוניסטן, וועלכע האבן מיט זייער יידישן לעבענסשטייגער אויך ניט געגעבן קיין סיבה דערצו.

די ערשטע ארבעט פון קאמיטעט איז געווען דאס גרינדן פון דער ביבליאטעק „יידישע לעזעהאלע״, וועלכע האָט ביז צום סוף געדינט אלס צענטראלער פונקט פון דער ציוניסטישער ארבעט אין שטעטל. זיי האבן אויך אנגעהויבן די נארמאלע ציוניסטישע ארבעט, זאמלען געלד פאר קרן־קימת, פארשפרייטן דעם שקל א.א.וו. די יונגע בחורים האָבן זיך ווייניק אריענטירט אין די ציוניסטישע גרופירונגען, זיי האבן געהערט צו דער סתם ציוניסטישער ארגאניזאציע, וועלכע איז געווען די שטארקסטע אין גאליציע, טראצדעם וואָס זיי האבן צוערשט פארקויפט „מזרחי״ שקלים. צו דער

פרישער ארגאניזאציע זיינען באלד צוגעשטאנען גאנץ יונגע בית מדרש בחורים, פאר וועלכע די נייע העברעאישע ליטע־ראטור און ספרים פון יידישער וויסנשאפט אין העברעאישער און פרעמדער — בעיקר דייטשער־שפראך, האבן געעפנט אַ נייע וועלט וועלכע זיי האבן ביז היינט ניט געקענט. זיי האבן אינטענסיוו געלערנט תנ״ך און די מאדערנע העברע־אישע שפראך, בעיקר דורך די 32 לערנבריוו פון שבח וואלקאווסקי פון קראקא, און גלייכצייטיק געשאפן העברע־אישע קרייזן כדי פול צו באהערשן די שפראך. דערביי האבן זיי ווייטער געלערנט אין בית מדרש.

אין יאר 1910 האבן די סטריזובער ציוניסטן אויפן פארלאנג פון שלמה שמידט פון פריסטיק, געעפנט דארט אַ פיליאלע פון דער סטריזובער ביבליאטעק, וועלנדיק אויך דארט אנהויבן אַ ציוניסטישע טעטיקט. די פריסטיקער קנאים האבן אבער צו דעם ניט צוגעלאזט. אין אַ ווינטערטאג אין דער פרי זיינען זיי אריין אין שטוב פון דעם ביבליאטעק, האבן ארויסגענומען אלע ביכער און פארברענט. אין פריסטיק וואו ס׳האבן געוווינט מער יידן ווי אין סטריזוב, איז קיינמאל ניט געווען קיין שטארקע ציוניסטישע ארגאניזאציע.

ארטיקע פאליטישע טעטיקייט האבן די ציוניסטן אין סטריזוב ניט געפירט ביז נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווייל זיי זיינען געווען ווייניג און צו יונג. זיי האבן נאר געהאלפן דער ציוניסטישער לאנדארגאניזאציע ביי אירע וואלאקציעס.

די קליינע ציוניסטישע טעטיקייט האט זיך געפירט ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה און דאמלסט גאנץ אופגעהערט. אַ גרויסער טייל פון די חברים זיינען מאבילי־זירט געווארן צום מיליטער און דאס שטעטל האט זיך כמעט אויסגעליידיקט פון יידן ווען די רוסן האָבן עס איינגענומען דאס צווייטע מאל.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט האָט די ציוניסטישע ארגאניזאציע זיך פריש ארגאניזירט אונטערן פירונג פון 4 פון די ערשטע, מרדכי בראוו, לייבוש דיאמאנט, הערש אלעזר שטערנבערג און יצחק טענצער. אַקטיוו האבן אויך שוין מיטגעארבעט פרישע חברים: משה יאהאנעס פון גורליץ דער שותף פון דאמפזעג פון סטריזוב, דער יונגער אברהם בראוו, אהרן דויטש, לייבוש קאלב, שמואל (מוליק) טענצער, די מיידלעך: מיין שוועסטער חיה בערגלאס, רחל שטערנבערג זיסל קעה, מלכה אייזנער און אנדערע. צוערשט האָט מען פריש געעפנט די ביבליאטעק, וועלכע איז צוריבט געווארן בשעת דעם רוסישן אריינמארש און דערמיט האָט מען פריש געשאפן דעם צענטער פון ציוניסטישער טעטיקייט. די עלטערע חברים. און בעיקר הערש אלעזר שטערנבערג, האבן דאמלסט געפירט פארשידענע יודאיסטישע קורסן.

די מיידלעך האבן, חוץ דער אלגעמיינער ציוניסטישער טעטיקייט, געגרינדעט אַ מיידלעך פאראיין „רות״, וואו זיי האבן ארגאניזירט פארטרעגע וועגן ציוניזם, ארץ ישראל א.א.וו. און אויך קורסן צו לערנען העברעאיש. דעם ווינטער האָט מען בכלל אנגעהויבן ארגאניזירן העברעאישע קורסן, וועלכע זאלן געפירט ווערן דורך געצאלטע פאכלערער. די קורסן און אויך די, וועלכע מ׳האָט שפעטער געפירט, האָבן אויפגעהערט נאך אַ געוויסע צייט, אבער די כסדרע פרובן און די קורסן וועלכע די סטריזובער פריוואטלערער, מיינע חברים זאנוול גרינבלאט און הערצקע וועבער, האבן געפירט האבן געהאלפן פארשפרייטן די קענטניס פון דער העברעאישער שפראך צווישן דער יוגנט.

אין יאר 9—1918 האָט זיך ארגאניזירט די סתם ציוניס־טישע צענטראלע אין קראקא, און איר גענעראל־סעקרעטאר ד״ר יצחק שווארצבארט, דער שפעטערדיקער מנהיג פון דער ציונסיטישער ארגאניזאציע אין מערב גאַליציע נאכן טויט פון ד״ר יהושע טהאָן, איז עטלעכע מאל געקומען קיין סטריזוב און געהאלפן אויפסניי אויפלעבן די ציוניסטישע טעטיקייט. דעמזעלבן ווינטער האבן די ארטיקע ציוניסטן דורכגעפירט מיט הצלחה די יידישע וואלאקציע צום ערשטן פוילישן סיים, אבער קיין פאזיטיוון דערפאלג האט עס ניט געהאט ווייל די וואלקרייזן זיינען געווען אזוי געשניטן, אַז נאר אין די גרויסע שטעט איז מעגלעך געווען ס׳זאל געוויילט ווערן אַ ייד.

א ביסל שפעטער האט זיך געטוישט די ארטיקע ציוניס־טישע לייטונג. די עלטערע זיינען אוועק פון שטעטל, מאנכע האבן זיך צוריקגעצויגן פון ציוניסטישער טעטיקייט און ס׳זיינען געקומען אויף זייער ארט פרישע חברים. אביגדור דיאמאנט, דער יינגערער ברודער פון לייבוש, אלס פארזיצ־ענדער פון לאקאלקאמיטעט, אברהם בראוו, דער יינגערער ברודער פון מרדכי׳ן, אלס קרן קימת רעפערענט און לייטער פון דער ביבליאטעק, יהושע זילבער, זיין ברודער פנחס, די מיידלעך, פייגע גרינבלאט, איטא דעמביצער, פייגע וויינ־בערג, שרה זילבער, וויטה לוס, הינא נבכמיע און אנדערע. שפעטער בין איך געווארן סעקרעטאר פון לאקאלקאמיטעט.

די ערשטע גרעסערע ציוניסטישע טעטיקייט האט אנגע־הויבן אין יאר 1921, ווען מיר דריי, אביגדור דיאמאנט, יעקב קעה און איך האבן דורכגעפירט די ערשטע „קרן היסוד״ אקציע אין סטריזוב. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאל וואס מיר זיינען ארויס פון ענגן קרייז פון דער ציוניסטישער יוגענד און געקומען צו אלע יידן פון שטעטל. טראָץ דער געגנערשאפט פון אַ טייל מענשן פון די חסידישע קרייזן, האבן מיר דורכגעפירט די אקציע מיט דערפאלג, און נאכדעם האבן מיר ארגאניזירט אַ קליינעם אַקטיוון קרן היסוד קאמי־טעט אונטער מיין לייטונג און אביגדור דיאמאנט אלס מיטארבעטער ביים דורכפירן יעדע יערליכע דעקלאראציע־אקציע וועלכע האָט כסדר ארומגענומען מער מענשן. דער קרן היסוד קאמיטעט האָט געארבעט ארגאניזירט ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלטמלחמה. אין משך פון דער צייט האבן מיטגעארבעט פארשידענע חברים: יעקב קעה, וויטה לוס, שרה רעבהון, פרץ פינזעל, נפתלי רוט און אנדערע.

נאכדעם ווי אביגדור דיאמאנט און אברהם בראוו האבן ציטווייליק פארלאזט סטריזוב האָב איך איבערגענומען דעם פארזיץ פון ציוניסטישן לאקאל־קאמיטעט און געפירט די ארבעט ביז צום יאר 1938. אין משך פון דער צייט האבן מיטגעארבעט אלס מיטגלידער פון לאקאל־קאמיטעט: אביגדור דיאמאנט, אברהם בראוו — נאָך זייער צוריקקערן זיך קיין סטריזוב —, יצחק דויטש, פייגע גרינבלאט, פייגע וויינבערג, די ברידער יהושע און פנחס זילבער, וויטה לוס, צבי שאפירא — ווען ער האט געוווינט אין סטריזוב צווישן איין עליה ביז דער צווייטער — און נאָך חברים און חברות, וועלכע איך ׳געדיינק שוין ניט מער. אין משך פון די יארן האבן זיך געטוישט די חברים פון לאקאל־קאמיטעט, אבער 4 מענשן האבן געארבעט שטענדיג, כמעט ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה: איך, אלס פארזיצנדער און רעפע־רענט פון קרן היסוד אביגדור דיאמאנט אלס מיין פארטרע־טער, פנחס זילבער אלס סעקרעטאר און יהושע זילבער אלס קרן קימת רעפערענט. עס איז געווען דורכדעם אַ סטאַבילי־זירטע ארבעט און יעדע ציוניסטישע טעטיקייט האָט זיך קאנצענטרירט ארום דעם לאקאל־קאמיטעט און איז געפירט געווארן דורך אים. אין דער ארבעט האבן מיר אויסגענוצט אַלע מעגליכקייטן און די איבערגעבנקייט פון די חברים. צום סוף האָט אונזער ארגאניזאציע ארומגענומען דעם רוב יוגנט פון שטעטל צוזאמען מיט די עלטערע, וועלכע זיינען ארויס פון אירע שורות. אין דער ארבעט האָבן מיר תמיד געזוכט דאס בשותפותדיקע צווישן אונז און אויך דאמלסט, ווען ס׳האט זיך שוין געשאפן א רעוויזיאניסטישע און „מזרחי״ ארגאניזאציע. אויך אונזערע פארהעלטניסע מיט דעם כלל יידן אין שטעטל זיינען געווען גוטע, ציוניסטן האבן זיך באטייליקט אין אלע כלל און צדקה אקציעס און זיינען געווען באליבט אין שטאט. נאכדעם ווי די יונגע זיינען עלטער געווארן און די צאל ציוניסטן איז גרעסער געווארן, האבן מיר אנגעהויבן זיין טעטיק אין ארטיקע פאליטיק. ציוניסטן זיינען געווײילט געווארן אין שטאט און קהילהראט, און ווי אלע מאל זיינען זיי געווען די, וועלכע האבן ארגאניזירט די יידישע באפעלקערונג בשעת די וואלן צום פוילישן סיים און סענאט.

אין יאר 1925 האבן חברים חיים וויינבערג, פנחס זילבער, יהושע שטורם און אנדערע ארגאניזירט די ערשטע יוגנטארגאניזאציע אין שטעטל „מרכז רוחני״ און גלייכ־צייטיק אויך די ערשטע גרופע חלוצים פאר אַ.עליה קיין ארץ ישראל. די עליה באוועגונג איז געווארן וואס אַמאל שטארקער ביז זי האט ארומגענומען די גאנצע ציוניסטישע יוגנט אין שטעטל און איבערגעריסן געווארן ערשט ביים אויסברעכן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די ערשטע גרופע חלוצים, וועלכע איז ארגאניזירט געווארן דורך דעם „מרכז רוחני״, האָט באקומען איר הכשרה אין גוט פון ר׳ יחזקאל וואלאך אין לוטצא — עס איז ניט לייכט געווען צו באקומען הכשרה פלעצער — און כדי ר׳ יחזקאל וואלאך זאל מסכים זיין, האט זיך משתדל געווען אַ חבר פון דער ארגאניזאציע מרדכי שיף ביי זיין קרוב ר׳ ישראל ווילנער — אַ איידים פון ר׳ יחזקאל. אַ גרויסע גרופע חלוצים פון דער „מזרחי״ באוועגונג האט באקומען איר הכשרה אין גוט פון דארף וויסאקא, וועלכע האט געהערט צו די שותפים באדיאן—שינאגל און איז געווען פארפאכטעט צו ר׳ הערש מילבאוער אַ חבר פון „מזרחי״. גרופן חלוצים האבן אויך באקומען זייער הכשרה אין גוט פון ר׳ יוסף אשר וואלאך אין ניעבילעץ און בכלל אין יעדן יידישן גוט אין דער געגנד.

דער ערשטער חלוץ פון סטריזוב, וועלכער האט עולה געווען קיין ארץ ישראל, איז געווען עקיבא דיאמאנט, דער זון פון ר׳ שלמה זלמן דיאמאנט (זלמן וויסוקר) און נאכדעם די גרופע פון דער לוטצ׳ער הכשרה, גיטל פייט, יוסף וויינבערג און אנדערע. ניט אלע עולים האבן זיך איינגעלעבט און געבליבן אין לאנד, אבער דער אנהויב איז געמאכט געווארן און אין לויף פון יארן ביז צו דער מלחמה, זיינען אַ סך חברים עולה געווען לעגאל מיט סערטיפיקאטן און נאָך מער — אונלעגאל. אַ דאנק דעם און דעם פאקט, אז דער רוב סטריזובער יידן פון דייטשלאנד און די לעבנ־געבליבענע אין רוסלאנד, האבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל, געפינט זיך דא אַ קיבוץ עולי סטריזוב.

די סטריזובער ציוניסטישע ארגאניזאציע און אלע יוגנט־ארגאניזאציעס האבן די עולים געגעבן יעדע מעגלאכע הילף כדי זיי צו דערמעגלאכן די עליה. פאר דעם זיינען אלע וועגן געווען כשר. צ.ב. נאך דעם שטארבן פון ר׳ הערש מארער, דער מעטריקאל־פירער אין סטריזוב, האט זיין זון חיים, פון די פירער פון ארטיקן „ביתר״, ארויסגענומען פון דערהיים אַ סך אפיציעלע פארמולארן און צוזאמען מיט זיין חבר נפתלי דיאמנאט, אַ עסקן פון „הנוער הציוני״, איבערגעגעבן די ציוניסטישע אינסטאנצן אין קראקא, כדי זיי צו באנוצן פאר דער ניט לעגאלער עליה.

אין יאר 1926 האט יוסף דיאמענט פון קראקא, אַ שפּעטערער מיטארבעטער פון דער ציוניסטישער טאגצייטונג „נאווי דזענניק״, וועלכע האט דאמלסט געארבעט אלס פרי־וואט באאמטער אין סטריזוב, ארגאניזירט אַ רעוויזיאניסטישע יוגנט ארגאניזאציע מיטן נאמען „מנורה״. צו דער ארגאני־זאציע זיינען אריבער כמעט אלע חברים פון „מרכז רוחני״ און די אקטיווסטע זיינען געווען: אליעזר גרובער, ברוך נירנבערג, פייבל שאכער, יוסף דויטש, יהושע שטורם און אנדערע, די רעוויזיאניסטישע ארגאניזאציע איז מיט דער צייט געווארן זייער שטארק אין שטעטל און אויך געגרינדעט דעם ארגון פון „ביתר״ אונטער דער לייטונג פון צבי שעפלער און אקטיווער מיטארבעט פון חיים און איטא מארער, פעסל רוט, חוה גרובער, לאה קראכער און אנדערע. די רעוויזיאניסטישע ארגאניזאציע האט געפירט אַ אינ־טענסיווע אידעאלאגישע ארבעט צווישן אירע חברים און איז געווען שטארק טעטיק ביים ארגאניזירן פון דער עליה. דאס פארלאזן פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע דורך

די רעוויזיאניסטן האט אַ ביסל אבגעשוואכט די אלגעמיינע ציוניסטישע ארגאניזאציע אין סטריזוב, זי האָט זיך אבער באלד געשטארקט דורך דעם פארגרעסערן פון דער צאל חברים אין דעם ארגאניזירן פון שטארקע סתם ציוניסטישע יוגנט ארגאניזאציעס, „הנוער הציוני" און „עקיבא" וועלכע האבן מיטגעארבעט מיט דער ארטיקער ציוניסטישער ארגאניזאציע, געפירט אַ אידעאלאגישע טעטיקייט אין זייערע ארגאניזאציעס און געארבעט פאר עליה פון אירע חברים.

זיי האָבן זיך שפעטער ארגאניזירט אין פארשידענע גרופן, אַ גרופע מיידלעך „שושנה" און יינגלעך „בר כוכבא". זיי האבן זיך געגרינדעט א אייגענע ביבליאטעק חוץ דער אלגעמיינער ביבליאטעק פון דער ארגאניזאציע און פלעגן זיך כסדר טרעפן מיט חברים־ארגאניזאציעס פון די ארומיקע שטעט.

אויך די „מזרחי" יוגנט האט זיך ארגאניזירט אונטער דער השפעה פון אלימלך וואלדמאן, דעם איידעם פון ר' דוד ווינער און זיינע טעטיקע מיטארבעטער זיינען געווען: ראובן זעליג מאנדל, משה דים, יעקב אדעסט און אנדרע. חוץ זייער ציוניסטישער טעטיקייט האבן זיי אויך ארגאנירט שבת אַ מנין אין זייער פאראיין־לאקאל. משה דים האט שפעטער געארבעט אין דער צענטראלע פון „מזרחי" אין קראקא און פון דארט האט ער געהאלפן אויף אלע מעגלאכע וועגן צו דער עליה פון סטריזובער חברים.

די גייסטיקע אטמאספערע אין סטריזוב אין געווען ציוניסטיש. יעדער יינגל און מיידל, חוץ די חברים פון דער „אגודה", האט זיך אנגעשלאסן צו אַ ציוניסטישער יוגנט־גרופע. אַ לינקע ארגאניזאציע איז אין שטעטל ניט געווען, אפילו אזעלכע, וועלכע זיינען געקומען פון ערטער וואו ס'איז שטארק געווען די קאמוניסטישע השפעה, האָבן אונטערן איינפלוס פון ארט מיטגעארבעט אין דער ציוניסטישער באוועגונג.

אין דער לעצטער צייט פאר דער מלחמה האט זיך ארגאניזירט אַ גרופע חלוצישע ארבעטער אין דער ארטיקער דאמפזעג פון די שותפים יוהאננעס און קראכער. וואו זיי זיינען געווען גוט אויפגענומען. די אייגנטימער פון דעם זעגווערק: משה יוהאננעס איז געווען אין דער יוגנט אַ אקטיווער ציוניסטישער טוער. הערש קראכערס קינדער זיינען געווען אקטיווע מיטגלידער פון דער רעוויזיאניסטישער ארגאניזאציע אין סטריזוב און דער לייטער פון דער זעג, ר' יעקב אייזנער איז געווען אַ גוטער, הארציקער ייד, אַ חובב ציון און בכלל גוט געווען צו אלע ארבעטער, די פאליאקן די סטאבילע און חלצים די צייטווייליקע. אַ סך יונגע לייט האבן דאמלסט געלערנט „גוישע" מלאכות ווי. טישלעריי, שלאסעריי א.ד.ג. און אויך מיידלאך האבן געלערנט פארשידענע מלאכות און אנגעשלאסן זיך חלוצישע ארגאניזאציעס, אלע האבן געשטרעבט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל.

די לעצטע וויכטיקע ארבעט פון דער ארטיקער ציוניסטישער ארגאניזאציע איז געווען דאס גרינדן פון אַ העברעאישן קינדערגארטן צוזאמען מיט קורסן צו לערנען העברעאיש פאר מער דערוואקסענע. אין סטריזובער קליינשטעטלדיקע באדינגונגען איז דאס געווען אַ געוואגטער שריט, וועלכער האָט אבער מצליח געווען. אונטער דעם פאטראנאט פון דער ארגאניזאציע און אנפירונג פון אַ מוטער־קאמיטעט פון די פרויען: נחמה גערטנער, מיין פרוי — שרה בערגלאס, הינדא לאה דויטש, רחל פייט, שרה שאפירא און אנדערע, און אונטער דער ענערגישער פירונג פון דער לערערין עלקא שולמאן האָט זיך דער קינדערגארטן גוט אנטוויקלט ביז צו דער מלחמה, און האט אויך געוועקט דעם ווילן צו לערנען העברעאיש ביי יוגנט און קינדער, וועלכע זיינען געווען ביז דאמלסט ווייט פון יידישקייט.

אין יאָר 1938 איז אויף מיין אָרט אלס פאָרזיצנדער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע געקומען דער יונגער אדוואקאט פ. אכט, אַ לעמבערגער, וועלכער האט געארבעט אין סטריזוב, און ער האט זי שוין געפירט ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה.

די ציוניסטישע טעטיקייט האט זיך געפירט ביז צו דער לעצטער מינוט. נאך אין זומער 1939 האבן מיר מיט דערפאלג דורכגעפירט די צווייטע קרן קימת אקציע „הגלילה", נאך דער רעדע פון ארץ־ישראל שליח ד"ר אליהו פארעצקי אין שול, וועלכער האט געווארנט די יידן פאר דעם שטורם, וואלכער קומט פון דייטשלאנד. ניט דער רעדנער און ניט די פארזאמלטע האָבן געגלויבט אז דער חורבן איז שוין אזוי נאענט. פרייטיק דעם ערשטן סעפטעמבער 1939 האָט אויסגעבראכן די מלחמה זונטיק דעם 10/9 האבן די דייטשן באזעצט סטריזוב, און ס'זיינען בטל געוואָרן אלע פארמען פון יידישן לעבן, וועלכע האבן עקסיסטירט ביז דאמלסט. די נייע ווירקלאכקייט האט זיך געענדיקט מיט דעם אונטערגאנג פון דער סטריזובער קהילה צוזאמען מיט דעם יידנטום פון פוילן און דעם גרעסטן טייל אַייראפע.

## די געגנזייטיגע באציאונגען צווישן יידן און פאליאקן און פאָגראמען אויף יידן

די באציאונגען צווישן ביידע פעלקער, אדער בעסער געזאָגט, די באציאונג פון די פאליאקן צו די, יידן אין סטריזוב אין דער ווייטער פארגאנגענהייט איז מיר ניט באקאנט. ס'איז אוודאי געווען די זעלבע באציאונג ווי צו אלע פוילישע יידן אין אלע ערטער און אין אלע צייטן. אין די לעצטע דורות האָבן יידן געוווינט אין סטריזוב און אין דער אומגעבונג, אין די שטעטלעך און אין די דערפער צווישן פאליאקן, זיי האָבן געהאַט צווישן זיך האנדלס און גוטע פריינטלעכע, שכנותדיגע באציאונגען, ס'איז אבער ניט געווען קיין סימן פון אסימילאציע פון דער יידישער מינדערהייט אין דער פוילישער מערהייט — חוץ איינצלנע פאלן. די הערשנדע פאליאקן זיינען זעלבסטפארשטענדלאך

ניט באאיינפלוסט געוואָרן פון דער יידישער מינדערהייט, אבער אויך די יידן זיינען ניט באאיינפלוסט געווארן פון זיי. טראָצדעם וואס פאר די פאליאקן אין זייער גרעסטער מערהייט, זיינען די יידן, זייער שפראך, זייער לעבן און זייערע מנהגים, און נאך מער, זייער געשיכטע געווען פרעמד, ווי אַ פארשלאָסענער בוך, האָבן דאגעגן אַ סך יידן יא געוווסט אלץ וועגן די פאליאקן, ווייל זיי האָבן געלערנט אין פוילישע שולן • און אין לעבן האבן זיי געמוזט לערנען, כדי צו קענען די בעלי בתים פון לאנד.

דאס זיינען געווען צוויי פעלקער וועלכע האבן געלעבט צוזאמען, געהאט געגנזייטיגע באציאונגען, אבער אין געזעל־שאפטליכן און קולטורעלן לעבן האט יעדער נאציאן געלעבט אבגעזונדערט. יידן זיינען אויסגעוויילט געווארן אין די שטאטראטן, האבן דארט געארבייט צוזאמען, אַ סך מאל האבן זיי געהאט בשותפותדיקע געשעפטן און געהאנדלט צוזאמען, אבער זיי זיינען ניט געקומען צו קיין חתונות אדער אנדערע משפחה־שמחות, זעלטן פלעגן די יידן קומען צו אַ גויישע לוויה און דאס זעלבע אויך פאַרקערט.

אבער אפילו אין די רוהיגע צייטן האבן די יידן געפילט דעם גלות און אנערקענט די רעכטן פון פאליאק אלס בעל הבית. און נאך מער אין פאל ווען די ארדנונג איז געווארן געשטערט דורך וועלכע ס'איז סיבה. דאמלסט האט זיך אויך ארויסגעוויזן די שנאה פון אַ סך פאליאקן צו די יידן וועלכע זיי האבן אין נארמאלע, רוהיגע צייטן באהאלטן אין זיך. צום שבח צו די סטריזובער שטעטישע בעלי בתים דארף מען אונטערשטריכן, אז אין די פאגראמען פון די יארן 1898, 1918 און 1919 האבן געהאט אַ חלק בעיקר דארפישע פויערים, די שטעטישע נידעריגע קלאסן און אַ טייל פון דער מיטלשטאנד באפעלקערונג, אבער דער רוב פון די בעלי בתים האבן זיך געהאלטן פון דער ווייטן.

ס'איז באקאנט אז אין דער צווייטער העלפט פון פאריגן יאָרהונדערט איז געהרגעט געווארן אַ ייד ביים דורכ־גיין דעם וועלדל נעבן שטאט אויף דער אנדערער זייט ווויסלוק, דורך וועלכן ס'פירט אַ וועג צום דארף וויסאקא. מיר האָבן אבער ניט קיין פרטים וועגן דעם פאל.

## מעשה ריטער אין לוטצא

אַ פאל וואס האט אויפגערודערט די סטריזובער יידן און געהאט אַ שטארקן אָפקלאנג אין גאַנץ גאליציע איז געווען דער פאל ריטער אין די ניינציגער יארן פון פאר־גאנגענעם יאָרהונדערט.

פאר פסח ביים צושפרייטן אַ מיסטבארג אין פעלד, אַ איינגנטום פון ר' יצחק משה ריטער אין דארף לוטצא, איז געפונען געווארן אַ קערפער פון אַ דארפיש מיידל פון אַ שכנותדיגן אוקראינישן דארף, וועלכע האָט געארבעט ביים ארטיגן גלח און איז שוין אַ לענגערע צייט פארשווונדן געווארן. ריטער, אַ פשוטער, 70 יאָריגער פרומער דארפישער ייד, איז געווארן געשטעלט פארן געריכט, און טראָצדעם וואס ס'זיינען קעגן אים ניט געווען קיין שום באווייזן און אויך דער מיסטבארג איז געווען אין אפענעם פעלד, איז ער דאך פאראורטיילט געווארן צום טויט. דאס געריכט האט ניט געגלויבט דאס עדות־זאגן פון צוויי יידן, די ברידער דיאמאנט, ר' הערשל פון באנארובקא און ר' שלמה פון זיזנוב, וועלכע האבן עדות געזאגט, אז אין דער צייט ווען די מיידל איז פארשוונדן איז ר' יצחק משה ריטער צוזאמען מיט זיי ארומגעפארן אין דערפער ווייט פון לוטצא, צוליב זייערע בשותפותדיגע וואלדגישעפטן. נאך דעם צווייטמאליגן ווענדן זיך צו אַ העכערן געריכט איז דער טויטאורטייל פארביטן געווארן אויף לעבנסלענגליכע תפיסה. זיין משפחה, זייענדיג איבערצייגט אין זיין אונשולד, האט ניט געשפארט קיין מי, כדי צו באַווייזן זיין אונשולדיגקייט. ס'האָבן אויך מיטגעהאלפן יידן, וועלכע האבן געהאט אַ השפעה אין גאליציע, צווישן זיי דער רב ראשי ר' לייב ברוידע פון לעמבערג און הרב ר' גדליהו שמעלקעס פון פשעמישל. צום סוף איז זיי געלונגען אויפצוגעמען צו ווערן אויף אַ אוידיענץ ביים קיסר פראנץ יאזעף דעם ערשטן — זייער אַ שווערע זאך אין יענע צייטן —. אויף דער אוידיענץ זיינען געווען אַ חוץ די אויבנדערמאנטע צוויי רבנים, אויך ריטערס אַ טאכטער, זיין אדוואקאט און ר' מרדכי ווילנער פון ברעזיב, וועלכער האָט אַ סך געהאלפן דער משפחה ריטער ביי אירע באמיהונגען ארויסצובריינגען דעם אמת.

די קורצע אוידיענץ איז פארגעקומען נאך דעם, ווען אלץ איז געווען גענוי צוגעגרייט און אלע פרטים זיינען געווען דעם קיסר באקאנט פון פריהער. דער קיסר האָט די דעלעגאציע בארוהיגט מיט די ווערטער: פארט אהיים אָן זארגן. און קורץ נאכדעם איז ריטער באגנעדיגט און באפרייט געווארן.

מ'האט דערציילט אַז אַ פויער וועלכער איז געווען אַ מקורב צום דארפס גלח, האט זיך פארן טויט מתוודה געווען, אז ער האָט די מיידל געהרגעט. ער האָט דאָס געטאָן צוליב אַ בקשה פון גלח — דאָס איז געווען שוין נאכ'ן טויט פון גלח — וועלכער האט געהאט באציאונגען מיט איר, און האָט שפעטער געוואָלט פון איר פטור ווערן, נאָכדעם האָט ער דעם קערפער באהאלטן אין בארג מיסט פון יידן. וויפל אמת ס'איז אין דער זאך קענען מיר שוין ניט וויסן.

## די פאגראמען אין יאר 1898

עטליכע יאר נאָך מעשה ריטער, אין יאר 1898 זיינען פארגעקומען פאגראמען אויף יידן אין גאליציע, אונטערן איינפלוס פון דער אנטיסעמיטישער פארטיי פון גלח סטויא־לובסקי, דארונטער אויך אין סטריזוב און אין דער סביבה. יידן זיינען געווארן געשלאגן, שויבן אויסגעהאקט, אַ סך זיינען בארויבט געווארן, דער עיקר אין די דערפער.

די עסטרייכישע רעגירונג האט געבראכט מיליטער פון אנדערע פראווינצן, און אויך קיין סטריזוב זיינען אנגעקומען דייטשן און אונגארן. דאס מיליטער האט טאקע צוריקגעשטעלט די ארדנונג, אָבער געטאָן האָבן זיי דאָס ווי אומגערן און צוזאמען מיט דער ציווילמאכט אנגעטאָן צרות די יידן.

דאמלסט איז ארעסטירט געווארן און פאראורטיילט ר׳ יעקב (יינטשע) האגעל, וועלכער איז געווען גבאי אין שול און וועלכער האט זיך ניט בלויז אנטקעגנגעשטעלט מ׳זאל אפשטעלען מיליטערישע פערד אויפן שול־פלאץ, ער האָט זיך נאָך דערלויבט פרעגן: מיט וואס איז די שול ערגער פון דער קירכע? אין אלגעמיין האט מען אַ סך יידן באשטראפט פאר יעדער קלייניקייט און אפילו פאר אויסגעטראכטע „פארברעכנס״, ווי למשל, דער פאל מיטן יידן פון גאדאווא ר׳ יחזקאל גארגל, וועלכער האט „באליידיגט״ די פאגראמשציקעס, וועלכע האבן ביי אים גערויבט אנרופנדיג זיי „רויבער״.

אין דער צייט פון די אונרוהען איז די שטאט ניצול געוואָרן פון אַבלוט באָד, דאָסמאל פון פויערים און רויבער. דאס וואלט אמת ניט געווען דורך די שולד פון די יידן, אבער אין זייער שווערער לאגע וואלט דאס נאך מער אויפגעהעצט די שנאה צו זיי.

ס׳איז געווען אין אַ זונטיק אַ וואך נאך די פאגראמען. דאס מיליטער איז נאך געווען אין שטאט. אין דער קירכע האט זיך פארזאמלט אַ גרויסער המון, מער ווי געוויינלעך, און פון דארט האט זיך דער המון געוואלט דורכרייסן אין שטאט אריין. דער מיליטערישער קאמאנדאנט, היטנדיג די ארדנונג, האט געפאדערט פון זיי זיי זאלן זיך צוריקציען אין קירכהויף אריין, און ווען דאס האט ניט געהאלפן האט ער לאנגזאם געגעבן דעם מיליטער די באפעלן: ארופנעמען די ביקסן. לאדנן, צוגרייטן זיך צו שיסן. עס האט נאר גיפעלט דער לעצטער באפעל: פייער, וואָס וואָלט געבראכט אַ סך קרבנות צווישן המון.

אין דער לעצטער מינוט איז ארויס פון קירכע אנגעטאן אין גלחישע קליידער דער אלטער גלח יאבלצינסקי, וועלכער איז געווען באליבט ביים פאלק, און האט זיי געבעטן זיי זאלן זיך צוריקציען. ער האט זיין בקשה באגרינדעט מיט דער טענה, אז אויב מ׳וויל פטור ווערן פון די יידן, דארף מען זיי ניט רויבן און שלאגן, נאר איבעררייסן מיט זיי די באציאונגען, דהיינו, ניט קויפן ביי זיי און זיי ניט פארקויפן, וועלן זיי ממילא אליין פארלאזן דאס לאנד. די פויערים האבן אים געפאלגט, זיך צוריקגעצויגן און רוהיג פאנאנדער געגאנגען.

די פאגראמען אין דער סביבה פון סטריזוב האבן זיך געענדיגט מיט דעם וואס די זאנדארמען, וועלכע זיינען געווען ס׳רוב פאליאקן, אונטער דער אנפירונג פון סערזאנט קאמינסקי האבן געשאסן אויף די פאגראמשציקעס אין נאענטן שטעטל פריסטיק און געהארגעט עטלעכע פון זיי.

נאך די פאגראמען איז דער גלח יאבלצינסקי צוגעטראטן רעאליזירן זיין געדאנק וואס ער האט ארויסגעזאגט כדי צו בארואיגן דעם אופגעהעצטן המון, צוזאמען מיט אַ גרופע אנהענגער, האט ער אויך אין סטריזוב און אין די ארומיגע דערפער, געגרינדעט אַ אבטיילונג פון אגריקולטור קרייז״ (Kólko Rolnicze). די גישעפטן זיינען דאמלסט געגרינדעט געווארן אין גאנץ גאליציע אויף קאאפעראטיווע יסודות מיטן צענטער אין לעמבערג און זייער ציל איז געווען ארויסשטויסן די יידן פונם האנדל.

אין סטריזוב האָט מען געעפנט דעם גישעפט אַ זונטיק מיט גרויס פאראד, אין דער אנוועזנהייט פון טויזנטער מענטשן פון שטאט און דער סביבה. דער גלח יאבלצינסקי בכבודו ובעצמו, אנגעטאן אין זיינע הייליגע בגדים האט אבגעטובלט דאס געשעפט, און אין זיין רעדע האט ער גערופן די פארזאמלטע זיי זאלן קויפן נור אין דעם געשעפט און אין זיינע דארפישע אפטיילונגען. ער האט נאך צוגעגעבן, אז ווער עס וויל גנבענען — ער האט גוט געקענט זיינע מענטשן און געוואוסט אז עס פעלן ניט צווישן זיי קיין גנבים — זאל ניט קומען אין די גישעפטן.

ס׳איז אבער לייכטער צו שלאגן און רויבן יידן איידער צו באצאלן טייערער פאר סחורה וועלכע מ׳באקומט ביליגער ביים יידן. דער יידישער סוחר וועלכער איז געווען גוט באהאוונט אין מסחר און האט זיך באגנוגנט מיט אַ קלענערן רווח, בשעת די נייגעגרינדעטע געשעפטן האבן געהאט גרויסע הוצאות אויף דעם באאמטן פערסאנאל. אויך האט דער פויער באפארצוגט צו קויפן ביים ייד, וואו ער איז באהאנדלט געווארן ווי אַ גלייכער, אין דער צייט ווען דער באאמטער אין די נייע געשעפטן האט געקוקט אויף אים פון אויבן אראפּ און באהאנדלט אים מיט ביוראקראטישער שטייפקייט.

צוליב די סיבות האָט דער „אַגריקולטורעלער קרייז״ ניט באוויזן ארויסצושטויסן די יידן פון מסחר, און נאך דער הצלחה פון אנהויב ווען די אנטיסעמיטישע התלהבות איז נאך געווען שטארק, איז שפעטער דער קונים קרייז ביי זיי שטארק געפאלן.

דער גלח יבלצינסקי האָט געפרובט ראטעווען די סיטואציע דורך דרשות אין קירכע און פערזענלעכע גישפרעכן מיט אנגעזעהענע דארפסלייט. ס׳האט אבער ווייניק וואָס געהאלפן. די יידישע סוחרים זיינען געבליבן און די „קולקע״ — אזוי האבן די יידן כסדר גערופן דם „אגריקולטורעלן קרייז״ — האָט געמוזט באגרענעצן זיין טעטיקייט און אין די ווייטערע יארן ליקווידירן אפטיילונגען. ער האט עקסעסטירט ביז צו דער לעצטער צייט נאר אַ דאנק פארשידענע קאנצעסיעס, וועלכע ער האָט געהאט פון דער ממשלה.

אויך דאס צווייטע קאאפעראטיווע געשעפס „קמיעטש״ (אויף פויליש „אַ רייכער פויער״) וואס איז שפעטער געגרינדעט געווארן מיט דעמזעלבן ציל און האט זיך געשטיצט בעיקר אויף רייכע פויערים און גוטבאזיצער איז נאך 20

יאריקער טעטיקייט ליקווידירט געווארן. אין דער צייט האבן עקזיסטירט קריסטלעכע פריוואטע געשעפטן, און זייער הצלחה איז געווען אבהייגיק — פונקט ווי ביי די יידישע סוחרים — נאָר פון אייגענער פיייקייט צו פירן די געשעפטן.

ביסלעכווייז האָבן זיך בארוהיגט די געמיטער און ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה האט געהערשט אַ געוויסער ליבעראליזם. ס'האט דאמאלסט געהערשט די אידעאלאגיע פון „פאליאקן פון יידישן גלויבן". דער שטאטראט האט זיך גערעכנט מיט די יידישע רעליגיעזע באדערפענישן אין אירע אנשטאלטן ווי למשל דאס שעכטהויז און אזוי ווייטער. דעם וואכנטליכן יריד פון דינסטיק פלעגט מען איבעררוקן אויף אַנ'אנדער טאג, אויב אין דינסטיק איז אויסגעפאלן אַ יידישער יום־טוב. אַ דורכשניטליכער אינטעליגענטער פאליאק האט זיך געשעמט ארויסצווייזן זיין שנאה צו יידן. עפענטליך האט ער דעם ייד ניט גערופן מיטן נאמען „זשיד" וואס איז געווארן באטראכט ביי זיי פאר אַ באליידיגונגס־ווארט און גערופן אים „איזראעליט" אדער „אלטגלויביגער". אין שולע האבן די לערער אונז פארטיידיגט געגנאיבער די קריסטליכע שילער, ס'איז אבער געווען זעלבסט פארשטענדליך אז מיר, יידישע קינדער זיינען געזעסן צוזאמען אויף די לעצטע ביינק — צו דאָס איז געווען אויף באפעל פון די לערערס אדער אונזער אייגענע איניציאטיב געדיינק איך שוין ניט — און אויך דאמאלסט פלעגט פאסירן אז אַ־יידיש יינגל איז געווארן באפאלן אויסערן שטאט פון קריסטליכע קינדער.

אין די מלחמה יארן איז געווארן פארשטארקט די שנאה צו יידן אין גאנץ גאליציע — איך גלויב אז אויך אין דער גאנצער עסטרייך־אונגארישער מלוכה, זעלבסט פארשטענדליך אויך אין סטריזוב. טראצדעם וואס יידן האבן געדינט אין מיליטער ניט ווייניקער ווי קריסטן און די צאל יידישע געפאלענע אין דער מלחמה איז ניט געווען קלענער פון די קריסטלעכע, איז יעדער ייד וואס איז צוליב אַ פעלער אדער אַ קראנקהייט, ניט גענומען געווארן צום מיליטער, געווען פארדעכטיג ווי איינער, וועלכער דריט זיך ארויס פון מיליטערישן דינסט און בדרך כלל איז דאָך דער ייד אלע מאל די כפרה־הינדל אין ניט נארמאלע צייטן. אין עסטרייכישן פארלאמענט אין ווין האבן דעפוטאטן פון דער פוילישער פויערים פארטיי פון ווינצענטי וויטוס, דעם שפעטערדיגן פרעמיער פון דער ממשלה פון פרייען פוילין, אינטערפעלירט פאר וואס די באהערדן דערלאזן צו, אז יידן דרייען זיך ארויס פון מיליטערדינסט און דער ראש פון די דעפוטאטן וואס האבן אנגעגעבן די אינטערפעלאציע איז געווען אַ פויער פון דער סטריזובער פארשטאט יאן לישציאז'. אין דעם לעצטן יאָר פון מלחמה האָט זיך די שנאה צו די יידן גאר פארשטארקט און דער פחד ביי יידן איז געוואקסן, ווייל זיי האבן געוווסט פון ביטערן נסיון, אז ביי יעדער מאכטענדערונג זיינען זיי דער קרבן. דאמאלסט זיינען שוין געווען פאלן וואס האבן מבשר געווען דעם אנקומענדיגן שטורם. דער ייד מעלער פון דער שטאט סטרי, וואס איז אין יאָר 1918 געקומען קיין קראקע באזוכן זיין זון, אַ פארוווּנדעטן זעלנער, אין אַ מיליטער שפיטאל, איז אראפגענומען געווארן פון טראמוויי און דערהרגעט געווארן בייטאג אין מיטן גאס. דער מארד האט אויפגערודערט דאס גאנצע גאליצישע יידנטום. אויך אין סטריזוב זיינען פארגעקומען קליינע אינצידענטן. נאך אַ פראטעסט פארזאמלונג קעגן די רעגירונגען פון דייטשלאנד און עסטרייך וועלכע האבן ביים שלום אפמאך אין ברעסט ליטאווסק איבערגעגעבן פוילישע געביטן דעם ראטנפארבאנד זיינען אויפגעהעצטע פויערים, וועלכע די העצער האָבן איינגערעדט, אז דער עיקר שונא זיינען ניט די רעגירונגען פון בערלין און ווין — נאר די יידן, באפאלן אַ טייל יידישע הייזער און אויסגעהאקט שויבן.

## די אונרוהען אין נאוועמבער 1918

אין נאוועמבער 1918 נאכן צעפאלן פון עסטרייך־אונגארישער מלוכה, האָבן זיך אין סטריזוב ארגאניזירט יידישע זעלנער, וועלכע זיינען צוריקגעקומען פון פראנט און האבן באקומען געווער פון די צייטווייליגע פוילישע מאכטארגאנען. אבער גלייך ווען די באהערדן האבן דערפילט אז די אונרוהען דערנענטערן זיך, האבן זיי צוריקגענומען די געווער, און די יידן זיינען געבליבן שוצלאז קעגן איבער די פאגראמשציקעס.

אויף דאסמאל האט זיך אנגעהויבן מיט אַ גרויסע פארזאמלונג אין זאל פון „סאקול" ווען דער המון האט אנגעהויבן אויפרייסן יידישע געשעפטן און אויסרויבן זיי. זיי האבן אנגעהויבן ביים געשעפט פון די שותפים טענצער און פייט אין מזרח־דרומדיגן טייל פון מארק, גערויבט ביז צו דער מערב זייט און גיענדיגט ביי מיין פאטערס געשעפט אין מערב־צפונדיגן ווינקל.

ווען מען האט אויף דער פארזאמלונג דערהערט אז מ'רויבט אין שטאט, האבן זיך די פארזאמלטע ארויסגעלאזט פון „סאקול" אין שטאט, אונטער דער אנפירונג פון הויפט־רעדנער און הויפטהעצער קעגן יידן, דעם גלח באלעק פון לוטצ'א און צערטריבן די פאגראמשציקעס. זיי האבן דאָס שטערן די רויבער באגרינדעט אזוי: אמאל דער גלח יאבלצינסקי, אז ניט דאס איז דער וועג צו באקעמפן די יידן, און פאגראמען און רויבן ברענגען נאר שאדן דעם גוטן נאמען פון דער ניי אויפגעקומענער פוילישער מלוכה. דער רויב איז אפגעשטעלט געווארן, נאר אין זייטנגעסלעך האט מען ווייטער גערויבט כמעט ביז נאכט.

די יידן האבן דאמאלסט געליטן זייער גרויסע שאדנס און אַ סך משפחות זיינען אינגאנצן פאראָרעמט געווארן, ווי דער אונגליקלעכער ווייַנ־סוחר ר' ישראל קאנער, וועמען ס'איז אַ קורצע צייט פריהער געשטארבן דער יינגערער זון און די פרוי און איצט האָבן די פאגראמשציקעס צערבראָכן

אלע פעסער מיט ווייַן אין קעלער, נאָכדעם ווי זיי האבן זיך אנגעשכורט, איינער אפילו ביז צום טויט.

אויך דער ווינטער 1918—9 האט ניט געבראכט קיין מנוחה ניט דעם כלל יידן אין פוילן און ניט די יידן אין סטריזוב. אין דער צייט האבן אין די באנען געווילדעוועט גויים און דער עיקר די זעלנער פון גענעראל האלער, וועלכע זיינען אהיימגעקומען פונ׳ם מערב פראנט און אויך פון פארשידענע אנדערע אפטיילונגען. דאס פארן מיט דער באן איז געווען פאר יידן פארבונדן מיט סכנת נפשות. מ׳האט יידן געשלאגן און עס איז אויך פארגעקומען אז מ׳האט זיי ארויסגעווארפן פון די באנען אין מיטן פארן. אין סטריזוב איז געווען באקאַנט דער פאַל מיטן יונגן בחור מרגלית פון יאסלע, וועלכן מ׳האט ארויסגעווארפן פון לויפנדיגן צוג און געהרגט אויפן ארט.

אין דעם ווינטער איז אויך פארגעקומען דער באקאנטער פאגראם אין לעמבערג ווען דאס פוילישע מיליטער האט איינגענומען די שטאט פון די אוקראַינער און אויך אַסך געוואלדטאטן קעגן יידן אין גאנץ פוילן.

אַחוץ דעם האט זיך פארשטארקט אין דער נאנטער און ווייטערער געגנט פון סטריזוב די מכה פון רויבער. זעלנער, יונגע פויערים וועלכע זיינען צוריק געקומען פון פראנט, צוגעוויינט צו הרגנן, האבן ניט געוואלט צוריק־קערן זיך צו דער שווערער פעלדארבייט און זיינען ארויס אויף דעם שלעכטן וועג פון רויבן און אפילו הרגנן. זייערע קרבנות זיינען געווען בעיקר, קליינע גוטבאזיצער, רייכע פויערים און די דארפסיידן און איינוווינער פון די פארשטעט. דער פחד פון די רויבער איז געווען זייער גרויס, ווייל אַ חוץ זייערע מעשים, האבן די לעגענדן וועגן זיי, וועלכע זיינען געגאנגען פון איינעם צום צווייטן געווארפן אַ אימה אויף אלעמען. אין סטריזוב פלעגט מען דעם ווינטער ניט איינמאל ווארפן שטיינער אויף יידן, אבער בעיקר האבן זיי געליטן פון דער שווערער לאגע פון כלל ישראל.

דעם ווינטער האָבן עמיגרירט אַסך יונגע לייט, בעיקר זעלנער, וועלכע זיינען צוריקגעקומן פון פראנט און האבן זיך ניט געקענט צוגעוויינען צום לעבן פון גייסטיגער נידערשלאגנקייט און פחד, וועלכע האבן געהערשט צווישן די יידן אין שטעטל. וואס ס׳ווארט אויף זיי האבן די יידן אליין ניט געוואוסט.

## דער בלוטבלבול און די פאגראמען נאכדעם

ס׳איז געווען אין פרילינג 1919 אין מאנטיק, שביעי של פסח, אין צווייטן טאג פון דער קריסטליכער פאסחא. פארמיטאג זיינען אריינגעקומען אין בית המדרש, וועלכער איז געווען פול דאווענערס, צוויי פויערטעס, אַ עלטערע און אַ ייגגערע, און געפאָדערט פון די פארזאמלטע יידן זיי זאלן צוריקגעבן די טאָכטער פון דער עלטערער. זיי האָבן געזוכט אונטער די ביינק און טישן און נאכדעם אין דער נאהנטער דירה פון קריסטליכן שמש פון די בתי מדרשים. ווען זיי זיינען אוועק האבן די יידן פארגעסן דעם ענין, אפילו די וועלכע האבן בשעת מעשה ניט געלאכט ווי אנדערע און געטראכט מיט שרעק, אז אזעלכע בלבולים ברייגגען אלעמאל אומגליק אויף יידן. ס׳האבן אבער ניט פארגעסן דעם ענין די ארגאניזאטארן פון בלוט בלבול, פאר וועלכע דאס ארייגקומען פון די צוויי פויערטעס אין בית־המדרש איז געווען אַ טייל פון זייער גוט צוגעגרייטן טייוולשן פלאן.

דעם זעלבן נאכמיטאג, אין דער צייט ווען די יידן פלעגן אויפשטיין פון נאכמיטאגשלאף פון שבת און יום־טוב, איז אריינגעקומען פאליציי אין די דירה פון ר׳ לוי יצחק שיף, צוזאמען מיט דער פוויערטע און איר שטיפטאכטער, אַ 14 יאריג מיידל כדי זי זאל דערקענען דעמיעניגן וועלכער האָט זי פארשלאסן אין דעם קעלער וועלכן ר׳ לוי יצחק האט באנוצט און פון וועלכן זי איז „אנטלאפן״.

דער באצירקס קאָמאַנדאַנט פון דער פוליציי, קרעמער, האט אויסגעשטעלט ר׳ לוי יצחק׳ן און זיין משפחה אין א שורה און געהייסן די מיידל דערקענען דעם, וועלכער האט זי געשלעפט אין קעלער אריין. ווען זי האָט זיך ניט געקענט אנטשליסן האָט ער זי געפרובט איבערצייגן, אז ר׳ לוי יצחק איז דאס דער ייד מיט דער געלער בארד, ווייל ווארשיינלאך איז געווען אפגערעדט פון די ארגאניזאטארן אים צו באשול־דיגן אין פרוב זי צו הרגענען אויף בלוט. צום גליק פון ר׳ לוי יצחק האט זיך דאס מיידל ניט געלאזט איבערצייגן דורך דעם פאליציי קאמאנדאנט און אין עם, ניט דערקענט דעם, וועלכער האט זי פארשלעפט און אלע האבן פארלאזן זיין דירה. ביים ארויסגיין פון עם האבן זיי געטראפן די פרוי גאלדע הארוויץ זיצן אויף דעם שוועל פון איר פאטערס ר׳ יהושע זעליגמאנס הויז, פון וועלכן ס׳האט געפירט דער אריינגאנג אויך צו ר׳ לוי יצחק׳ס דירה, און דאמאלסט האט די מיידל „דערקענט״ אז דאס איז די פרוי וועלכע האט זי פארשלעפט אין קעלער אריין. די פרוי האט געלעבט מיט אירע קינדער אין די מלחמה־יארן אין זייער שווערע באדינגונגען, ווייל איר מאן, וועלכער איז פאר דער מלחמה אוועק אין אמעריקע, האט ניט געקענט שטיצן די פאמיליע צוליב דעם איבעררייסן די באציאונגען צווישן די פאראייניגטע שטאטן און עסטרייך. דעם טאג יום־טוב נאכמיטאג איז זי געקומען באזוכן אירע עלטערן — זי האט געוווינט אין א געסל ביי דעם צווייטן זייט מארק — און האט געווארט אין דרויסן ביז זיי וועלן אויפשטיין פון שלאף.

הערנדיק א טומל אין דרויסן איז ארויס פון זיין דירה א שכן, דער ארעמער מילכיגער ר׳ ישראל אהרן בערגער, אויך מיט א געלער בארד, און עם האט די מיידל „דערקענט״ אלס דער, וועלכער האָט געהאלפן דער פרוי האָרוויץ מיט־שלעפן זי אין קעלער אריין. זי האָט דערציילט אז די פרוי האט זי גערופן אראפנעמען די לייכטער פון טיש — די ארגאניזאטארן האבן ניט געוווסט אז וואס מ׳טאר ניט שבת

מעג מען יום־טוב וועלכער ס׳פאלט אין א וואכן טאג, אבער כדי צו שלאגן יידן מוז מען ניט מדקדק זיין — זי האט איר מכבד געווען מיט מצה און מילך, און נאכדעם זי אריינגע־שלעפט אין קעלער מיט דער הילף פון ר׳ ישראל אהרן און כדי זי זאל ניט שרייען, האבן זיי איר פארשטאפט דאס מויל.

ביידע זיינען גלייך ארעסטירט געווארן, און גלייך איז אויך דערשינען א „עדות" וואס ער זאל האבן אלץ געזען און איר געהאלפן אנטלויפן פון קעלער. דאס איז געווען יאן קאפיטא, א ריז, א האלבער אידיאט, וועלכער האט געלעבט פון דעם וואס ער האט געהאלפן ביי פארשידענע ארבייט אין יידישע הייזער, און געשלאפן איז ער אויף א באנק אין דעם יידישן שוויץ באד. ווען די פאליציי מיט די פויערטעס זיינען דערשינען האט ער זיך געווארמט אין דער זון אויפן דעק פון אנ׳אלטן ברונעם דערביי. ער איז גלייך צוגעקומען און עדות געזאגט אז ער האט אלץ געזען.

ארום דעם הויז האבן זיך פארזאמלט א סך קריסטן, און די חוליגאנעס האבן גלייך אנגעהויבן א פאגראם, וואס האט זיך פארשטארקט אין א קורצע צייט ווען עס האבן אנגע־הויבן אנצוקומען פויערים פון די ארומיגע דערפער צוליב זייער חגא.

פארבייגייענדע יידן זיינען צושלאגן געווארן מיט שטעקנס און שטיינער און דער המון האט זיך גענומען אריינרייסן אין הייזער, בעיקר די וועלכע האבן ניט געהאט קיין לאדנס אויף די פענסטער, אדער ניט שטארק פארשלא־סענע טירן. אממייסט האבן געליטן די יידן וועלכע האבן זיך געפונען אין בית המדרש אין די פארנאכט שעה׳ן, ווער צוליב דאווענען, ווער צוליב אריינקוקן אין א ספר. די פאגראמשציקעס האבן זיך אריינגעריסן אין בית המדרש אבער זיי זיינען אבגעשטויסן געווארן דורך די יונגע יידישע בחורים, וועלכע האבן זיך דארטן געפונען, האבן זיי דאן שטילערהייט ארום גערינגלט דעם בית המדרש, און אויך ארויף אין עזרת נשים, און אין דער צייט ווען יידן האבן געדאווענט שמונה עשרה, האבן זיי זיי באווארפן מיט שטיינער, און שפעטער זיך אריינגעריסן אינווייניג און שטארק צושלאגן די אנוועזנדע וואס האבן זיך שוין מער ניט געקענט ארגאניזירן צו שטעלן אַווידערשטאנד. אזוי האט געדויערט ביז שפעט אין דער נאכט.

אויף מארגן אין דער פרי זיינען אוועק קיין ריישע 2 מיטגלידער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע — מיין שוועסטער חיה בערגלאס און לייבוש דיאמאנט — זוכן הילף. זייער אנקומען אין יום טוב און זייער דערציילונג האט געמאכט אַ שטארקן רושם אין שטאט. אבער טראץ דעם וואס דער רב ר׳ נתן לעווין און נאך אנגעזעהענע קהל׳ס מענשן האבן זיך באמיט ביי די מאכט ארגאנען, האבן זיך די צוויי שליחים איבערצייגט, אז עס איז ניטא צו דערווארטן קיין הילף אויפן פלאץ, זיינען זיי אוועק ווייטער קיין קראקע, וואו ס׳איז געווען די דעלעגאטור — דאס איז געווען דער צייטווייליגער קרייזאמט, צו וועלכן עס האט געהערט אויך סטריזוב — און מיט דער הילף פון סעקרעטאר פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע ד״ר יצחק שווארצבארד האבן זיי זיך געווענדעט צו די מאכט ארגאנען.

אין שטאט האבן דערווייל געדויערט די פאגראמען. צו מארגנס, שמיני של פסח, נאכדעם ווי די שליחים זיינען ארויסגעפארן זוכן הילף, אין דער פרי איז נאך געווען רוהיג, די יידן זיינען אוועק דאווענען, אבער שפעטער מיטן אנקומען פון די יונגע פויערים פון די ארומיגע דערפער, האבן זיי צוזאמען מיט די שטאטישע חוליגאנעס אנגעהויבן איבערפאלן. די יידן זיינען אין היילענעש אנטלאפן אהיים דורך די הינטער געסלעך און אַ סך האבן אויפן וועג געכאפט קלעפ.

די פאגראמען האבן געדויערט דעם גאנצן טאג, און אויך צו מארגנס, מיטוואך אין דער פרי. ערשט נאך מיטאג האבן די אנגעקומענע פרעמדע פאליציי איינגעשטעלט די ארדנונג.

אין די 3 טעג פון פאגראמען זיינען פארוואונדערט געווארן ביי 200 יידן און עס איז געהרגעט געווארן מיט אַ קלאפ פון אנ׳אייזן איבערן קאפ ר׳ סנדר קימעל, וועלכער האט געוווינט געגנאיבער ר׳ לוי יצחק׳ס הויז.

שפעטער האט מען דערציילט אז די פאגראמשציקעס זיינען אריין אין זיין הויז מיט דער הילף פון אַ שכן אַ כויערער קאנדערא, וועלכער האט זיך געוואלט נוקם זיין אין ר׳ סענדערן צוליב אַ שכנים סכסוך, האט ער אונטער געהעצט די פאגראמשציקעס און זיי געגעבן אַ לייטער זיי זאלן קענען אריבער קלעטערן דעם הויכן פארקאן און אריינדרינגען צו ר׳ סענדערן אין הויז.

דער בלבול איז גוט צוגעגרייט געווארן ווי אַ קלאסישער בלוט בלבול מיט אַ לעבעדיגן עדות. ווער ס׳זיינען געווען די ארגאנאזיאטארן איז קיינמאל ניט דערוואוסט געווארן, אפילו ניט נאכדעם ווי עס איז דערהרגעט געווארן דורך אונבא־קאנטע דער פאטער פון די דארפסמיידל. לויט ווי מען האָט דערציילט האָט ער זיך קעגן געשטעלט זיין צווייטער פרוי דער שטיפמוטער אז זיין טאטכער זאל זיין דער העלד פון׳ם בלוט בלבול, און מורא האבנדיק אז ער זאל זיי ניט ארויסגעבן, האָט מען אים געהרגעט.

אין שטאָט האָט מען דערציילט דערנאך אז די ארגא־ניזאטארן זיינען געווען די אָנפירער פון דער פאָליטישער מאכט פון ארט צוזאמען מיט כלל טוער פון דער געגענד און צווישן זיי דער גלח פון דארף פאלאמיא נעבן דעם שטעטל ניעבילעץ, אין וועלכע ס׳האט געוווינט די משפחה פון מיידל. די יידן זיינען געוועזן צופיל פארנומען מיט זייערע דאגות אז זיי זאלן פרובירן אויפדעקן די שולדיגע, די פאליציי ווידער, אדער אירע לייטער זיינען געווען צווישן די ארגאניזאטארן פון דעם בלבול — אזוי האט מען דערציילט אין שטאט — אדער זי האט געגלויבט אז די יידן זיינען די שולדיגע. אַ באווייז דערצו איז די אויפפירונג פון פאליציי

קאמאנדאנט קרעמער, בעת ער האט זיך באמיט צו איבערצייגן די דארפס מיידל אז זי זאל דערקענען אין ר׳ לוי יצחק שיף, דעם מענש וואס האט זי פארשפארט אין קעלער און אויך איז אַ באווייז דער פאָלגענדער פאַקט. ווען איך אליין בין דעם לעצטן טאג פסח אין דער פרי — נאך איידער די דארפישע פויערים זיינען געקומען אין שטאט אריין, און די שטאטישע האבן נאך ניט געוואגט אליין אנצוהייבן די פאגראמען — געגאנגען פארבינדן די צוויי שליחים, מיין שוועסטער און לייבוש דיאמאנט, איז מיר אויסגעקומען פארביי צו גיין דעם פאליציי קאמיסאריאט, זיינען אויף מיר אנגעפאלן די פאליציאנטן מיט געשרייען און קללות, גלייך ווי איך וואָלט געווען אַ שותף צום פארברעכן.

אין די יידנס שולד האבן אויך געגלויבט די בעסטע קריסטן אין שטאט. ווען עס איז געקומען אַ דעלעגאציע צום ד״ר פאטרין, דעם בירגערמייסטער וועלכער איז שטענדיג געווען לאיאל צו יידן, און ער איז קיין אנטיסעמיט ניט געווען — און די דעלעגאציע האט אים געבעטן ער זאל זען צו ווירקן כדי צו בארוהיגן די געמיטער און אבצושטעלן די פאגראמען, האט ער געענטפערט מיט די ווערטער: „נאך וואס האט דאס אייך געטויגט״?

נאך דעם ווען עס האט זיך אַ ביסל בארוהיגט, נאכדעם ווי די פאליציי מיט הילף פון פרעמדע האט מיט כח אונטערדריקט די פאגראמען, האט זיך נאך געפילט אַ שפאנונג אין שטאט און די יידן האבן מורא געהאט, אז די פאגראמשציקעס זאלען ניט ווידער זוכן אַ געלעגנהייט זיך אבצורעכענען מיט זיי. צוליב דעם זיינען ווידער ארויסגעפארן פון סטריזוב איין דעלעגאציע — מיין שוועסטער מיט משה קוליק און צוזאמען מיט ד״ר שווארצבארט פון קראקע — זיינען זיי נאכאמאל געגאנגען צו דער דעלעגאטור. דארט האבן זיי זיך געטראפן מיט אַ צווייטע דעלעגאציע, דעם ראש הקהל ר׳ אברהם טענצר און ר׳ חיים יודל האָרוויץ וואָס האָט געהאט פארבינדונגען אין די פוילישע אריסטאקראטישע קרייזן צו וועלכע ס׳האט געהערט דער דעלעגאט ד״ר גאלעצקי און זיינע הויכע בעאמטע. און ווירקליך איז דער פחד פון יידן געווען בארעכטיגט.

א פאר וואכן נאך דעם ערשטן פאגראם איז אנגעקומען אין שטאט אריין אין אַ מאנטיק פארנאכט אַ יידישע זעלבסטשוץ גרופע, וואס האט זיך ארגאניזירט און געווען טעטיג אין דער געגנט פון קראקע, און גלייכצייטיג איז אויך אנגעקומען אַ גרופע סאלדאטן מיט אַ יונגן אפיציר בראש. די יידישע גרופע האט די שטאטישע מאכט ניט ערלויבט ארויסצוטרעטן — מיט דעם תירוץ אז דאס דערשיינען פון באוואפנטע יידן וועט נאך מער אויפרייצן די פוילישע באפעלקערונג און נאך פארערגערן די לאגע. דאגעגן זיינען די סאלדאטן גלייך צוגעטראטן ענערגיש צו דער ארבעט, מסתמא האט מען אין די קרייזאמטן געוואוסט אז עפעס גרייט זיך צו.

צומארגנס — דינסטיק, וואס איז שטענדיג דער מארק טאג אין סטריזוב, האבן אנגעהויבן אנצוקומען אין שטאט אריין אַ גרויסע צאל פויערים מער ווי געוויינליך, ווייזט אויס ניט מיט קיין גוטע כוונות לגבי די יידן. עס איז גראדע געווען נאכן צוגיין פון שניי און אויך צוליב די פרילינגס רעגנס איז דער טייך ווילסלוק, וואס נעמט ארום די שטאט פון צוויי זייטן, אריבער די ברעגעס, און צו דער שטאט האט מען געקענט צוקומען נאר פון מזרח און פון דרום איבער שמאלע האלץ בריקלעך וואס זיינען געווען אויסגעבויט אין קריגס צייט, אנשטאט די בעטאן בריקן, וועלכע זיינען אויפגעריסן געוואָרן דורך די עסטרייכער אין 1914 בשעת זייער צווייטן ריקצוג.

ווידער פון מערב און צפון האט מען נאר דורך די הויפט וועגן געקענט צוקומען און ניט דורך די נאסע פעלדוועגן. דער ענערגישער אפיציר האט אויסגעשטעלט די סאלדאטן אויף די סטראטעגישע פאזיציעס ביי די בריקן און אויף די וועגן, באוואפנט און גרייט צום שיסן. ער אליין איז ארומגעריטן אויפן פערד פון איין פלאץ צום צווייטן, אויפגעפאסט אויף די סאלדאטן און געווארנט די וועלכע האבן געוואלט זיך דורכרייסן די רייהען, און אויך געבעטן זיי זאלן ניט גורם זיין צו פארגיסונג פון ברידער בלוט, ווייל ער איז פעסט ענטשלאסן זיי ניט דורך צו לאזן אין שטאָט אריין. צוליב דעם האָבן זיך נור איינצעלנע דורכגעגנבעט אין שטאט בשעת דער גרעסטער טייל פויערים וואס איז געקומען מיט פערד און וואגן איז געבליבן אויסערן שטאָט. די וואָס האָבן געווינט ניט ווייט פון טייך האָבן געזען די ארומיגע פעלדער פול מיט וועגן מיט וועלכע די פויערים זיינען געקומען אין שטאט אריין. נאך דעם איז שוין אין סטריזוב ניט געווען קיין פאגראמען, אבער ד׳ערפאר זיינען זיי אריבער אין די נאענטע און ווייטערע ערטער און אפילו ביז ריישא זיינען זיי דערגאנגען. עס זיינען געווען מענשן וואָס זיינען אנטלאפן פון סטריזוב צוליב די פאגראמען, און זיי זיינען פאגראמירט געווארן אויף די נייע פלעצער וואו זיי האבן זיך באהאלטן. דער גרעסטער פאגראם איז פארגעקומען אין קאלבושוב, וואו עס זיינען דערמארדעט געווארן 9 יידן און פיל פארוואונדעט.

די פרוי גאלדע האָרוויץ און ר׳ ישראל אהרן בערגער זיינען געשטעלט געווארן פאר א שווור געריכט אונטער דער באשולדיגונג פון מארד פרוב אויף די דארפישע מיידל. אבער אז דער ציל פון מארד האָט געזאָלט זיין צו בלנט צוועקן — ווי יעדער איינער האט געגלויבט — איז אין געריכט ניט דערמאנט געווארן. דער פארטיידיגער אין פראצעס איז געווען דער בעקאנטער אדוואקאט ד״ר לייב לאנדוי פון פשעמישל. דאס געריכט האט באזוכט דעם פלאץ פון פארברעכן און האט געהייסן איינעם פון די זין פון ר׳ לוי יצחק שיף דורכקריכן דורך דעם קעלער פענסטער און דאס איז אים געלונגען. אויף דעם פראצעס זיינען ארויסגעטראטן אלס עדות, חוץ די אריינגעמישטע אין פראצעס אויך יאן

קאפיטו און דער בוי ארבייטער קונדערא, ווער ס'האט דערציילט אז ער האט געהערט פון זיין הויז וועלכע שטייט געגנאיבער, די געשרייען פון די מיידל דורך דעם קעלער פענסטער.

די באשולדיגטע זיינען באפרייט געווארן צוליב מאנגל אין בעווייזן, און צוליב די זעלבע סיבות אויך די פאגראמשציקעס, וועלכע זיינען באשולדיגט געווען אין מארד פון ר' אלכסנדר קיממעל.

ביסלעכווייז האט זיך אלץ בארוהיגט אין שטאט. קונדערא איז קורץ נאכדעם געשטארבן אין משוגעים הויז. אין שטאט האבן זיך נאכדעם פארשפרייט קלאנגען, אז ער איז אראפ פון זינען ווייל זיין געוויסן האט אים געפייניגט וואס ער האט מיטגעהאלפן צום מארד פון שכן. יאן קאפיטו האט פון די ארגאניזאטארן פון פאגראם ניט בקומען קיין לוין, אבער אויך די יידן האבן ניט געזוכט זיך נוקם צו זיין אין עם און ווען ער איז געווען הונגעריג האט ער ווידער באקומען עסן ביי מלכה רויזע טייטלבוים — די גוטהארציגע, ווייל זי האט ניט געקענט פערטראגן אז אַ מענש זאל הונגערן טראָץ דעם וואָס ער האט אזויפיל מיטגעהאלפן צום פאָגראָם.

די געשיכטע מיטן בלוט בלבול האט נאך געהאט אַ לאנגע צייט נאכדעם אפקלאנגען אין עפנטליכן לעבן. אויך קיין סטריזוב איז אנגעקומען אנ'אויספארשונגס קאמיסיע פון פוילישן פארלאמענט, צווישן אירע מיטגלידער איז געווען דער באקאנטער פויערים פירער ווינצענטי וויטאס (דער שפעטערדיגער פרעמיער) און דער באקאנטער יידישער היסטאריקער ד"ר יצחק שיפער. די קאמיסיע איז געקומען צום זעלבן אויספיר ווי דאס געריכט, אז די מיידל האט געקאנט אנטלויפן דורך דעם פענסטער פון קעלער.

די אלמנה פון ר' אלכסנדר קיממעל, וועלכע איז געבליבן מיט קליינע קינדער, אן פרנסה, האט פארקויפט איר הויז און עמיגרירט קיין אמעריקע. אויך די פרוי גאלדע הארוויץ איז אוועק מיטן מאן און קינדער קיין אמעריקע. ר' ישראל אהרן בערגער האט פארלאזט סטריזוב און איז אריבער אין אנ'אנדער שטאט, און אין סטריזוב האט זיך ביסלעכווייז איינגעשטעלט אַנאָרמאל לעבן. די יידן האָבן פארגעסן עסטרייך און זיך צוגעוויינט צו דער נייער ארדנונג. זיי האבן גענומען אנ'אקטיוון אנטייל אין די וואלן צום סיים און סענאט, און ביז צו דעם קומען פון פילסודסקי צו דער מאכט — האבן זיי געשטימט אויף יידישע ליסטעס, ובפרט ווייל די פוילישע פארטייען האבן ניט פרעטענדירט אויף קיין יידישע שטימען, און עס איז אויך ניט געוועזן ווי אין עסטרייך און אין די סאנאציע צייטן — קיין נאענטע פארטיי צו דער מאכט. די מאכט פלעגט זיך ארגאניזירן יעדעס מאל לויט דעם אויסגאנג פון די וואלן. אין דער אינערליכער אוטונומיע פון דער קהילה האט זיך גארניט געענדערט, און אין די שטאָטראטן האָבן יידן צוזאמען געארבעט מיט קריסטליכע פארטייען אדער פערזענליכקייטן אזוי ווי פריער. אויך אויפן קולטורעלן געביט האָט זיך גארניט געענדערט, ווייל אויך ביי עסטרייך האבן אין גאליציע געהערשט די פאליאקן, און די אומגאנגס שפראַך איז געווען פויליש. אויפן עקאנאמישן געביט האבן די יידן איבערגעריסן זייערע האנדלס באציאונגען מיט די לענדער וואס האבן געהערט צו דער עסטרייך—אונגארישער מאנארכיע, און האבן אנגעקניפט באציאונגען מיט אנדערע פוילישע געביטן. די עקאנאמישע באציאונגען מיט דער פוילישער באפעלקערונג האָבן זיך כמעט גארניט געענדערט ווייל נאך די פאגראמען איז ניט געקומען ווי אין 1898 אַ עקאנאמישע בויקאט באוועגונג, און די קריסטן האבן ווייטער געהאנדלט מיט יידן ווי פריער. אין באצוג צו יידן האט טאקע געפעלט דער ליבעראלער עסטרייכישער גייסט אבער גלייכצייטיק האט אויך געפעלט דער גייסט פון דער העכערקייט פון דער פוילישער אריסטאקראטיע, און אנשטאט דעם — מעגלאך אז דאס איז געווען אונטערן איינפלוס פון דער אלץ וואקסנדער שטארקער ציוניסטישער באוועגונג — איז געוואקסן דער געפיל פון זעלבסט כבוד ביי די יידן.

די תקופה צווישן ביידע וועלט מלחמות האט זיך אויסגעצייכנט מיט איין אינטענזיוו קולטורעל לעבן פון דער יידישער באפעלקערונג אין שטאָט און ספעציעל פון די ציוניסטישע ארגאניזאציעס אין צוזאמענהאנג מיט דער פארשטארקטער עליה קיין ארץ ישראל. די עקאנאמישע לאגע פון די יידן איז ניט געווארן ערגער, פארקערט, נאך אַ ביסל בעסער ווי אין די עסטרייכישע צייטן, און אויך דאס איבערנעמען די מאכט דורך פילסודסקי און די סאנאציע האט ניט געבראכט קיין גרויסע ענדערונגען אין זייער לעבן. נאר אין די צייטן פון די אלגעמיינע וואלן האט זיך געפילט אַ געוויסער עקאנאמישער און פאליציייאישער דרוק, ווייל די סאנאציע פונקט ווי די עסטרייכישע מאכט האט געוואלט געווינען יידישע שטימען. די דאמלטיגע אנטיסעמיטישע באוועגונג געשטיצט פון דער רעגירונג (באקאנט אונטערן נאמען „אווּשעם" פאליטיק) האט ניט פיל שאדן געבראכט די סטריזובער יידן. אמת, די מאכט ארגאנען האבן געקענט אבזאגן יידישע ביטעס וועגן ערלויבנישן א.ז.וו. אן שום סיבה, און זי האט זיך טאקע באנוצט מיט די רעכט, אבער די אלטע ערלויבענישן האָט זי זיי ניט צוגענומען. עס האָבן זיך דאן טאקע געעפנט אַ פאר קריסטליכע געשעפטן, אבער דאס האט ניט געקענט שנעל ארויס שטויסן די יידן פון מסחר ווייל זיי זיינען געווען בעסער איינגעווארצלט און מער ערפארענער.

איינס פון די סימנים פון יענער תקופה איז געווען די פארשטארקטע אויסוואנדערונג פון די יידן פון די דערפער, אפילו די וועלכע האבן געלעבט דארט דורות לאנג. די מערהייט האט געפונען פרנסה אין שטאט און האבן אפילו ווייטער געהאנדלט מיט דער באפעלקערונג פון זייערע דערפער.

עס האבן זיך באוויזן אנדערע ערשיינונגען פון אנטיסעמיטיזם. צום ביישפיל — אין די וועלדער ארום דער

שטאט וואס האבן געהערט צום גוטבאזיצער וואלקאוויצקי, וואו יידן פלעגן אלע שבת שפאצירן און קיינער האט זיי ניט געשטערט, האבן זיך באוויזן שילדן, אז פאר יידן איז דער איינגאנג פארבאטן. ערשט נאך מיין אינטערווענץ האט מען די שילדן אראפגענומען. אויך פלעגט מען ניט איבער־פירן מער די וועכנטליכע מארק טעג פון דינסטיג אויף אנ׳אנדערן טאג אויב דער דינסטיק איז אויסגעקומען אַ יידישער יום־טוב, ווי עס איז געווען איינגעפירט יארן לאנג — אבער מארק טעג אן יידן האבן סיי ווי סיי קיין ערפאלג ניט געהאט. די יידן וועלכע האבן געוווינט אין זייטנגאסן צווישן קריסטן אדער אין די פארשטעט, פלעגן ניט איינמאל ליידן פון ווארפן שטיינער און בפרט אין די סוכות וועלכע זיינען געווען אין הויף, און אויך פון אנדערע צרות מצד די שכנים. פשוטע פאליאקן האבן ניט איינמאל געסטראשעט די יידן מיט היטלערן, און אויך אין דער אלגעמיינער שולע האבן די יידישע תלמידים געליטן פון זייערע מיטשילער און טיילמאל אפילו פון די לערער. אבער טראצדעם זיינען די באציאונגען צווישן די יידן מיט די פאליאקן געבליבן אין אלגעמיין נארמאל ביז דעם קריגס אויסברוך.

פנחס קלאץ — אלוני

# א קדיש דיר, שטעטאלע מיינס

ווען איך האב באשלאסן אנהויבן שרייבן אַ בינטל זכרונות פון מיינע קינדעריארן, וועלכע איך האב פאר־בראכט אין סטריזוב, האָט זיך פאַר מיר געשטעלט אַ שווערער פראבלעם, ווי אזוי באשרייבן די קינדער יארן? צו זאל איך שרייבן די איינדרוקן ווי איך האב זיי דאמלסט געזען אלס קינד, אדער ווי איך קוק אויף זיי היינט. איך האב פארלאזט דאס שטעטל נאך מיט 32 יאר צוריק. איך בין אפשר פון דאמלסט קליגער ניט געוואָרן, אבער דאָך בין איך מער דערפארן ווי געווען, וועלן אפשר מיינע זכרונות אויסזען צוליב דעם קינדיש און נאאיוו?

איך גלויב אַז שרייבנדיג דאָס וואָס איך האָב איבער־געלעבט וועט דאס אויך זיין אין אַ געוויסער מאס אַאבשפיגלונג פון נאך פיל מענשן פון זעלבן שטעטל, ווייל דאס לעבן אין אַ קליין שטעטל איז געווען מאָנאַטאַן אין געשעהעניש, סיי קליינע, סיי גרויסע, שפיגלען זיך אָפּ מיט געוויסע וואריאנטן, מער ווייניג גלייך ביי יעדן איינציגן.

היינט ווען איך קוק אַ שטייגער אויף אונזער פרייטיג צו נאכט, ווי מיר האבן פארבראכט, זעט דאס אויס אַ ביסל פארעלטערט, אבער דאמלסט זיינען מיר אלע געווען אונטערן טיפן איינדרוק וועלכער פארגעסט זיך ניט אזוי שנעל.

ווען מיר פלעגן זיך צונויפזאמלען פרייטיג ביינאכט אין די ווינטער טעג אין ווארעמן בית מדרש ביי דעם שוואכן שיין פון 2—3 ליכטלאך, וואָס האָבן נאָך געצאנגט אויפן עמוד, אדער אין די זומערנעכט אויפן שול פלאץ, ווו מיר פלעגן זיצן אויפן גראז אדער אויפן געמויערטן יסוד פון פארקאן און דערציילן מעשיות פון גוטע יידן, רבנים, בעלי מופתים, אדער סתם מעשיות וועגן שדים און רוחות וואס די קינדערשע נשמה האט איינגעזאפט אין זיך מיט אַ ציטער און געגלויבט יעדן ווארט. פאר דער פאנטאזיע האבן זיך פארגישטעלט די אלע בילדער, און מיט פחד האט מען געקוקט מיט אַ ווינקל פון אויג צום אלטן בית הקברות און עס האט זיך געדאכט אז עפעס זעט מען, עפעס הערט מען, כאטש מען איז געווען זיכער אז דאס איז נאר אַ נאכט פויגל, דאָך האָט מען מורא געהאט אז אפשר איז דאָס אַ זינדיקע נשמה פארשטעלט פאר אַ פויגל, וועלכע קלאָגט זיך אז זי קען קיין תיקון ניט געפינען. אַ מורא האבן אויף אונז געווארפן די מעשיות וועגן קינדער וועלכע זיינען ביי נאכט איינגעשלאפן ביים דאווענען אין שול און זיך אויפגע־כאפט שפעט ווען די מתים זיינען געקומען אפריכטן חצות.

עס ליגט מיר נאך אין זכרון די בין השמשות שעה פון שבת צו נאכטס איידער מען האט די ליכט אנגעצונדן, ווען דער אלטער בית המדרש איז געווען פול מיט סודישע שאָטנס בשעת מ׳האט געהערט די קלאנגען פון זמירות פון די יידן וועלכע האבן אבגעריכט שלש סעודות.

איך געדיינק נאך די פארטאגן פון די סליחות טעג, ווי קוקנדיק אין פענסטער האב איך געזען ווי לאנגזאם ווערט בלאסער די נאכט, די שטערן לעשן זיך אויס איינער נאכן אנדערן און פארשווינדן, און עס הייבט אן צו טאָגן, דאָס האָב איך אַ גאנץ יאר ניט געזען נאָר ווען מיר האבן געזאגט סליחות.

היינט ווען איך קוק אויף דעם אלעם זעט דאס אויס קינדיש. אבער דאמלסט איז אין דעם געווען אַ סך חן און דער רושם איז געווען אויסערגעוויינלאך שטארק.

אזויווי אין אַ קליין שטעטל איז ניט געווען קיין סך פארוויילונגען האט מען זיך אליין געשאפן צייטפארטרייב. איינס פון זיי איז געווען דאָס גיין צו דער באנסטאנציע, ווען עס קומט אן אַ צוג, און ספעציעל אין חול המועד, כאטש מ׳האט קיינעם ניט באגלייט און אויף קיינעם ניט געווארט, איז מען דאך געגאנגען די 3 קילאמעטער זען ווער עס קומט אן און ווער עס פארט אוועק.

א געשעהעניש אין שטעטל איז געווען אַ חתונה. אלע

האָבן אנטייל גענומען און מיר, קינדער, זיינען געווען די גליקלאַכסטע. איך פלעג ארומלויפן צווישן די מוזיקאנטן, און בין געווען שטאלץ אז מען האט מיר אנגעהאנגען אויף די פלייצעס דעם גרויסען פויק. און כ'האב אזוי מארשירט אין די גאסן נאָך מיר דער מוזיקאנט און געקלאַפּט מיט די צווי שטעקאלאך. פון צייט צו צייט האט ער אויף קאטאוועס אויך מיר דערלאנגט איבערן קאָפּ. אַ פּאר טעג נאך דעם האָט מיר אויך די פלייצע ווי געטאָן און דאָך בין איך געווען גליקלאָך.

אַ וויכטיג געשעהעניש איז געווען אין שטעטל די מחלוקה צווישן די רבנים — און ווען ס'איז אין צוזאמענהאנג מיט דעם עפּעס געשעהן, אדער ווען באקאנטע רבנים פלעגן קומען צו זייערע קרובים און מחותנים. יעדן יאר פלעגט קומען צו אונז דער רבי ר' חיים אלעזר פון מונקאטש צוזאמען מיט זיינע חסידים. יידן און להבדיל, גויים פלעגן קומען צו עם, און דאס גאנצע שטעטל איז געגאנגען אויף רעדער.

ווען עס פלעגט אויסברעכן אַ שריפה — איז פאר אונז קינדער געווען אַ שטיק יום־טוב. אפילו אַ געשלעג צווישן שכורים זונטיק אדער אין טאג פון יריד, איז פאר אונז אויך געווען אַ שמחה.

אויפגעלעבט האָט דאָס שטעטל ווען עס פלעגן קומען פון אנדערע שטעט חזנים מיט אדער אן כארן, דרשנים און מגידים, וועלכע פלעגן דרשענען אין בית המדרש, בדחנים אויף חתונות ובפרט ציוניסטישע רעדנער.

אממייסטן האָבן מיר איבערגעלעבט פאר דעם יערליכן שטעלן זיך צום מיליטער. די אלע וועלכע האבן געדארפט גיין צום מיליטער האבן געינדערט זייער נארמאלן לעבן, און די שטילע, רוהיגע בחורים האבן זיך פשוט צולאזן. די פרומע בית מדרש בחורים האבן פארלאזן די גמרא, די ערנסטע ציוניסטן — דעם ביכל, די שטילע גיזעלן פון די בעלי מלאכה — די אינגלאך, די ווארשטאטן, די וועלכע האבן געהאלפן די עלטערן זיינען ניט געקומען אין געוועלב און אלע האבן צוזאמען פארבראכט די נעכט. צוזאמענגעקומען איז מען זיך אין בית מרדש. מ'האט געזאגט תהילים, געזונגען לידער און ניגונים, דערציילט מעשיות און אמאל אויך געשפילט אין קארטן. חוץ דעם האט מען עוסק געווען אין מעשה קונדס. מען האט געהייצט די אויוונס מיט האלץ וואס מ'האט געבראכט פון יידישע הויפן, געגעסן דאס וואס מ'האט אויסגעליידיגט פון די הויז־שרענקלעך און דערביי אויך געטאן מעשים להכעיס. אין דער פרי האט ניט איין סוחר אדער בעל מלאכה געמוזט זוכן זיין שילד, וועלכער איז געהאנגען ביים צווייטן, אנדערע האבן געפוצט די קלאמקעס פון די טירן וועלכע זיינען געווען אויסגעשמירט מיט סמאלע, און בעלי־בתים האבן אַהיים־געטראגן פון די פארקאנעס דאס וואס עס איז געבליבן פון פארברענען אדער סתם פארשלעפּט.

איך און אנדערע אינגלאך זיינען נאך ניט געווען מיליטער פליכטיג, מיר זיינען אבער מיטגעגאנגען מיט די גרויסע און זיך באטייליקט אין זייערע שטיקלאך.

אין טאג פון שטעלן זיינען די פויערישע יונגען געקומען אין שטאט אריין מיט שכורן געזאנג, אפילו ווען זיי זיינען געווען ניכטער, און ס'איז געווען אַ סכנה פאר אַ יידן זיך צוזאמענטרעפן מיט גרופּעס פון זיי. דאקעגן, די יידישע שטעלערס, די צולאזענע פון נעכטען, זיינען געווען ערנסט אבגעבנדיק זיך אַ חשבון אז דער באשלוס פון דער מיליטער־קאמיסיע באשטימט זייער גורל אויף עטלעכע יאר און מאנכמאל אויפן גאנצן לעבן.

היינט זעט דאס אלץ אויס לעכערליך און פארעלטערט, אבער דאמלסט, פאר 12—14 יאריקע אינגלאך האט דאס געהאט זיין אייגנארטיגן פרימיטיוון חן.

מיינע חדר יארן גיהערן שוין צו אנ'אנדער תקופה. פאר מיר זיינען דאס געווען שווערע יארן. גילערנט האב איך דווקא זייער גוט, נאר דער רבי מיינער איז געווען מיין אייגענער זיידע, ר' משה שמואל פרידמאן. ער איז געווען אַ גוטער מלמד אבער אַ שלעכטער פעדאגאג. איך בין געזעסן ביי זיין רעכטער האנט און ביי דער לינקער — אַ צווייט אייניקל פון דינוב און מיר ביידע האבן געכאפּט די קלעפּ פאר אלע. דעם זיידען, אייד אַבן שבעים, איז שווער געווען אָפּט זיך אופצוהויבן פון טיש און גיין צו יעדן שלעכטן תלמיד, האט ער אויף יענע געשריען און אונז מכבד געווען.

דערפאר האבן מיר אויסגענוצט יעדע פרייע צייט און גלייך אוועק צום טייך זיך באדן. אַ שיינער טייך איז געווען ביי אונז, אַ שיינע געגנט, וועלדער, בערג, גוטע לופט, וואסערקוואלן וואס מ'האט געזאגט אז זיי האבן אין זיך הייל־אייגנשאפטן צו אויגן און הויטקראנקהייטן. אויפן וועג צו אַ קוואל איז געשטאנען אַ בילד פון אַ קאטוילישן הייליגן, וועגן וועלכן סאיז ארומגעגאנגען אַ לעגענדע אז דאס איז דער בילד פון גריבאווער רב — אַ שטעטל ניט ווייט פון סאנדז — וועלכער האט זיך אין סטריזוב געשמדט. אויף ווי ווייט דאס איז אמת ווייס איך ניט. ווער האט דאמלסט אין זינען געהאט צו פארשן דאָס אלץ. די דערוואקסענע יידן האבן געהאט גענוג זייערע אנדערע זארג און מיר זיינען געווען קינדער און געהאט אין זינען זיך צו שפּילן.

מענשן וואס פארנעמען זיך מיט פארשן און פאלקלאר וואלטן ביי אונז געהאט אַ רייך פעלד צו פארשן. זיי וואלטן אפשר דערגאנגען פון וואנען עס שטאמט די וואונדערליכע שפּראך וואס קינדער האבן זיך באנוצט ביים שפּילן און וועלכע איז איבערגעגאנגען פון דור צו דור: „ען טען טינא סאוואראקא בינא" און נאך אנדערע. זיי וואלטן אויך דערגאנגען פון וואַנעט שטאמט דער מנהג אז יעדער איינער פון שטאט האט געהאט חוץ דעם נאמען און פאמיליענאמען אויך אַ צונאמען. און נאך ביז היינט געדיינקט מען אונזערע מענשן פון שטעטל גיכער לויט זייער

צונאמען ווי פאמיליענגאמען. אבער די קינדעריארן זיינען אוועק און דאמלס האבן זיך אנגעהויבן די אמתע שווערי־קייטן, און אויך ביי מיר האט זיך דאמלסט אנגעהויבן דער קאַמף מיט די עלטערן. דאס איז דער אייביקער פראבלעם צווישן עלטערן און קינדער, און איז געווען שאַרף ספּעציעל אין די לעצטע יארן אין די קליינע שטעטלעך פון גאליציע. די קינדער האבן זיך געריסן אין די ברייטע וועלט צו ברייטערע האריזאנטן, און די וועלכע זיינען געווען באהערשט פון ציוניסטישן געדאנק האָבן געשטרעבט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל. אבער די עלטערן האבן געוואלט איינהאלטן די קינדער אין זייערע ד׳ אמות, מורא האבנדיק אז זיי זאָלן חלילה ניט אוועק פון יידישקייט. די טראַגעדיע איז געווען אַז ביידע צדדים זיינען געווען גערעכט.

איך בין אויך געווען צווישן די וועלכע האבן אנגעהויבן טראכטן וועגן ארץ ישראל. איז דער ערשטער שריט געווען זיך אנהויבן לערנען אַ פאך און גיין אין די ציוניסטישע ארגאניזאציע. דאמלסט האָבן זיך די עלטערן שטארק אקעגנ־געשטעלט. אז מען לערנט אַ פאך הערט מען אויף צו לערנען תורה, און אז מען גייט אין די ארגאניזאציע לייענט מען שוין אַ ביכל און מ׳קומט זיך אויך צוזאמען מיט אַ מיידל.

אבער דעם גאנג פון לעבן האבן די עלטערן שוין ניט געקענט איינהאלטן, ווייל דער שטראם איז שוין געווען צו שטארק. די יוגנט האט געזען אַז אין פוילן איז פאר איר ניטא קיין צוקונפט, דער אנטיסעמיטיזם וואקסט, מען וויל די יידן ארויסשטופען פון זייערע פרנסות און צו קיין ארבעט לאזט מען זיי ניט צו, האבן די עלטערן אויך צום סוף איינגעזען אז זיי קענען ביי זיך די קינדער מער ניט איינהאלטן.

דאמלסט האב איך אנגעהויבן לערנען סטאלעריי אין סטריזוב ביי אַ גויישן סטאלער — ס׳איז ניט געווען קיין יידישער —, שפּעטער בין איך אוועק קיין ריישע ווייטער ל׳ערנען, נאכדעם אויף הכשרה, און שפּעטער האב איך מיט אנדערע עולה געווען קיין ארץ ישראל. דאָס האָבן אַ סך פון אונז מיטגעמאכט און איך וויל וועגן דעם ניט שרייבן.

און אט איז אונזער שטעטל שוין אויך ניטא, אַ שטעטל ווי טויזנטער שטעט און שטעטלעך אין פוילן און בכלל אין איראפּא, ניט ערגער און ניט בעסער פון אנדערע. פאַר אונז איז עס אבער געווען טייערער ווייל דאס איז געווען אונזער שטעטל, וואו מיר זיינען געבארן געווארן און אויפגעהאדעוועט, וואו מיר האבן איבערגעלעבטליידן און פריידן, וואו עס האבן געלעבט אונזערע עלטערן, אונזערע שוועסטער און ברידער, און זיי זענען שוין אויך מער ניטא. מיינע טייערע טאטע—מאמע האבן זיך זייער גאנץ לעבן אפגעמאטערט גלייך ווי אנדערע יידן און צום סוף האבן די מערדער, וועלכע האָבן אַ דריטל פון מיין פארפייניקט יידיש פאלק אויסגעראט, געמאכט אַ וויסטן סוף אויך צו מיין שטעטל.

זאָלן די פאַר באשיידענע בלעטלעך מיינע זיין אַ אייביקער קדיש פאר מיין שטעטל און פאר מיינע עלטערן, וועלכע זיינען געווען אמתע מענשן און געלעבט פון יגיע כפּיים.

זאל מען אויך קיין איין מינוט ניט פארגעסן אונזערע טייערע קדושים. דאס איז דער הייליקער חוב פון יעדן איינעם צו געדיינקן און ניט פארגעסן. זכור את אשר עשה לך עמלק.

ס׳איז אמאל געווען מיינ׳ס אַ שטעטאלע — כאטש ווי אַ כזית די גרויס.
טיף אין הארצן איז עס ביי מיר אויף אייביק פארבליבן.
רואיק האט זיך דארט געלעבט, טאג איין טאג אויס.
יידן זיינען דאָרטן געווען גוטע, הארציקע, טייערע.
זכרונות זיינען פון דארט פארבליבן, פול מיט אומעט און טרויער,
ווייל קרובים זיינען דארט אומגעקומען, אונזערע, אויך אייערע.
בלייבט טאקע דאס שטעטל ביי אלעמען אין זכרון ווי די הייליקע מויער.

**תנצב״ה**

**יחזקאל לאנגזאם**

# סטריזוב

צופוטנס פון די קארפאטנבערג, ארומגערינגלט מיט וועלדער, און אַ טאל ביי די ברעגעס פון טייך ווויסלוק, איז געלעגן אַ קליין חנ׳עוודיג יידיש שטעטל סטריזוב.

די, שטעטל האט זיך אין דער לעצטער צייט ניט אויסגעצייכנט מיט פערזענליכקייטן — באַרימטע אין דער וועלט, אבער אלע איינוווינער צוזאמען זיינען געווען איין גרויסע פערזענליכקייט. עס איז ניט געווען קיין איין נאציאנאל אדער רעליגיעזע אקציע פון פוילישן יידנטום, אין וולכער די סטרזזובער יידן זאלן זיך ניט באטייליגן. די יוגנט איז באשטאנען פון אַ הייפל אינטעליגענטע, נאציאנאל־באוואוסטזיניקע יידישע מיידלאך און בחורים, אקטיוו אין אלע נאציאנאלע און רעליגיעזע פארטייען, פון אגודת ישראל ביז צום לינקן השומר הצעיר (ביי די לעצטע וואלן צום ציוניסטישן קאנגרעס האט מען שוין אפגעגעבן שטימען אויך פאר׳ן השומר הצעיר).

דער מיטלפונקט פון שטעטל — דער מארק, איז געווען אַ גלייך אויסגעשניטענער פירעק, אומגערינגלט מיט כמעט נאר יידישע הייזער, אין מערב־דרומדיקן ווינקל אין אַ געסל איז געשטאנען די קירכע, אַ הויכע, די העכסטע געביידע אין שטעטל, ווי אַ שומר וואָס היט פון אַ אנקר־מענדיקן שונא. ליידער איז דאס געווען דער קוואל פון שנאה צו דעם יידן. דער מזרח־דרומדיקער ווינקל האט געדינט ווי אַ ארויסגאנגסטויער, דארט איז מען געגאנגען צום יידישן בית מרחץ און ווייטער, אונטער אַ אייזערנער באנבריק, צום בהמות מארק און שעכטהויז. דער זעלבער וועג האט אויך געפירט צום טייך.

שטיל האט געפלאסן דער ווויסלוק, באוואקסן פוןביידע זייטן מיט ווערבעס און הושענה־ריטלעך. אַסך קינדערשן פרייד און געלעכטער האט דאס טייכל אין זיך איינגעזאפט, אבער אויך צרות און געוויין ווען ס׳איז געשעהן אַ אונגליק און ס׳איז ווער דערטרונקען געווארן.

עס איז ממש געווען אַ גן עדן תחתון ווען מ׳האט שבת נאכמיטאג אַ שפאציר געטאן דורך דעם צווייטן וועג הינטער דער קירכע און דורך דער לאווע צו דעם אנדערן זייט פון טייך. די לאווע איז געווען אַ מין שמאלער איבערגאנג פון איינצלנע ברעטער, אויף וועלכן מ׳האָט דורכגעשפאנט זיך אנהאלטנדיק אן דעם דורכגעצויגענעם דראט. די ברעטער האבן זיך געשאקלט ביים דורכגיין און די יונגע הערצער האבן געצאפלט פאר שרעק וועלכע איז אבער געווען געמישט מיט פרייד.

ווינטער האט דער בארג צום באד געדינט צום שליטלען זיך, און דאס איז געווען אַיינע פון די גרעסטע תענוגים, אבער ניט ווייניגער ווען די מענער זיינען געגאנגען פרייטיק נאכמיטאג אין שוויצבאד, נאכדעם ווי דער בעדער האט געבלאזן אין אַ רער ווי אין אַ טראמפייטער און גערופן מיטן גאנצן כח „אין באד אַ ר י י ן“.

פון מזרח־צפונדיקן ווינקל איז געווען דער ארייַנפאר אין שטעטל פון ריישער זייט. אנגעקומען איז מען אהין פונ׳ם ז׳ארנאווער בארג און גלייך ביים ארייַנפארן איז געווען אַ בלאטע, וועלכע האט זיך שווער אויסגעטריקנט. צוויי־דריי הייזער פון דעם ווינקל אין דער ריכטונג פון מארק זיינען געווען דער שטעטישער בית מדרש און די קלויז פון סאסאווער רב, אריינגערוקט אין בית מדרש געסל, אַ ביסל ווייטער די שול מיטן שיינעם שולפלאץ, דאס איז געווען דער צווייטער גרויסער בנין פון שטעטל.

סטריזוב איז געווען ארומגערינגלט מיט בערג, וועלדער און פעלדער, און די שיינקייט פון דער נאטור האט זיך ממש געווארפן אין די אויגן.

דער עלטערער דור איז געווען פארטראטן אין אלע אפצווייגונגען פון חסידות, פון בעלז ביז מונקאטש, פון די סאדעגורער דינאסטיע ביז די רביים פון די ארומיגע שטעטלעך. ווי קליין דאס שטעטל איז געווען אזוי גרויס איז געווען די צאל־מוסדות, וועלכע האבן זיך פארנומען מיטן דערציען דעם יונגן דור. אַ העברעאישע פרעבלשולע פאר קליינע קינדער, אַ בית יעקב פאר גרעסערע מיידלעך, אַ ישיבה פאר גמרא בחורים, און אין דערהיים האָט יעדערער געלערנט.

צווישן די צדקה־מוסדות איז געווען אַ גמילות חסד, אַ חברה לינת צדק, צוויי חברות משניות און זעלבסטפארשטענדלעך אַ חברה קדישא. ס׳איז געווען אַ חברה תלמוד־תורה כדי צו שטיצן ארעמע חדר יינגלעך, צוויי חברות תיקון וקנין ספרים, באזונדער פארן בית מדרש און פאר דער קלויז, אויך אַ חברה תומכי עניים, אדער ווי מ׳האט דאס גערופן — אַפּפארטיג־געלד, כדי די דורכוואנדערנדיקע ארעמעלייט זאלן ניט דארפן גיין פון שטוב צו שטוב, און נאך פארשידענע אנדערע.

אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט איז געווען אין די רייען פון חלוצים, וועלכע האבן איבערגעלאזט זייער היים און אוועק צו דעם הארטן שווערן לעבן אין ארץ ישראל — דאמלסט.

פון אט דער יוגנט, געציילטע נפשות פון שארית הפליטה און פריהערע עמיגראנטן אין דער גאנצער וועלט, באשטייט היינט דאס שטעטל סטריזוב.

ביים גרויסן חורבן פון אייראפעאישן און בפרט פוילישן יידנטום — דערונטער אויך סטריזוב, איז חרוב געווארן אַ שטעטל פון ווער ווייס וויפיל הונדערטער יארן, מיט אירע מנהגים און טראדיציעס, מיט אירע ארעמע לייט און גבירים, תלמידי חכמים און פשוטע יידן, חסידים און ציוניסטן, אירע בתי מדרש ובתי כנסת און בתי קברות.

ס׳איז ניט געבליבן קיין זכר פון דעם אלעם, און פארשאלטן זאלן זיין די וועלכע האבן גורם געווען צו דעם אונגליק. ה.י.ד.

גולדה לאנגזאם-מילער

# די בית יעקב שולע אין אונזער שטעטל

עס קלעמטביים הארצן ווען מען שטעלט זיך אפ, אפילו אויף איין רגע און מען דערמאנט די פאר־גאנגנהייט

דאס שיינע און גוטע פארגעסט זיך ניט.

געווען אמאל... און וואס איז אונז געבליבן?

זכרונות!!! א פאר איינצעלנע מענשן, צוזייט און צושפרייט, זיינען די פארבליבענע אויף דער גאנצער וועלט, אבער עס עקסעסטירט ניט מער די שטעטל. עס טליעט אין יעדן הארץ פון די זכרונות, עס פארגעסט זיך ניט.

זכר לקדושים וטהורים!

מיט א פאר איינצעלנע ווערטער וויל איך דערמאנען די קינדער פון אונזער שטעטל. די ריינע, הייליגע נשמה׳לעך וועלכע שוועבן איבער אונז, און צווישן אונז און בעטן זיך: פארגעסט אונז ניט. מיר זיינען געווען יונג און שיין, פול מיט לעבן, פול מיט טרייהייט צו גאט, תורה און כאלק. מיר האבן געוואלט זיין די בויערינס פון יידישן פאלק, פון יידישער צוקונפט און ניט דערלעבט האבן מיר דערגרייך צום ציל. מען האט אונז אבגעריסן פון אונזערע טאטע—מאמעס, פון אונזער פאלק און אין איין קבר געווארפן.

טייערע הארציקע קינדער פון אונזער שטעטל. ארץ אל תכסי דמם.

קינדער פון אלע באוועגונגען, חדר אינגלעך, פרחי אגודת ישראל, בית־יעקב מיידלעך. זייער פול האבן אויפ־געטאן די תנועות נוער פאר די קינדער אין שטעטל, זיי האבן דערוועקט אין די קינדער א געפיל, ליבע און פאר־אנטווארטליכקייט פארן אייגענעם פאלק, כבוד פאר אלץ וואס איז אייגנס, כבוד פאר יידישער קולטור, א יידישן שבת און ימים־טובים, פאר יידישע לידער און פאלקסטענץ, פאר א אייגענער געזעלשאפט.

די בית יעקב שולע האט נאך צו דעם גאנצן פראגראם צוגעגעבן באוואוסטזיין פאר יהדות, יידישער קולטור על פי התורה.

די געטרייע בית יעקב לערערין פון אונזער שטעטל איז געווען מיין חברטע ברײנדל וואסערמאן ע״ה. זי איז געווען א מוסטער פון איבערגעבנקייט, צוגעבונדנקייט, זארג פאר די קינדער און מסירת נפש פאר א יידישער דערציאונג. זאל אויך דערמאנט ווערן דער בחור משה׳לע שווארצמאן, וועלכער איז געווען דער טיכטיגער עסקן און גרינדער פון דער בית יעקב שולע. זיי האבן ערנסט, מיט איבערגעבנקייט, געארבייט און געזארגט פאר דער עקסיסטענץ פון דער שולע. אויסגעצייכנט האט זיך ספעציעל די תלמידה פרידמאן, וועלכע אין שפעטער געווארן לערערין אין נאנטען שטעטל ווילאפאליע, וואו זי האט געגרינדעט א בית יעקב שולע, אונטער דער השגחה פון דער סטריזובער לערערין וואסערמאן.



א פארשטעלונג פון בית־יעקב מיידלעך

סך הכל בין איך געווען אַ אורח׳תע אין מיין שטעטל, אבער אהיימקומענדיג אין חופשות אדער ימים טובים פלעג איך ארויס אין גאס און זיך צוקוקן צו דעם פריש צוקומענ־דיקן יונגן דור, האב איך אין זיי געזען אַ שיינע צוקונפט פאר דעם ליידנדן פאלק.

נאך זע איך זיי פאר מיינע אויגן, די גרויסע רעדער האנט ביי האנט, ארעם און רייך, גרויס און קליין, נאך זע איך זיי טאנצנדיק, שטראלנדיק קעגן די שטראלן פון דער פארגייענדיקער זון. און נאך קלינגען אין מיינע אויערן זייערע הארציקע ווערטער:

מיר זיינען ווי פייגאלאך פרייע.
מיר זיינען ווי בלימאלאך אין פעלד
מיר זיינען חברים געטרייע
מיר קינדער פון יעקב׳ס געצעלט.

יא, קינדער, איר זייט באמת געווען די בלימאלאך אין פעלד, איר האט געבליט, איר האט געווירקט, מען האט פון אייך דערוואַרט אַ צוקונפט פארן פאלק.

ליידער האָט מען אייך אפגעפליקט אין דער שענסטער בליאונג. צוזאמען מיט אונזער פאלק זייט איר אומגעקומען פון די רוצחישע הענט. **ה.י.ד.**

**מרדכי שיף**

# חסידים אין סטריזוב

ווען מיינע מחשבות פירן מיך צוריק צו די טעג פארן גרויסן און ביטערן חורבן, דערמאן איך זיך אן מיין געבורטסשטעטעל סטריזוב מיט אירע טייערע יידן.

אונזער שטעטל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר קאלירקייט פון פארשידענע שיכטן פון יידן. געווען פשוטע הארציקע יידן, געווען תלמידי חכמים, משכילים און דער רוב חסידים פון פארשידענע רביים, הייסע בעלזער חסידים ווי ר׳ שלום שווארצמאן, ר׳ יעקלע שיף, ר׳ לייבעלע פרידמאן דער שוחט, פארברענטע מונקאטשער חסידים: ר׳ ישעיה און ר׳ חיים מאנדעל, ר׳ חיים יעקב נירנבערג, ר׳ שמואל משה גרוסקופף און אַ סך אנדערע פשוטע יידן. וועלכע האבן נאך געדיינקט — זיי אדער זייערע טאטעס — ר׳ שלמה׳לי שפירא, דעם רב פון סטריזוב, ס׳זיינען אויך געווען בלוזיבער חסידים — די משפחות טענצער, פייט און אנדערע מיט ר׳ איטשע בערנשטיין בראש ובעיקר סאדאגורער חסידים.

וועגן די לעצטע וויל איך מיר באזונדערס אפשטעלן צוליב זייער אייגנארטיגן כאראקטער און ווייל מיין גאנצע משפחה האט געהערט צו זיי און איך בין צווישן זיי אויפ־געוואקסן.

אונטער די סאדאגורער חסידים האבן זיך גרופירט צ׳ורטקאווער, הוסיאטינער, בויאנער און אלע פון די ריזינער דינאסטיע. די סאדאגורער חסידים — צווישן זיך האבן זיי זיך גערופן „אנשי שלומנו" — זיינען באשטאנען פון אַ גרופע 30—40 פארשוין ביי וועלכע עס האט געהערשט אַ באַזונדערע אחווה ווי ביי אַ גרויסע משפחה ביי יעדער געלעגנהייט זיינען זיי זיך צוזאמענגעקומען, געשטעלט אַ פלעשל יי״ש, געטרונקען לחיים, געשמועסט חסידות, אריין אין התלהבות און געכאפט אַ טענצל אין אַ פשוטן טאג פון דער וואך. די געלעגנהייט צוזאמען צו זיצן האבן זיי תמיד געפונען. דאָ אַ יארצייט אדער סתם אַ יומא דפגרא.

מ׳האט אפגעהאלטן אלע יארצייטן פון דער גאנצער דינאס־טיע, פון אלטן ריזינער אנגעהויבן און יעדן יום־טוב האט מען געפירט אַ טיש מיט משקה, דערביי איבערדערציילט די מופתים פון די רביים. ווער שמוסט ווען אַ גבאי פון וועלכן רבי פון דער דינאסטיע האט צוגעשיקט אַ נייע תורה וואס דער רבי האט מחדש געווען, איז דאס געווען אַ באזונדער געשעהעניש. מ׳האט זיך פארטיפט אינדעם געדאנק פון דעם חידוש און זיך געקוויקט מיט יעדן ווארט. געוויינלאך זיינען די תורות פונ׳ם רבין צוגעשיקט געווארן צו מיין זיידן ר׳ הערשאלע ז״ל, אדער ווי מען האט אים גערופן הערשאלע „בלי נדר", צוליב דעם וואס ער האָט ביי יעדער זאך וואס ער האט געזאלט טאָן, געזאגט בלי־נדר ובלי מסקנה. איבערלייענענדיג די תורות פון רבין פלעגט ער פארענדיגן מיט דעם אויספיר „די לחכימא ברמיזא" און די חסידים האבן זיך איבערגעקוקט מיט גרויס התפעלות.

כ׳דערמאן זיך אן די מחייה׳דיקע מלווה־מלכות אין די לאנגע ווינטערנעכט ביי מיין טאטן ר׳ לוי יצחק שיף נ״י אין שטוב ווען מיין מוטער החסידה מרת רבקה מבית הורוביץ ז״ל, האט פאר די חסידים צוגעגרייט אַ ווארעמען בארשטש מיט קארטאפל און אויך איבערגעלאזט פון שבתדיגן קוגל. מ׳איז געזעסן צוזאמען ביז נאך האלבער נאכט. ווער ס׳האט דערציילט אַ מופת פון דעם אדער יענעם רבין, ווער ס׳האט איבערגעזאגט אַ תורה.

מיין מאמע איז געווען אַ מכניסת אורחים און מיר האבן שוין געקענט אירע ווערטער, ווען ס׳איז אריינגעקומען אַ אורח צו אונז אין שטוב: „ר׳ ייד, גייט אייך וואשן" ד.ה. ער זאל זיך זעצן צום טיש עסן, און די וועלכע זיינען געבליבן נעכטיקן, האט זי אויך צוגעגרייט אַ געלעגער. פאר אַ גאר גרויסע מצוה האט זי געהאלטן משמש צו זיין חסידים — תלמידי חכמים.

איך געדיינק, ווי מיר נאך אלס יונגע בחורים, האבן

זיך איינגעהערט צו די סיפורי חסידים מיט אַ פארכאפטן אטעם און זיך איינגעקוקט אין די צופלאמטע פנימער פון די אלטע חסידים ווי ר׳ ברוך דילער, ר׳ הערש געלאנדער, ר׳ יונה׳טשע פראווירט, ר׳ יחזקאל גארגעל, ר׳ זלמן בראונער און מיין זיידע, וואס אַ טייל פון זיי איז נאך געפארן צום אלטן רבין דעם ריזינערס זון און איבערדערציילט וואס זיי האבן אליין געהערט מפיו הקדוש זצ״ל.

כ׳דערמאן זיך אויך אין די שמחה פון גרייטן זיך צום פארן צום רבין אויף יום־טוב. די הכנות זיינען געווען ווי צו עבודת הקודש. די חסידים וועלכע זיינען ניט געפארן האבן מיטגעשיקט קוויטלאך מ׳זאל זיי פראוון ביים רבין שליט״א און מיטברענגען זיינע ברכות. צוריקקומענדיק פון רבין האט דאס פנים ביי זיי געשיינט מיט רוחניות, מיט אַ אינערליכער צופרידנקייט, גלייך מ׳האָט עפעס גרויסעס דערגרייכט, מ׳האט דאך געהאט די זכיה צו זיצן ביים רבינס טיש און הערן תורה מפיו הקדוש. זייער התלהבות און אמונה אין רבין האט זיי אריינגעגעבן מוט און כח אין זייער טאגטעגלאכן קאמף פאר זייער עקסיסטענץ.

על אלה אני בוכיה, טרויערט ביטער מיין הארץ, אויף די אלע טייערע, ערליכע און תמימותדיקע קדושים, וועלכע זיינען אזוי אכזריותדיג אומגעקומען דורך די נאצישע רוצחים ימ״ש.

**אליעזר גרובער**

# מיין שטעטעלע

ווען איך שרייב אַ פּאר זכרונות פון אונזער געבורט־שטאט, דערמאן איך זיך די שיינע נאטור ארום איר, די בערג, וועלדער, וואסערקוואלן און דעם שיינעם וויסלוק, ערטערווייז רוהיג און ערטערווייז שטורמיש, דארט האבן מיר שפאצירט, גישעפט פרישע לופט און אויסגעוואקסן פאר מענשן.

איך געדיינק אויך חברים פון עלטערן דור, וועלכע האבן פאפלאנצט אין די הערצער פון די יינגערע דעם אידעאל פון ארץ ישראל, יידישע קולטור, די העברעאישע שפראך (מיר האבן עס גערופן לשון קודש) און חלוציות. בראש פון זיי איז געשטאנען יצחק בערגלאס עמו״ש און מיט אים זיינע מיטארבעטער: אביגדור דיאמאנט, אברהם בראוו, די חברות פייגע גרינבלאט, איטא דעמביצער, פייגע וויינבערג, שרה זילבער, וויטה לוס הינא נעכעמיע און נאך אנדערע. אויך זאנוול גרינבלאט, וועלכער האט אונז געלערנט העברעאיש. זיי אלע האט געטראפן דער גרויזאמער גורל צוזאמען מיט אונזערע 6 מיליון ברידער.

אַ דאנק דער אנפירערשאפט פון די דערמאנטע און זייער איינפלוס, האט זיך די סטריזובער יוגנט אונטערשידן פון דער יוגנט פון דער נאנטער שטאט פריסטיק. די סטרי־זובער איז געווען יידיש, פארטגעשריטן און ציוניסטיש.

מיר יינגערע, האבן מיט די עלטערע מיטגעארבעט ביי אלע ציוניסטישע ארבעט, געלערנט העברעאיש און געגרייט זיך צו פארן אין ארץ ישראל. שפעטער האבן מיר מיט די יינגערע פון אונז פארטגעזעצט, און זיי געלערנט די זעלבע אידעאלן. פון די פירות געניסן מיר דא אין ארץ ישראל.

אין יאר 1925 האבן די יינגערע מיט חיים וויינבערג און פנחס זילבער בראש, ארגאניזירט דעם יוגנט־פאראיין „מרכז רוחני״, וועלכער האט ארומגענומען כמעט די גאנצע ציוניסטישע יוגנט. מיט זיי האבן מיטגעארבעט: יוסף דויטש, יוסף וויינבערג, ברוך נירנבערג, פייבל שאכער, יהושע שטורם, מרדכי שיף און די חברות:ביילה אויערהאן, שפעטער מיין פרוי, רחל לאה דויטש (די פרוי פון מרדכי שיף עמו״ש), מישקיט מאנדעל, חנה און שרה פליישער, רוניע (רות) רוס, בת שבע רוס און אנדערע. מיר האבן צוטיילט די גאנצע יוגנט אין קבוצות, געלערנט עברית, יידישע געשיכטע א.ד.ג. דער „מרכז רוחני״ האט דער ערשטער ארגאניזירט די פראקטישע חלוצישע באַ־וועגונג אין שטאט און שפעטער איז ער געווען דער פונדאמענט פון דער רעוויזיאניסטישער ארגאנינזאציע „מנורה״.

די רעוויזיאניסטישע ארגאניזאציע האט ארגאניזירט דער יונגער יוסף דיאמאנט פון קראקא, דער שפעטערער לייטער פון עקאנאמישן טייל פון דער ציוניסטישער צייטונג אין דער פוילישער שפראך „נאווי דזשענניק״, וועל־כער האט זיך באפריינדעט מיט מיר, און דורך מיר — מיט אַ ברייטן קרייז פון דער יוגנט. ער האט פאר דער יוגנט אַ סך געלייסטעט אין קולטור און ארגאניזאציע, אויך משפיע געווען ניט צוווארטן אויף סערטיפיקאטן און ,פארן קיין ארץ ישראל אונלעגאל.

פון דער „מנורה״ האט זיך פארצווייגט דער „ביתר״, וועלכן ס׳האָט געהאָלפן ארגאניזירן דער חבר יעקב פרעסער פון ריישא, וועלכער האט געלערנט אין שטעטישער גימנאזיע אין סטריזוב. דער מפקד פון „ביתר״ איז געווען צבי שעפלער און די אקטיווסטע מיטארבעטער: חיים און איטא מורער, מיין שוועסטער חוה גרובער, לאה קראכער, לאה רייכער, פעסל רוט, חנ אוירהאָן, שפרינגער, האגל און אנדערע. זיי האבן געפירט אַ שטארקע טעטיקייט ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה.

חוץ וועגן דער ציוניסטישער יוגנט וויל איך דער־ציילן פון עטלעכע סטריזובער יידן, וועלכע האבן זיך אויסגעצייכנט מיט מעשים טובים.

יעדער האט געקענט ר׳ יוסף שאכער, אבער ווייניק מענשן ווייסן אז ער האט פאר יעדן יום־טוב צושיקט אַ סך געלד בסתר מיט דער פאסט פאר נצרכים, און די ארעמע האבן צו זייער שמחה באקומען אונגעריכט געלד, און געקענט יום־טוב מאכן. פון דער צדקנית ריזי׳ ראזנבליט און אירע מעשים האבן אלע סטריזובער געוואוסט. איך דערמאן מיר אז ווען איך בין נאך אלס ייִנגל געגאנגען צוזאמען מיט אברהם מינץ זאמלען צדקה געלד, האט זי זיך זייער געפרייט זעענדיק ווי יונגע זיינען זיך מתעסק מיט צדקה. זי האט אונז געגעבן אַ סך מער ווי אלע אנדערע און געוואונשן מיר זאלן מתמיד זיין אין מעשים טובים.

איך וויל דערמאנען: ר׳ יוסף קלאץ, אונזער שטעטישן שמש, וואס האָט ווינטער יעדן שבת צוזאמענגענומען אלע פרעמדע ארעמע לייט פון בית מדרש וואו זיי זיינען געשלאפן, און אהיימגעפירט אויף אַ הייסן קאפע. חנה רחל דיאמאנט, די פרוי פון ר׳ זלמן וויסוקער, וועלכע האט ניט דורכגעלאזט קיין ארימאן וועלכער איז דורכגעגאנגען איר הויז, אים אריינגעבעטן אין שטוב און געגעבן געלד און עסן. ר׳ פישל גאלדבערג מיט זיין פרוי פייגע. ווען די ארעמע לייט מיט די וועגאלאך זיינען געקומען אין שטאט אריין, האבן זיי שוין געוואוסט אריינצושטעלן די פערד אין זיין שטאל און די וועגענער אין הויף און פייגא׳לע — ווי מ׳האט איר גערופן — האט די אלע ארעמע קיין עולה געטאן. בשעת דער מלחמה, אין לעמבערג, וואו די פאמיליע גאלדבערג זיינען געווען פליטים אזוי ווי אלע, האבן סטריזובער פליטים, וועלכע זיינען געווען אן פאמיליעס, געפונען אַ היים ביי זיי. דארט האט מען געגעסן, זיך אַ העמד איסגעוואשן און געפילט ווי ביי זיך אין שטוב. צוגעהאלפן האט איר די שוויגערטאכטער, לאה, די טאכטער פון ר׳ פייבל דיאמאנט. שפעטער האט פייגאלע גאלדבערג געשיקט פעקלאך די פארשיקטע קיין רוסלאנד.

די אלע מענשן שטייען מיר פאר די אויגן ווען איך שרייב די ווערטער, מיין קליינעםביישטייער צו אונזער ספר זכרון.

# פערזענליכקייטן און געשעענישן

שלמה יהלומי (דיאמאנט)

## די בני עליה פון אמאליקן סטריזוב

### א קעניגליכער באזוך ביי ר׳ אהרן קאנער

(דעם ערשטן)

די מעשה, וואס כ׳וועל דא דערציילן, האב איך געהערט פון ר׳ אלעזר ווארצל ז״ל. וואס ער האט געהערט פון הרב ר׳ משה לייב שפירא, פון סאסוב־סטריזוב, וואס ער האָט געהערט פון זיין עלטער־שווער, ר׳ חיים האלבערשטאם פון צאנדז, דער פאטער פון דעם סאסאווער רב׳ס שווער, ר׳ ברוך גורליצער, זכר כולם לברכה.

הרב הצדיק ר׳ נפתלי פון מעליץ, איז געווען, צוערשט, דער איידעם פון הרב הצדיק ר׳ מאיר נתן, דער זון פון ר׳ חיים צאנדזער זצ״ל. שפעטער, ווען מ׳האט אים אנגעטראגן, דעם צווייטן זיווג, די טאכטער פון ר׳ אבישל קאנער, דער זון פון ר׳ אהרן קאנער (דער ערשטער), דער פאטער פון די ברודער: ר׳ אבישל, ר׳ פנחס, ר׳ לייביש, ר׳ יוסף — האט דער מעליצער רב מורא געהאט טאמער וועט דעם צאנדזער רב פארדריסן פארוואס ער גייט חתונה האבן מיט אַ בעל־בית אַ טאכטער, נאכדעם ווען ער איז געווען אנ׳איידעם ביי זיין זון. ווער ס׳איז געווען אַנ׳איידם ביי צאנדז, זאל וואגן זיין אנ׳איידעם פון אַ בעל בית?!... איז ער דעריבער געפארן צו ר׳ חיים׳ן, פרעגן אים, מיט גרויס דרך ארץ, צו ער האט ניט דאגעגן דעם שידוך? ווען דער צאנדזער רב האט געהערט זיין פראגע, האט ער ניט געטראכט קיין רגע און האט גלייך געזאגט, מיט שמחה, אַז ער איז מסכים. „ס׳איז כדאי — האט ער געזאגט מיט התלהבות — אַז דער זון פון ר׳ אהרן קאנער זאל זיין אונדזער מחותן״. און גלייך האט ער אים דערציילט אַ מעשה, וואס איז פארגעקומען צווישן אים און ר׳ אהרן קאנער.

מעשה שהיה, כך היה. ר׳ נפתלי ליזענסקער (אנ׳אייניקל פון רבין ר׳ אלימלך זצ״ל פון ליזענסק) איז געווען אַ באהאלטענער צדיק און האט ניט געוואלט זיין אַ רבי. אַ מנהיג פון חסידים. ס׳איז פארשטענדלעך אז ביי אים אין הויז האט געהערשט ארימקייט. טראץ די בקשות פון די גדולי הצדיקים, זיינע פריינד און פארערער, האט ער ניט געוואלט נעמען אף זיך דעם עול פון רביצטווא. ווען ס׳איז שוין געווען באו מים עד נפש, האט ר׳ נפתלי מסכים געווען צו פארן אף צוויי וואכן אין עטליכע שטעטלאך, כדי צו שאפן פאר זיך אַ געוויסן סכום געלד. צוערשט האָט ער גענומען זאגן אז ער קאן ניט פארן, ווייל ער האט ניט קיין גבאים, אבער דער צאנדזער רב און זיין חבר, דער באוווסטער גאון און צדיק ר׳ שלום קאמינקער, האבן געזאגט אז זיי וועלן זיין די גבאים. מ׳האט זיך געלאזט אין וועג. נאכדעם ווי זיי האבן שוין געהאט אפגעפארן אַ גאנצע וואך — און געלד איז נאך אלץ ניט געווען — האבן זיי באשלאסן צו פארן קיין סטריזוב. דאס איז געווען ערב שבת. פארנדיק קיין סטריזוב האבן זיי געטראפן, אין מיטן וועג קיין סטריזוב, דעם סטריזובער גביר, ר׳ אהרן קאנער, וואס איז געפארן אין אַ קאלעס איינגעשפאנט מיט פיר פערד און האט זיך זייער געאיילט. ר׳ אהרן איז שנעל אראפ פון קאלעס, צוגעגאנגען צו די צדיקים און זיי געגעבן: „שלום עליכם״ און געפארן ווייטער. אפפארנדיק עטליכע מעטער, האט געפלאצט אַ ראד פון דער קאלעס. ר׳ אהרן האט באלד פארשטאנען אז דאס האט מען איהם מן השמים איינגעהאלטן, ווייל ער האט אזוי שנעל אפגעפטרט די צדיקים און ניט געבעטן ביי זיי ענטשולדיגונג. ער איז גלייך צוגעלאפן צו זיי און צוגעגאנגען צו ר׳ נפתלי, ווייל לויט דעם כבוד וואס די „גבאים״ האבן געגעבן ר׳ נפתלי׳ן האט ער פארשטאנען אז דאס איז דער רבי. ר׳ אהרן האט זיך פארענטפערט פאר ר׳ נפתלי און דערציילט דאס היות דער טשיטשער פריץ איז אים שולדיק געלד און ער האט געהערט אז ער האלט ביי שטארבן — און ער האט ניט קיין באשטעטיגונג פון אים אז ער איז אים שולדיק געלד — מוז ער זאפארט זיין אין טשיטש, כדי צו דערכאפן דעם פריץ ביים לעבן און דעם חוב פארזיכערן. ר׳ נפתלי, זייענדיק אַ גרויסער ענוו, האט געזאגט ר׳ אהרן׳ן אז ניט ער האט אים וואס געטאן, נאר דאס זענען עס „די יינגעלייט״ (דער צאנדזער רב און זיין חבר) וואס האבן אים אפגעטאן דאס עסק מיטן ראד... נאכדעם ווי די צדיקים האבן מסכים געווען אז ר׳ אהרן זאל פארן קיין טשיטש, האט זיי ר׳ אהרן געבעטן אז קומענדיק קיין סטריזוב, זאלען זיי צופארן צו זיין הויז, ווי זיי וועלן זיין שבת און ער וועט נאך היינט צוריק קומען און אויפנעמען זיי בכבוד גדול.

ר׳ אהרן איז באמת צוריקגעקומען דעם זעלבן טאג. דאס איז געווען אַ גרויסער שבת פאר די צדיקים און פאר דעם שטעטל. ס׳איז פארשטענדלעך אַז ס׳האט ניט געפעלט, ניט גשמיות און ניט רוחניות — — —

מוצאי־שבת האָט ר׳ אהרן געפרעגט די צדיקים וועגן צוועק פון זייער פארן. פארשטייט זיך אז זיי האבן אים

דערציילט דעם גאנצן ענין און אויך אז זיי זענען באזארגט ווייל דערווייל האָבן זיי נאָכניט געשאפן געלד, און דאָ איז שוין אוועק אַוואך פון זייער פארן און ר׳ נפתלי איז ניט מסכים צו פארלענגערן די צייט פון זייער רייזע. ר׳ אהרן האט זיי געפרעגט וויפיל געלד זיי האבן געהאפט צו שאפן אין משך פון זייער נסיעה? די צדיקים האבן געענטפערט אז זיי האבן געמיינט צו שאפן פינף־הונדערט גילדן. דאס איז געווען אַ גרויסער סכום אין יענער צייט. ר׳ אהרן האט געענטפערט גאנץ שטיל, מיט דער גאנצער ערנסט, אז ער איז זיך מתחייב צו געבן דעם גאנצן סכום נאר ער שטעלט איין תנאי: די צדיקים זאלן די גאנצע צווייטע וואך זיין זיינע געסט ביי אים אין זיין הויז ...די צדיקים האבן מיט שמחה מסכים געווען צו זיצן ביי ר׳ אהרן׳ן די גאנצע צווייטע וואך. יעדער טאג איז געווען אַ יום־טוב פאר סטריזוב און דער סביבה. צום סוף דער וואך האט ר׳ אהרן געגעבן די פינף הונדערט גילדן און די צדיקים האבן זיך געזעגנט מיט׳ן שטעטל און מיט ר׳ אהרן׳ן מיט גרויס שמחה.

אזוי האט דערציילט דער צאנדזער רב, ר׳ נפתלי מעליצער און האט צוגעגעבן: שוין דאמאלט האב איך געטראכט אז ס׳וואלט גלייך געווען אז ר׳ אהרן זאל זיין אונדזער מחותן, ווייל „ער האט דאך אונדז מחיה געווען״ איצט אז ס׳איז טאקי אזוי אונטערגעקומען — אדרבה, לאמיר זיין מחותנים! מסכים! מסכים! — — — —

די אייניקלעך פון ר׳ אבישל קאנער האבן זיך משדך געווען מיט די אייניקלעך פון צאנדזער רב און איינער פון זיי איז דער טשיחוב׳ר רבי, ר׳ אבישל קאנער. וואס וווינט היינט אין חיפה, וואס אין מדינת ישראל.

דאס הויז ווי די צדיקים זענען געווען איז דאס הויז וואו מיר האבן געוווינט אין סטריזוב.

## ר׳ יואל מרגלית, ז״ל

ר׳ יואל מרגלית, וועלכער איז געווען אַ גרויסער עושר, איז געווען פון די חסידים פון ר׳ נפתלי רופשיצער זצ״ל. אמאל, נאכעדם ווי ער איז געווען שבת ביי ר׳ נפתלי׳ן, איז ער נאך שבת געגאנגען זיך געזעגענען מיט די „יושבים״ אין בית המדרש און האָט געגעבן יעדן איינעם אַ געוויסן סכום געלד. ווען ער איז צוגעגאנגען צו ר׳ „הירש משרת״ (אזוי האט מען דאמאלט גערופן דעם שפעטערדיקן רבי ר׳ הירש), האט ער אים געגעבן אַ גילדן. דאס איז געווען אין יענע צייטן אַ שיינער סכום. ר׳ הירש האט אים געענטפערט אז דאסמאל וועט ער אים דארפן געבן פופציק גילדן, ווייל ער דארף חתונה מאכן זיין טאכטער. ר׳ יואל מרגלית האט זיך צעלאכט און אויך אויפגערעגט און גענומען צוריק דעם גילדן. קומענדיק שפעטער צו ר׳ נפתלי׳ן האט ר׳ יואל זיך פארקלאגט אף „ר׳ הירש משרת״, דאס ער האט אים געגעבן אַ שיינע נדבה און ער האט ניט געוואלט נעמען ווייניקער פון פופציק גילדן. האט אים ר׳ נפתלי געענטפערט: אזוי גאר? ער האט געוואלט פופציק גילדן? ווער ווייסט צו דו וועסט ניט מוזן אים געבן אזויווי ער וויל. גיי צוריק צו אים און פרוב זיך צו פארגלייכן מיט אים, אפשר וועט ער מסכים זיין צו נעמען ווייניקער, אויב ער וועט ניט וועלן, וועסטו מוזן געבן וויפיל ער וויל... ר׳ יואל איז צוריק צו ר׳ הירש׳ן, האט זיך געדינגען מיט אים, האָט אנגעהויבן מיט פינף, צען, צוואנציק, דרייסיק — ער האט מיט אים גערעדט הארט און ווייך — ס׳האט ניט געהאלפן. ר׳ הירש האָט זיך געהאלטן ביי דאָס זייניקע. איז ר׳ יואל ווידער געגאנגען צו ר׳ נפתלי׳ן אבער דער רבי האט אים געזאגט אז אויב ר׳ הירש וויל ניט אנדערש, איז ניטא קיין עצה. ניט האבנדיק קיין ברירה האט ר׳ יואל אויסגעציילט די גאנצע פופציק גילדן און זיי געגעבן ר׳ הירשן.

דער רבי ר׳ הירש האט אים געבענטש מיט אריכות ימים און עשירות און די ברכה איז מקוים געווארן.

(פון ספר „מבשר טוב״ לר׳ גרשון קמלהר ז״ל, דער פאטער פון שא״ב הרב הגאון ר׳ יקותיאל אריה קמלהר זצ״ל).

## ר׳ איציקל דילער קלויבט אויס צווישן צאנדז און סאדיגורא

איינער פון די בני עליה אין סטריזוב אין די צייטן פון ר׳ שלמה שפירא זצ״ל, איז געווען ר׳ איציקל דילער. ער איז געווען פון די תלמידים פון ר׳ צבי אלימלך (דער רבי „ר׳ הירש מלך״) פון דינוב. ר׳ יצחק׳ל איז געווען אַ „גרויסער למדן, בקי בנגלה ונסתר און אַ פייערדיקער חסיד. כאטש ר׳ שלמה׳לי איז געווען אנ׳אייניקל פון רבי ר׳ הירש אלימלך, דער רבי פון ר׳ איציקלן, איז אים דער זכות נישט בייגעשטאנען און ר׳ יצחק׳ל איז געווען פון זיינע שארפע געגנער — צוליב פארשידענע סיבות, וואָס ניט אלע קאן מען מפרסם זיין. איינע פון די סיבות איז געווען דאָס וואָס ר׳ שלמה׳לי איז געווען פון די איבערגעגעבנסטע חסידים פון צאנדזער רב, רבי חיים האלבערשטאם זצ״ל, וועלכער האט גערודפט די צדיקים פון סאדיגורא—טשורטקוב.

ס׳האט מיר דערציילט ר׳ ברוך דילער, דער זון פון ר׳ איציק׳ל, דאס זיין פאטער פלעג פארן צו ביידע צדיקים, אמאל צו ר׳ חיים צאנדזער און אמאל צו ר׳ א״י סאדיגורער, ווען די מחלקת סאדיגורא—צאנדז האָט אויסגעבראָכן, האָט ר׳ איציקל באשלאסן אַז ער קאָן מער ניט פארן צו ביידע און ער מוז זיך דעצידירן: דאָ אדער דאָ. ער האָט געזאגט: „אסורה נא ואראה״. ער איז געפארן דעם ערשטן שבת קיין צאנדז. דא האט ער געזען די עבודת הקודש פון צאנדזער רב, וועלכע איז געווען בקולות וברקים און מיט התלהבות, וואס יעדער האט עסגעזען. דעם צווייטן

שבת איז ער געווען אין סאדיגורא — דא האט ער געזען אַ גאַר אנדערע וועלט. אלעס ווערט דאָ אָגעטאָן בקול דממה דקה און ס'איז כמעט ניטא קיין אויסערליכער סימן צו דעם פייער וואָס ברענט אינווייניק אינם הארץ פון צדיק. האָט ער באשלאָסן: אין צאנדז דינט מען דעם רבונו של עולם מיט יראה און אין סאדיגורא מיט אהבה; אויב אזוי — האבן דאך געזאגט די חכמים אז דינען השי"ת מיט אהבה איז גרעסער ווי דינען אים מיט יראה. פון דאמאלט אן איז ר' איציקל געווארן אַ פייערדיקער סאדיגורער חסיד און ער האט מקנא געווען דעם כבוד פון אלע ריזינער קינדער.

די געגנערשאפט פון ר' איציקלען צו ר' שלמה שפירא, האט דעם רב זייער וויי געטאן; ס'איז פארשטענדלאך אז דאס האט אויך געווירקט אף די באציאונגען צווישן זיי. דאך האָט ר' שלמה מבקר חולה געווען ר' איציקלען ווען ער איז קראנק געווארן, ווייל ער האָט געוווסט ווער עס איז זיין געגנער: אַ תלמיד פון זיין זיידן, ר' צבי אלימלך און ...ר' איציקל — — —

דאָס איז ניט דער איינציקער סיפור וואָס כ'האָב געהערט פון ר' ברוך דילער וועגן דעם גרויסקייט און מעשים פון זיין פאטער, אבער ניט אלעס מעג מען דערציילן... ס'איז כדאי צו באמערקן אַז ר' ברוך פלעג נאך יעדער מעשה וואס ער האט דערציילט, צוגעבן „כ'שמוס עס קייגן דעם — פארצייטישע יידן" — — — —

און באמת — ווער קאן זיך פארגלייכן צו זיי?

## ר' נפתלי חיים נאטמאן ז"ל

אין דער זעלבער צייט האט געלעבט אין סטריזוב רבי נפתלי חיים נאטמאן. ער איז געווען פון די תלמידים פון הגאון ר' יעקב צבי יאליס, דער מחבר פון ספר „מלא הרועים". איינער פון אויסגעצייכנטסטע תלמידי חכמים אין שטעטל. ער איז געווען דיין ומורה צדק. ער האָט זיך ניט געמישט אין דער מחלוקת אין שטעטל. האָט מחבר געווען דאָס ספר „תולדות נח" על התורה. אין דעם העברעאישן טייל פון אונדזער ספר ברענגען מיר דברי תורה פון זיין ספר.

## ר' אברהם יצחק (אברהם איטשי) שטורם

איינער פון די בני עליה אין סטריזוב. האט געלערנט יומם ולילה און געווען אנ'אמת'ר עובד השם. ער האט געטראגן זיידענע בגדים, אויך אין דערוואכן, און אויך אַ „קאלפיק". פרייטיק־צו־נאכט האט ער געדאוונט אין אַ טלית און אים אראפגענומען ערשט נאך קידוש. דער מונקאטשער־סטריזובער רב, ר' שלמה שפירא, האט אף אים געזאגט אז ער דאוונט מיט אזא התלהבות, דאָס ווען ער זאגט „יום השישי", דארף מען מורא האבן, טאמער וועט חס ושלום אים אויסגיין די נשמה, פון התלהבות, און ער וועט ניט פארטזעצן די ווערטער: „ויכולו השמים"... ער איז געווען אַ געוויסע צייט ראש הקהל און אין זיינע צייטן איז הרב ר' אלתר האראוויץ אויפגענומען געווארן אלס סטריזובער רב. ר' אברהם איטשי האט איבערגעלאזט אַ גרויסע בכבוד'יקע משפחה וועגן וועלכער מיר האבן געשריבן אין העברעאישן טייל פון ספר.

## ר' חיים האלבערשטאם „קלאפט" ר' שלמה זיזנובער...

מיין זיידע, ר' שלמה זיזנובער, וועלכער איז געווען באוווסט אלס עושר און פעלד באזיצער — איז ניט געבוירן געווארן מיט זיין עשירות. אין זיינע יונגע יארן האָט ער שווער געארבעט און געמאטערט זיך צו געפונען זיין פרנסה. די גרויסע ענדערונג צום גוטן איז געקומען נאָך זיין באזוך ביי ר' חיים צאנדזער זצ"ל, צוליב דעם וווּנדערבארן פאל וואס האט אים דארט געטראפן. ס'האט מיר דערציילט אבי מורי, ר' יוסף דיאמנט ע"ה. אַמאל איז ר' אלי' בילעט — ער איז געווען דער פאכטער פון לוטשער גוט אין יענער צייט — געפארן קיין צאנדז. דורכפארנדיק זיזנוב, איז ער אריין געגאנגען צו מיין זיידן און אים פארגעשלאגן ער זאל מיט אים מיטפארן צום צאנדזער רב. מיין זיידע האָט מסכים געווען און זיי זענען געפארן צוזאמען. קומענדיק קיין צאנדז, איז די שמחה פון די חסידים געווען אַ גרויסע. ר' אלי האט זיך געפירט ווי אַ בן מלך, האט געטיילט מיט אַ ברייטע האנד אף יעדן צוועק — פאר אזעלכע וואס זענען געווען נויט־באדערפטיק און פאר אזעלכע וואס זענען ניט געווען אזוי נויטבאדערפטיק. קודם כל האט מען פארלאנגט פון אים „תיקון". גלייך האט מען געברענגט יי"ש, הערינג און פארשידענע געזאלצענע געבעקץ און מ'האט גטרונקן „לחיים" — מער ווי איינמאל. אויך ר' אלי' האט טועם געווען אַ „ביסל" משקה (און אפשר מער ווי מ'דארף?...) נאך עטליכע כוסות איז ער געוון אין אַ געהויבענער און לוסטיקער שטימונג, און אַ ביסל „בגילופין"... ניט קאנענדיק אריינגיין גלייך צום רבין, האט ר' אלי' באפוילן דעם בעל עגלה ער זאל מיט אים פארן צום טייך, באדן זיך, קומענדיק צום טייך זענען ביידע — ער און ר' שלמה — אריין אין טייך אפקילן זיך פון דער דאפעלטער היץ — די היץ פון זומער און פון בראנפן — — —

גלייך נאך זייער אריינגיין אין טייך, איז געקומען פלוצים אַ שליח פון דעם צאנדזער רבין און האט גערופן ר' אלי'ן, ער זאָל גלייך קומען צופארן מיט זיין קאלעס צום רבין, וועלכער וויל פארן שפאצירן מיט ר' אלי'ן אונטער דער שטאט. ר' אלי', וואס איז געווען אַ שווערער און ניט פלינקער מענטש און אויך אַ שווער באוועגנדיקער טיפ — האט ניט מצליח געווען ארויסצוגיין שנעל פון וואסער און אנטון זיך. דאגעגן ר' שלמה איז געווען פלינק

און יונג, ער איז ארויסגעשפרינגגן שנעל פון וואסער, האט זיך שנעל אנגעטאן, זיך געזעצט אין דער קאלעס פון ר׳ אלין, און איידער ר׳ אלי האט געהאט צייט צו זען וואס דא קומט פאר און וואס ר׳ שלמה האט אים אפגעטאן — איז שוין ר׳ שלמה געשטאנען מיט זיין קאלעס פארן הויז פון ר׳ חיים צאנדזער. דער רבי האט גארניט געזאגט און גארניט געפרעגט. ער איז ארויף אין קאלעס און געפארן מיטן „בעל עגלה", דעם חסיד פון זיזנוב.

ווען ר׳ חיים איז צוריקגעקומען אהיים פון זיין שפאציר, איז ר׳ שלמה געגאנגען נאך אים אין זיין שטוב אריין, ניט פרעגענדיק די ערלויבניס פון גבאי און ניט ווארטענדיק דער רבי זאל אים פרעגן וואס ער פערלאנגט? האט ער גלייך אים דערציילט וועגן זיין שווערן מצב און אים געבעטן ער זאל אים בענטשן מיט פרנסה און הצלחה. רבי חיים, וועלכער איז געווען אַ ביסל אַלאמער און האט געהאלטן אַ שטעקן אין האנד — האט אויפגעהויבן זיין שטעקן און גענומען שלאגן ר׳ שלמה׳ן, שרייענדיק: האט איר געזען אַזאַ „שייגעץ"? ניט גענוג וואָס ער האָט אויסגעכאפט ר׳ אלין דעם שפאציר, וואגט ער נאך צו פארלאַנגן פון מיר א ברכה"?! און ווידער האט ער געקלאפט מיט דעם שטעקן, עטליכע מאָל, צוגעבנדיק די ווערטער: „שייגעץ", מחוצף... צום סוף האט ער אים גע־בענטשט — — —

ס׳איז לייכט זיך פארצושטעלן ווי גרויס ס׳איז געווען די שמחה פון ר׳ שלמה׳ן; אלע האָבן געוווסט וואס פארא זכות ס׳איז צו באקומען געשלאגן פון דעם צאנדזער רבין. ניט איינער פון די גרויסע צאנדזער חסידים האט געטאן אלעס צו דערצערנען דעם רבין, כדי ער זאל אים אַ קלאפ געבן — און האט ניט מצליח געווען. און דא האט ער אזוי מצליח געווען! אויך דאס זידלען, וואס ר׳ אלי האט אים געזידלעט האט אים ניט באריכט. אלע האבן געזאגט אז דער רבי האָט פארטריבן דעם ד ל ו ת פון ר׳ שלמה׳ן.

פון דעם טאג אן האט דאס מזל געלויכטן ר׳ שלמה׳ן און ער איז געוואקסן מיט עשירות און פיל פיל גליק — — —

## הרב ר׳ אלתר׳ל זאב האראוויץ זצ״ל

אין די צייטן פון סטריזובער רב ר׳ אלתר זאב הארוויץ זצ״ל, האָט מען נאָכניט באנוצט זיך מיט לייכטזיניקייט מיט פארשידענע איבערגעטריבענע גרויסע טיטולן. דאמאלט האט מען נאכניט צוגעקלעבט צו יעדן נאמען: „הרב הגאון הצדיק"... דעריבער איז וויכטיג צו באצייכענען דאס הרב ר׳ אלתר זאב איז באמת געווען אַ קדוש וטהור. אלע גרויסע לייט וואס האבן אים געקאנט, האבן געזאגט אף אים אַז ער איז אַ צדיק תמים. ס׳האט מיר דערציילט ר׳ שלום שוואַרצמאַן — אַיינער פון די וויכטיסקטע יידן אין סטריזוב — דאָס ווען הרב ר׳ אלתר׳ל איז געווען ביי דעם באוווסטן בעלזער רבין ר׳ יהושע׳לע זצ״ל, איז ער דורכגעגאנגען נעבן דעם פענסטער ווי ר״י איז געשטאנען, האט ר״י צוגערופן זיין זון ר׳ ישכר דוב און אים געזאגט: „קום און זע א יונגעמאן, אַ ירא שמים". דאס האט ר׳ ישכר דוב דערציילט ר׳ שלום׳ן און צוגעגעבן: „איצט זאלסטו וויסן ווער עס איז אייער רב און זיי געווארענט אין זיין כבוד".

די צדיקים ר׳ יחזקאל האלבערשטאם פון שיניווע און ר״י בעלזער האבן געזאגט אז ער איז געווען ראוי צו זיין רבי נאך מיט 2 דורות צוריק. שוין אלס קינד האט ער ארויסגערופן גרויס אויפמעקזאמקייט מיט זיין יראת שמים און צדקות. זיין יראת שמים איז געווען אזוי גרויס אז ער האט זיך נישט סומך געווען אין געוויסע ענינים פון אידיש־קייט, אפילו אף זיין פאָטאָער, דעם באוווסטן סענדישאווער רב, ר׳ אברהם׳לי, דער זון פון ר׳ יעקב׳לי מעליצער זצ״ל. שוין אלס קינד איז ער געווען אגרויסער מחמיר. אמאל פורים ביינאכט נאכדעם ווי זיין פאטער האט געליינט די מגילה, האט דער דרייצניעריקער אלתר׳ל מורא געהאט אז ער האט נישט יוצא געווען מיטן פאטער׳ס ליינען און האט געבעטן זיין חבר הירש בער (דער שפעטערדיקער הירש בער מצבה קריצער פון סענדישאוו) ער זאל בלייבן מיט אים אין בית המדרש, כדי ער זאָל קענען אליין ליינען פאר זיך די מגילה. מורא׳האבנדיק מ׳זאל אים ניט שטערן אינמי־טן ליינען, האט ער געבעטן הירש בער׳ן ער זאל צושטעלן צו דער טיר אין בית המדרש עטליכע טישן און קיינעם ניט לאזן אריינגיין. ווען דער סענדישאווער רב, ר׳ אברהם, האט געזען אז אלתר׳ל איז נישטאָ, איז ער אים געגאנגען זוכן אין בית המדרש. טרעפענדיק די טיר פארמאכט האט ער געקלאפט מ׳זאל אים עפענען. הירש בער וועלכער האט ניט געוווסט ווער עס קלאפט, האט געשריגן:

— „מ י ט׳ ן ק א פ"!...

דער רב האָט אנ׳אויפגערגטער געשריגן מיט פארדרוס:

— „עפען ש י י ג א ץ"...

הירש בער׳ן איז פינסטער געווארן פאר די אויגן. ער האט דערקענט אז דאס איז דעם רב׳ס קול. שנעל האט ער אוועקגערוקט די טישן און איז שנעל ארויסגעשפרונגען דורך דעם פענסטער פון בית המדרש... אלתר׳ל האט ווייטער געליינט די מגילה, גלייך ס׳איז גארניט געשען. שפעטער האָט ער באקומען א פעטשל פון זיין פאטער, מגילה געלט. ...א יאר שפעטער האט אלתר׳ל ווידער געליינט פאר זיך די מגילה נאכאמאל, אבער — נאכן עסן די סעודה.

ווען ער איז אלט געווארן דרייצן יאר האט ער אף זיך גענומען מקיים צו זיין דעם געבאט פון די חז״ל: „אסור לו לאדם שימלא שחוק פיו בעולם הזה" (א מענטש טאר ניט פול מאכן זיין מויל מיט געלעכטער אף דער וועלט). אזוי האט ער זיך געפירט אלע יארן. ניט אלט זייענדיק גאנצע צוואנציק יאר איז ער אויפגענומען געווארן אלס רב אין סטריזוב. ער איז געווען זייער שיין. ווען ער איז

געקומען אין די עלטערע יארן און זיין לאַנגע, ברייטע באָרד איז געוואָרן זילבערפאַרב איז זיין אויסזען געווען ווי פון אַ מלאך אלוקים. יידן און קריסטן האָבן געשטוינט און באוואונדערט זיין אריסטאַקטיש איידל געשטאַלט.

דער רב האָט געהאַט אַ הערליכע, זיסע, שטימע. האָט געדאַוונט און געזינגען זייער שיין. עס האָט אים שטאַרק געאַרט אויב אימיצער פון זיינע אונטערהאַלטער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ ניט ריכטיקן טאָן. ער איז געווען אַליין אַ מחבר פון ניגונים. מ׳האָט דערציילט אַז אין דער יוגנט האָט ער יעדן שבת געזינגען אַ נייעם ניגון אף „ברוך אל עליון״, וואָס ער האָט אַליין פאַרפאַסט. און כאָטש ער האָט מאריך געווען ביים דאַווענען — „פּתחי לי״ האָט געדוירט איבער אַ פערטל שעה — איז אָבער געווען כדאי. מ׳האָט געהאַט אַ גרויסע, גייסטיקע הנאה צו הערן זיין ווונדערבאַר און הייליק דאַווענען.

ער איז געווען אַנ׳אמת׳ר עובד השם, אין פולן זין פון וואָרט. האָט עוסק געווען בתורה ועבודה יומם ולילה. געווענלעך האָט ער געפּערטיקט זיין דאַווענען, אין אַ וואָכן־טאָג, דריי אַ זייגער, בערך. ער איז אויך געווען אַ גרויסער בעל צדקה און זיין רעביצין וואָס האָט מער ווי אַנ׳אַנדערער געוווסט פון זיין צדקות, האָט אים געהיטן ווי אַנ׳אויג אין קאָפּ; האָט געזאָרגט ס׳זאָל אים ניט פעלן געלט פאַר זיינע צדקה פליכטן, וואָס ער האָט אף זיך גענומען. ס׳האָט מיר דערציילט מיין גאָטזעליקע מוטער, דבורה ע״ה — וואָס איז געווען אַ חבר׳טע פון רב׳ס טאָכטער — אַז ניט איינמאָל האָט געטראָפן אַז דער רב האָט געזאָגט, עו״ב שבת, פאַר ליכט צינדן, דאָס ער וועט ניט גיין צום דאַווענען, אין בית המדרש, ווייל ער האָט ניט דאָס שטריימל — דאָס הייסט: ער האָט ניט געהאַט דעם סכום געלט וואָס ער פלעג געבן אין דער ר׳ מאיר בעל הנס פושקע און האָט פאַרזעצט דאָס שטריימל ביי דער פושקע... נישט האָבנדיק קיין ברירה איז די רעביצין געגאַנגען צו איינעם פון די רייכע בעלי בתים און געליהן דעם סכום וואָס דער רב איז שולדיק געווען דער פושקע, אפּגעגעבן דעם חוב און ערשט דערנאָך איז דער רב געגאַנגען אין בית המדרש. די בעלי בתים האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט געוווסט פון דעם אַלעם און האָבן געטענה׳ט אַז דער רב איז מטריח דעם ציבור אומזיסט...

און אויב אַ גאַנץ יאָר איז זיין עבודת השם געווען קודש, איז זי אין ימים טובים געווען קודש קדשים. מיר וועלן דערציילן, צוערשט וועגן פסח.

וועגן ר׳ נפתלי רופשיצער דער זיידע פון רב, האָט מען געזאָגט אַז זיין שורש נשמה איז געווען פון דער מצוה פון סוכה; יעדן טאָג האָט ער געטאָן, אָדער געערט, וועגן דער מצוות סוכה. הרב ר׳ אלתר׳ל האָט עוסק געווען אַ גאַנץ יאָר אין די מצוות פון פסח. בעיקר אין צוגרייטן מצות שמירה. ער איז אַליין געפאָרן זען ווי מ׳שניידט די תבואה, האָט געהיטן די שמירה און אכטונג געגעבן אף די וואָס האָבן אויסגעקליבן דעם פסולת פון דעם ווייץ. אַליין געשטאַנען נעבן גוי וואָס האָט געמאָלן דעם ווייץ, מיט אַ׳זשאַרנע. ס׳האָט אַמאָל געטראָפן דאָס דער גוי, וואָס האָט געמאָלן דעם ווייץ האָט — ווי דער שטייגער איז — פון צייט צו צייט געשפּריצט אף דער האַנט פון זיין מויל בשעת׳ן מאָלן — דער רב האָט שנעל אים אַ קלאַפּ געטאָן. אַזוי איז געווען עטלעכע מאָל, ביז דער גוי איז אויפ־געדעגט געוואָרן און האָט געזאָגט מיט כעס צום רב: „אידז׳ פּסיאַקרעוו זידזיע דאַ כאַלערי! (גיי דיר ייד אין..) דער רב, וואָס האָט ניט פאַרשטאַנען פויליש, האָט געפרעגט מיין גאָטזעליקן פאָטער, ע״ה, וואָס דער גוי זאָגט? ניט וועלנדיק דער רב זאָל זיך ערגערן, האָט אים מיין פאָטער געזאָגט אַז דער גוי זאָגט אַז ס׳מאָלט גראַב....

דער רב האָט געגעסן גאַנץ פסח מצות וואָס זענען געבאַקן געוואָרן ערב פסח. דאָס שענסטע און בעסטע פון שטעטל האָבן זיך באַטייליקט אין באַקן די מצות. דער רב אַליין איז געווען דער אויפזעער עס זאָל אַלעס געטאָן ווערן כדת וכדין, פלינק און שנעל. היות ס׳איז געווען מער צו־העלפער ווי מ׳האָט באַדאַרפן, האָט מען געאַרבעט אין שיכטן. איין טייל האָט געוואַלגערט מצות און דער צווייטער טייל האָט געזאָגט „הלל״ צוזאַמען מיט׳ן רב. דערנאָך האָט מען זיך געטוישט.

ווער ס׳האָט ניט געהערט זאָגן „הלל״ בשעת׳ן באַקן די מצות, האָט קיינמאָל ניט טועם געווען דעם טעם פון „הלל״. „הללו את ה׳ כל גוים״, האָט דער רב געזינגען אַ „סקאַרבאַוועס״ ראָפּשיצער ניגון און דער גאַנצער קהל האָט אונטערגע־האַלטן. נאָר די הויפּט־זינגער זענען געווען די בחורי בית־המדרש. דער כאָר האָט געקלאַפּט ערשטקלאַסיק. דער בעקער האָט אף זיך גענומען נאָך אַנ׳אויפגאַבע: פון צייט צו צייט האָט ער געוואָרפן אין חלל, ווערטער — „אויפּרייס מאַטעריאַל״, למשל: „יידן, האָט רחמנות: ס׳ברענט אַ פייער״! „יידן דערבאַרימט אייך! טוט תשובה כל זמן דער אויוון באַקט״!... נאָכן פערטיקן דאָס באַקן די מצות, האָט יעדער בחור בקומען זיין שכר: אַ מצה צו דער סדר נאַכט. גלייכ־צייטיק האָט מען צוויסן געטאָן דאָס יעדער האָט רעכט צו זיין דעם רב׳ס גאַסט צום סדר. פיל האָבן אויסגענוצט דאָס רעכט ביידע סדר־נעכט.

און דער סדר — ווויל די אויגן וואָס האָבן אים געזען! עלעקטרישע ליכט איז נאָכניט געווען אין שטעטל, אָבער אַז דו ביזט אַרינגעקומען אין דער גרויסער שטוב ווי דער רב איז געזעסן, מיט זיין בני בית, און אַנגערעכט דעם סדר — האָבן אַריינגעדרינגען אין דיינע אויגן טויזנטער קריסטאַל־ריינע ליכט שטראַלן — גלייך מלאכים פון די עולמות העליונים זענען געקומען צולייכטן דעם רב׳ס סדר און פאַרשמעקן דעם טיש מיט זייער שיינקייט און ליכטי־קייט. און אפשר איז דאָס די שיינע, וונדערבאַרע געשטאַלט

פון רב, זיינע ריינע און ליכטיקע אויגן, וואָס האָבן קיינמאל ניט געזען קיין דבר טמא און ניט געקוקט אויסער זייערע ד׳ אמות — אפשר לייכטן זיי דאס און שפראדלען ארויס פון זיך דאס בלענדענדע ליכט? ס׳ארא האריזאנט פון קדושה וטהרה איז געווען פארשפרייט אף זיין שטראלנדיק פנים?! ס׳ארא בלענדענדעס ווייסקייט האט געבליצט פון רב׳ס „קיטל״! און דער רב אליין? אינגאנצן קדושה — פראכט און עניוות׳דיקער חן! — — —

ווען דער רב האט אנגעהויבן זאגן די הגדה זענען אלע שטיל געווארן. ס׳איז א שאד געווען צו פארלירן איין ווארט, ער איז געווען דער מייסטער פון זאגן. זיינע פארערער פלעגן זאגן אז ווען די וועלט וואלט געוווסט ווי אזוי דער רב דערציילט יציאת מצרים, וואלטן אלע פארלאזט זייערע הייזער און געקומען צום רב׳ס סדר. ער פלעג איינפלעכטן דברי תורה און גוטע ווערטער פון צדיקים אין די הגדה ווערטער. די דברי תורה זענען געווען ניט דווקא פון זיידן, רבי נפתלי רופשיצער, נאר פון אלע גדולי החסידות. חסידים פלעגן זאגן אז דאס אונטערעסאנטסטע פון רב׳ס סדר איז געווען צו זען וויאזוי ער עסט. א געניט אויג האט באלד באמערקט אז ער עסט בקדושה וטהרה, ווי די גאר גרויסע צדיקים. דעם לעצטן פסח וואס כ׳האב געהאט די זכיה צו זיין ביים רב, האט דער רב גערעט וועגן דעם ענין פון עסן און געזאגט א שארפזיניג ווארט פון קאזניצער מגיד זצ״ל. דער רשע, זעענדיק מצוות ווי אכילת מצה, טרינקן ווייין און בכלל א סעודה מיט אלעם גוטן — פרעגט: „מה העבודה הזאת לכם״? — וואס פארא אנ׳עבודה איז דאס ביי „לכם״ — מיט עסן און טרינקן? (לויט דער גמרא איז דער אויסדרוק „לכם״ דער טייטש קערפערליכע הנאה) אויב אזוי — האָט דער רב ממשיך געווען און אַקוים בעמערקבאר שמייכעלע האָט זיך דערזען אף זיינע ליפן — אויב ער מיינט אז מיט עסן קאן מען ניט דינען דעם רבונו של עולם; אז עסן איז נאר כדי צו דערפילן די גשמיות׳דיקע תאוות — „אף אתה הקהה את שיניו״ — האק אים אויס די ציין, ווייל ניט צוליב דער תאוות אכילה אליין האט מען דעם מענטש געגעבן די ציין...

די אורחים, וואס זענען געווען ביים רב האבן זיך צולאכט, הערענדיק אט דאָס שארפזיניקע וואָרט, אבער דער רב האט זיי געזאגט מיט דער גאנצער ערנסטקייט אז דער קאזניצער מגיד איז ניט געווען קיין ווערטל זאגער, און אוודאי ניט קיין לץ, חס ושלום! שפעטער האט ער געזאגט אין נאמען פון זיין זיידן ר׳ נפתלי רופשיצער — וועלכער איז ווי ס׳איז באוווסט געווען א גרויסער פיקח און אַ שארפער ווערטעל זאגער — „כהאב קיינמאל ניט געזאָגט קיין הלצה״... דער רב האָט צוגעגעבן: הלואי זאלן מיר זוכה זיין צו דאווענען באימה וביראה מיט דער זעלבער אימה וואס ר׳ נפתלי האט געזאגט א ווערטל. — — — א ציטער האט מיך ארומגענומען, און געוויס אלע אנוועזנדע, הערענדיק די ווערטער. צו דער העכסטער מדרגה איז דער רב דערגאנגען צום סוף פון סדר. ביי „חסל סדור פסח כהלכתו״, „לשנה הבאה בירושלים״. דאמאלס איז ער געווען אין דער בחינה פון התפשטות הגשמיות.

און ווי גרויס איז געווען דער רב אין די ימים נוראים?!

ווו נעמט מען דעם שרייבער, ווו נעמט מען די פעדער, וועלכע זאלן פארשטעלן דעם אלטן רב, אנגעטאן אין זיינע פראכטפאָלע בגדים, ווי ער האָט געזאָגט, בקדושה ובטהרה, מלכות, זכרונות שופרות? ווו נעמט מען דעם חן, שיינקייט, השתפכות הנפש און יראה עילאה פון רב זצ״ל? ווען טרערן האָבן זיך געקאלערט פון זיינע קריסטאל ריינע אויגן, גלייך אין דער זילבערנע בארד אריין?! ווו נעמט מען דעם „טייפ״, וועלכער זאל אויפנעמען זיינע „הושענות״״, די „הקפות״ און די נענועים, באגלייט מיט דעם הערליכן הימלישן ניגון וואס ער האט צוגעזונגען ביי זיי? ווו נעמט מען דעם שרייבער וועלכער זאל איבערגעבן און שטעלן פאר אונדזערע אויגן דעם לעצטן ראש השנה, ווען דער רב איז קראנק געווען און נישט געקאנט גיין אין בית הכנסת און מ׳האט אים געברענגט געטראגן און שול און דער רב איז געזעסן און געזאָגט מיט גרויס געפיל און מיט השתפכות הנפש: „ונתנה תוקף״, נוסח רופשיץ?! און הערט: טראצדעם וואס ער איז שוין געווען אינגאנצן פיזיש צעבראכן, האט ער געזינגען „היום תאמצנו״ מיט דער גרעסטער קראפט, ווי אין די אַמאָליקע צייטן, אזוי איז געווען אויך יום־כיפור און אזוי א גאנץ יאר.

— — —

צוזאמען מיט׳ן גאנצן כלל ישראל האט אויך דער רב געברענגט גרויסע קרבנות אף דעם מזבח פון די נאצישע רציחות. רוב פון רב׳ס קינדער און אייניקלעך זענען אומגעקומען. נאר געלויבט השי״ת, דאס דער רב האט זוכה געווען און ס׳זענען געבליבן פון אים קינדער און אייניקלעך, צווישן זיי גדולי תורה ויראה און מרביצי תורה — הן אין ארץ ישראל והן און חוץ לארץ — און זיי זענען די פארטזעצער פון דער פראכטפאלער און גאלדענער קייט פון רב׳ס הויז.

## הרב הצדיק ר׳ נחמיה׳לי שפירא זצ״ל

איך זע ר׳ נחמיה׳לין — ווי מ׳האט אים גערופן מיט ליבשאפט — גלייך ער וואלט איצט געשטאנען פאר מיר אין זיין גאנצער הויכער מאיעסטעטישער פיגור, שיין אין געזיכט און שיין אין אויסזען, זיין ליכטיק און לוסטיק פנים, גרויסע שטראלענדע אויגן, וואס דאס גאנצע גוטקייט, פון זיין ריין הארץ, האט זיך אפגעשפיגלט אין זיי. ווי די גאנצע משפחה שפירא — די קינדער און אייניקלעך פון באוווסטן גאון און צדיק רבי צבי אלימלך, „דער רבי

ר׳ הירש מלך״ פון דינוב — איז אויך ער געווען אַ בעל־צורה, הן אין אויסערליכן און הן אין אינערליכן זין. רייך אין תורה ומצוות, אַ גרויסער בקי אין וועלטליכע ענינים און איבער אלעם — אַ מענטש. טראצדעם ער איז געווען אַ גרויסער יחסן, האט ער זיך ניט געגרויסט מיט זיין יחוס. אדרבה! ניט איינמאל האט ער — רעדנדיק מיט׳ן שרייבער פון די שורות — כמעט זיך „פארקלאגט״ אף דער השגחה פארוואס ער איז געבוירן ביי מיוחסים. „כבין מקנא — האט ער געזאגט — לייביש בייטלער, (אַ פשוט׳ר ייד, וואס איז געווען אַ ירא שמים לויט זיין שטייגער). ער איז זיכער יוצא און ערפילט זיין פליכט, הן קייגן גאט און הן קייגן מענטשן. אבער איך — קאן זאגן אף זיך די ווערטער פון רבי נפתלי רופשיצער זצ״ל, דער צדיק און חכם אין דור:

— „וואס איז דער אונטערשיד פון נפתלי׳ן און אַ סתם ייד״? אַ סתם ייד, וואס איז ניט קיין יחסן, אז ער שטייט אוף גאנץ פרי און איז זיך טובל אין דער מקוה, גייט אין בית הכנסת, לערנט אַ פרק משניות אדער זאגט אַ קאפיטל תהלים — קאן מיינען אז ער האט שוין יוצא געווען און אפשר איז ער גאר אַ „שיינער ייד״; ס׳קאן אויך זיין ער איז גערעכט... אבער נפתלי? זיינע עלטערן און עלטערן׳ס עלטערן זענען געווען גאונים וצדיקים — וויפיל ער זאָל טאן און וויפיל ער זאל זיך משתדל זיין צו מערן תורה ומצוות איז זיין הארץ צובראכן, ווייל — אין פארגלייך צו זיינע עלטערן, האט ער גארניט געטאן״ ...אזוי האט ר׳ נחמיה געזאגט אין נאמען פון ר׳ נפתלי׳ן און צוגעגעבן: „און מיר? וואס זאלן מיר צוגעבן צו זיינע ווערטער״?...

זעלבסטפארשטענדלעך אז ר׳ נחמיה׳לי האט „שלום געמאכט מיט זיין גורל״ און זיך באמיט צו זיין גלייך צו זיינע עלטערן און גיין אין זייערע וועגן. ס׳איז ריכטיק דאָס ער האט געירשנט פון זיי גוטע מדות, הן אין עבודת השם און הן אין באצוג פון בין אדם לחברו. פון רבי ר׳ משה לייב פון סאסוב, דער זיידע פון זיין באבע, די פרוי פון רבי שלמה׳לה שפירא, דער מונקאטשער־סטריזובער רב — האָט ער געירשנט די מידה פון אהבת ישראל — ליב האָבן יעדן ייד. ווער האט נאך אזוי מקרב געווען די פשוט׳ע יידן ווי ר׳ נחמיה׳לי? ווער האט נאך אזוי ווי ער זיי ליב געהאט ממש אהבת נפש אַ ליבשאפט וואָס איז ניט געווען אפהענגיג אין קיין שום זאך? ער האט זיי געגלעט און ארומגענומען מיט ליבשאפט, געשטארקט און אריינגעברענגט אין זיי אמונה און בטחון אין גאט; האט זיי אנגעפילט מיט ריינער איבערגעגעבענער ליבשאפט צו גאט, סיי אין גוטע און סיי אין שלעכטע צייטן. וואס איז דען אַ וואונדער אז זיי — די פשוטע תמימות׳דיקע יידן, מענטשן פון פאלק, פערד־סוחרים און בעלי עגלות און סתם געפלאגטעליידענדע יידן — האבן אים ליב געהאט אהבת נפש? וואס איז דער וואונד׳ער אז אט די ניט צביעות׳דיקע יידן — „די יידן פון רבונו של עולם״, ווי דער סאסאווער רב פלעג זיי רופן — זענען געווען גרייט צו גיין אין פייער און וואסער פאר ר׳ נחמיה׳לין, און „צורייסן ווי אַ פיש״ יעדן וואס האט געוואגט פוגע צו זיין בכבוד פון ר׳ נחמיה׳לין? יא, גרויס איז געווען די ליבע צו אים און זי האט איבערגעלאזט נאך זיך שפארן ביז׳ן היינטיקן טאג. קומט און זעט די איינציקע איבערגעבליבענע פון אָט די פשוטע יידן, וועלכע געפונען זיך היינט אין ישראל — צווישן זיי אזעלכע וואס האבן, צום באדוירן, שוין פארלאזט אביסל דעם וועג פון זייערע עלטערן, דעם וועג פון אמונה — קומט און זעט ווי זייער נשמה גייט אויס ממש, הערנדיק דאס ווארט: „ר׳ נחמיה׳לי״! — — —

פון ר׳ חיים האלבערשטאם זצ״ל פון צאנדז, דער זיידע פון זיין מוטער חנה, די טאכטער פון ר׳ ברוך גורליצער, האָט ער געירשנט דאָס פייערדיקע התלהבות צו תורה ומצוות. ווי צו זיין פאָטער רבי משה לייב׳לי, אזוי האָט אויך אים דאס מזל ניט געלויכטן אין מאטעריעלן זין... קיינמאל איז ער ניט געווען קיין עושר און האט אויך ניט געפונען אַ שטענדיקן מקום מנוחה פאר זיך... טראצדעם האט ער געטיילט צדקה איבער זיינע כוחות. כאטש אַ צאנדזער אייניקל, איז ער ניט געווען אזוי עקסטרעם ווי זיין עלטער זיידע; די מידת הרחמים איז ביי אים געווען גרעסער ווי די מידת הדין. ער האט געזאגט אין נאמען פון זיין פאטער. „אין דער היינטיקער צייט, אויב אַ ייד איז מקיים דאס וואס דער שולחן ערוך זאגט, איז עס ווי ער וואלט געטאן לפנים משורת הדין... אונטערעסאנט. טראץ דער גרויסער צאנדז־סאדיגורער מחלוקת, וואס איז זיינערצייט געווען, איז ר׳ נחמיה געווען אַ גרויסער פריינד צו די ריזשינער קינדער און איז געווען פון די שטענדיקע באַזוכער ביי זיי, זייענדיק אַ גאר גרויסע אנהענגער פון דעם טשארטקאווער רבין ר׳ ישראל׳טשע.

ער האט אין זיך געהאט מידות פון אלע זיינע גרויסע זיידעס, אבער צומייסט איז ער געווען דינוב. דאס הייסט. זיין גאנצע פירונג און זיין וועג אין עבודת השם, איז געווען ווי דער וועג פון די קינדער פון ר׳ הירש אלימלך פון דינוב. און דאס ניט נאר ווייל ער איז געווען, בן אחר בן, דער פינפטער דור צום רבי ר׳ הירש אלימלך, נאר בעיקר ווייל ער איז געווען דער איידעם פון ר׳ ישעיה הירץ זצ״ל פון דינוב, דער זון פון ר׳ דוד׳ל דיגובער, דער זון פון ר׳ הירש אלימלך. ר׳ ישעיה הירץ איז געווען ממש אַ „שרף״, אַ פלאם־פייער. ער איז נפטר געווארן גאנץ יונג. ווי חסידים האבן געזאגט זענען זיינע בני־מעייב פארברענט געווארן פון גרויס התלהבות ביים דאווענען. ער איז געווען אנגענומען ביי דער וועלט. אלע האבן מודה געווען אז ער איז אַ קדוש. עס האט אמאל געזאגט דער בלאזעווער רב, רבי צבי אלימלך (דער רבי פון ר׳ אהרן׳לי פון ירושלים). „הלואי וואלט מען געווען געפירט מחלוקת געגן מיין ברודער ר׳ ישעיה הירץ, וואלט ער געווען געלעבט ביז היינט״... דער פאטער פון ר׳ נחמיה, ר׳ משה לייב, האט זיך געפירט אין פיל ענינים ניט אזוי ווי זיין פאטער, ר׳ שלמה׳לי מונקאטשער, נאר ווי זיין שווער, ר׳ ברוך גורליצער. דאגעגן ר׳ נחמיה

האט זך נוהג געווען ניט ווי זיין פאטער. אז מ׳האט אים געפרעגט פארוואס ער פירט זיך ניט ווי זיין פאטער? האט ער געענטפערט: אדרבה! איך טו גענוי דאס זעלבע וואס ער האט געטאן. דער טאטע האט ניט געטאן ווי זיין פאטער, נאר ווי זיין שווער און איך טו אויך אזוי.... ניט ווי מיין פאטער נאָר ווי דער שווער — ר׳ ישעי׳ הירץ, ווערלכער טוט, אגב, אזויווי מיין זיידע, דער טאטע פון טאטן...

די ווערשער האבן ניט אזוי געפעלן זיין מוטער, די רבנית חנה, זי האט אבער ניט געהאט אזויפיל כוח אים צו איבערצייגן ער זאל פארלאזן דעם דרך פון דינוב, דער דרך פון דער גאנצער משפחה. צו דער „רעכטע האנט" פון ר׳ נחמיה׳ן זענען געשטאנען זיינע חסידים־ידידים, די אריות שבחבורה — פייערדיקע מונקאטשער חסידים — ר׳ אלעזר ווארצל, דער שווייגענדיקער קלוגער למדן; ר׳ חיים יעקב נירנברג, דער גרויסער מאמין, וואס זיין נשמה איז, כמעט אויסגעגאנגען הערענדיג נאר איין טאן פון דינובער נוסח; ר׳ חיים מאנדל, דער „שרף", וואס האט אויסגעריסן בערג ביים דאווענען, אפילו אינדערוואכן, און זיי צומאלן מיט זיין התלהבות און פייער און מ׳האט געקענט ממש ציילן מיט די פינגער די אדערן זיינע, וואס האבן זיך אויפגעשטעלט ווי די סטרונעס כדי מיטבאטייל׳קן זיך אין זיין תפילה. אט די אלע לייבען זענען געשטאנען ארום אים ווי אנ׳אייזערנע וואנד און האבן ניט געלאזט פאלן א ווארט פון קריטיק קייגן אים.

און ניט נאר די תלמידי חכמים און גדולי החסידים, נאר אויך „עמך": יידן ווי ר׳ לייביש רוס, א תמימות׳דיקער מאמין און א פארברענטער חסיד פון מונקאטשער רבין און פון ר׳ נחמיה׳לן, און זיינס גלייכן — זענען געווען גרייט צו גיין אין פייער און וואַסער פאר אים און יעדער ווארט וואָס איז אַרויס פון זיין מויל איז געווען הייליק פאַר זיי.

מיט פארשידינע דרכים האָט ר׳ נחמיה משפיע געווען, אבער דער עיקר האט ער משפיע געווען מיט דאווענען. ווער וועט אראפשאַרן די ערד פון אייערע אויגן, רבי נחמיה׳לי, און איר וועט זען די איבערגעבליבענע פון אייערע ידידים ווי זיי בענקען נאך אייער דאווענען?! ווער וועט דאס זיי מזכה זיין צו הערן מינדעסטענס נאָך איינמאָל אין זייער לעבן דעם „ואני תפילתי" פון דעם שבת׳דיקן מנחה? אַ שטארקן קול האָט ר׳ נחמיה׳לי ניט געהאט, אבער וויפיל מתיקות, וויפיל השתפכות הנפש, וויפיל חן איז געווען אין די ווערטער וואס זענען ארויס פון זיין מויל?! דער שרייבער פון די שורות געדענקט אַ פאקט וואָס האָט פאַסירט אמאל ביי דעם זאָגן פון ר׳ נחמיה׳לין: „ואני תפילתי". דאָס איז לאנגע צייטן ניט פארגעסן געווארן. געווען איז עס שבת פאר שבועות. דער רב, וואס איז געווען קרענקליך, האט געפילט ניט גוט און טראָץ דער בקשה פון זיינע פריינד ער זאָל דאָסמאל ניט דאווענען אַליין פאַר׳ן עמוד — איז דאך צוגעגאַנגען צום ארון קודש און אנגעהויבן, ווי זיין שטייגער, צו זאגן:

— „...וא—א—א—ני, תפי—ל—ת—י—י—י —דא האט זיך ר״נ ביטער צעוויינט — „לך השם עת רצון" ...אוי, אוי, ע—ת—ת— ר—צון, ע—ע— ר—צון, (דא האט ער ווי זיין שטייגער איז געווען אריינגעמישט עטלעכע ווערטער אין אידיש): „דערבארימדעך שוין, דער בארימדעך שוין", הא—הא—הא—הא... און פארטגעזעצט: „א—אלו—קים ברב חסדך ענ—נ—נ—י"...

און פלוצים — טראך! אַ ווילד געשריי, ווי פון חיה, האט אפגעקלינגען אינ׳ם חלל פון דער קלויז. דאס איז געווען דאס געשריי פון אַ בחור, אַ ניט נארמאלן, אַ זון פון איינעם פון די סטריזובער בעלי־בתים, וועלכער איז אויך קראנק געווען חולי־נופל ר״ל, און ווי ס׳ווייזט אויס האט ער דערשפירט מיט זיין בהמישן אינסטינקט אז עפעס ניט געווענליכעס קומט דאָ פאָר און איז אינגאַנצן אַרויס פון זיין ...ניט נארמאלן שכל.

מיינט איר אז אָט דער פאַל איז געווען פאַרשטענדלעך פאר יעדן אַזויווי א געווענלעכער פשוט׳ר פאל, פון אזא סאָרט? האָט איר אַ טעות. ס׳האָבן זיך געפונען צווישן „עמך" יידן „אַלץ ווייסערס", וועלכע האָבן געגעבן צו פאַרשטיין דעם ענין אף אַ מיסטישן אופן: אַ גלגול, דיבוק, סטרא אחרא ר״ל"... ס׳איז געווען אזעלכער וואס געהאט דעם מוט צו זאגען: רבותי, ס׳איז גאנץ פשוט, דער בחור האך זיך נעבעך דערשראקן. זענען אבער געווען יידן וואָס האָבן אים געוואָלט קורע כדג זיין — — —

צו דעם שפיץ פון השתפכות הנפש איז דער רב דערגאנגען אין די „ימים נוראים"". שוין באלד ביי די ערשטע „סליחות" האט זיך דער רב „פארמאסטן" "געגן רבונו של עולם, (אויב מ׳מעג אזוי זאגן) מיט זיינע טענות און האָט זיך אויסגעטענה׳ט מיט אים. דאָ האָט ער געבעטן, דאָ האָט ער פארלאנגט מיט כוח, אמאל האט ער געוויינט ווי א קינד און אַמאָל האָט ער געשריגן, אַמאָל איז ער געשטאַנען צוגעבונדן און איינ־געבויגן צום עמוד און אמאָל איז ער געגאנגען אַהין און צוריק, פון עמוד און צוריק צו אים, געמאכט עטליכע שריט פון עמוד און צוריקגעקערט, האט אנגעהויבן: „אשר לו הים והוא עשהו ויבשת ידיו יצרו"; האָט דערציילט פאמעלעך, פאמעלעך, געלאסן, געלאסן, ווי א מענטש וואָס האלט אַ רעפעראט פאר זיינע צוהערער. האט ממשיך געווען: „הנשמה לך והגוף שלך", ווי איינער גוט אפ אַ דין וחשבון זיין בעל־בית... און ווען ער האָט געזאגט: „חוסה על עמלך"; האט ער אויסגעזען ווי איינער וואָס מאנט ענטשלאסן וואס אים קומט און איז ניט גרייט מוותר צו זיין אפילו אף איין פרוטה...

און די קלויז — אינגאנצן און ארום איר — פייער!... דער רב הויבט אָן זאָגן: „במוצאי מנוחה". נאָך איידער ער האט אנגעהויבן זאגן האט שוין אַ קוואל פון טרערן געשטראָמט פון זיינע אויגן און פון די אויגן פון די מתפללים. דער רב איז צוגעקומען צו: „בצדק נעקד ונשחט

תמורו איל״. ער בויגט זיך צו צום עמוד, וואַרט אַ ווײַלע, הייבט אויף זיין קאָפּ און בייגט אים ווידער צו צום עמוד און שעפּשעט אין דער שטיל: „הייליקער טאטע, הייליקער טאטע״״ —אי—אי—אי — „גנון נא גזעו, אי, אי, „בזעקם בעוד ליל״. פּלוצים הייבט אויף דער רב זיין קאָפּ, גייט עטליכע שריט, הין און צוריק, שפּרייט אויס זיינע הענד און זוכט די מידת הרחמים, און אזוי איז ער ווי ארומגענומען אין פלאמען און ווען ער קומט צו: „זוחלים ורועדים מאימת דינך״״, מוז מען ניט זיין אַ גרויסער ירא־שמים כדי צו ציטערן צוזאמען מיט אים פאר דעם יום הדין. דער רב איז אינגאנצן שווייס און ווייס ווי שניי, ממש כלות הנפש.

דער רב בלאָזט אליין שופר. אזוי ווי ער איז אַ גרויסער בעל מעלות ווי מוהל (געווען אויך מוהל אין סנדק צו־זאמען!), ארכיטעק, א ערשקלאסיקער שרייבער און נאָך מעלות, איז ער אויך געווען א וואונדערבאַרער בעל תוקע. ניטאָ ביי אים קיין שום מכשל און שטערונג, איז זיך ניט טועה און פירט ניט אריין אין אַ טעות אַ צווייטן, דאווענט אליין מוספים — ווער קאָן איבערגעבן און פאַרשטעלן זיין תפילה?! ווער פון דעם יונגען דור האָט געהערט אזא דאווענען? ווײַ איז דעם דור וואָס ווייסט ניט וויאזוי יידן האָבן געדאווענט פאר דעם לעצטן חורבן! ווי געזאָגט האָט ער ניט געהאט קיין שטארקע שטימע און ער איז אויך געווען פיזיש שוואַך, אָבער אַ דאנק דער שטילקייט וואָס האָט געהערשט אין קלויז, וואָס אפילו דער קלענסטער רעש איז ניט געהערט געוואָרן, האָט זיין דאווענען געקלינגען אין די אויערן פון די מתפללים גלייך דאס וואָלטן געווען קולות וברקים. דאס איז געווען אַ דאווענען אין דער בחינה פון „ר ו א י ם את התפילה״. דער רב איז געווען אינגאַנצן תפילה, אינגאנצן געבעט, אינגאנצן מלכות, זכרונות שופרות — ער איז געווען אלעס. אזוי זענען אויך פיל יידן געווען אינגאנצן תפילה -- אינגאנצן „ואני תפילה״.

אויך די „טישן״, וואס דער רב האט געפירט, זענען געווען זייער אינטערעסאנט. ער פלעג זאגן דברי תורה וואָס האבן דערפרייט די הערצער. רוב פון די דברי תורה זענען געווען פון די צדיקים פון זיין משפחה. טיילווייז האט ער אויך געזאגט זיינע אייגענע געדאנקען. אלעמאָל כמעט האָט ער אריינגשליפן אַ חסידישע מעשה, כדי „די יידן פון רבונו של עולם״ זאלן הנאה האָבן. ס׳איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך אז ער איז געווען אנ׳עוסק בתורה און אַ גרויסער תלמיד חכם, אבער צוזאמען מיט זיין גרויסקייט איז ער אויך געווען קליין ביי זיך. ס׳האָט געטראפן אז ס׳איז עפּעס ניט קלאר געווען אין דער גמרא אדער פוסקים — האָט ער ניט געוואקלט זיך צו ווענדן צו אַ בחור פון די בחורי בית המדרש, בעראטן זיך מיט אים און הערן זיין מיינונג. ס׳זענען געווען געוויסע ידידים זיינע. וואָס דער ענין האָט זיי א ביסל געארט, גלייך דאָס וואָלט פוגע געווען אין כבוד פון זייער רבין... אבער ר׳ נחמיה׳לין האָט דאָס ניט אינטערעסירט, וואָס מ׳וועט זאָגן, נאר וואס תוספות זאָגן...

אין זיינע לעצטע יארן האָט ער עוסק געווען אין שרייבן אַ חיבור אָף די קליינע מסכתות: כלה, סופרים, און אנ׳. ווי באוווסט זענען אין די מסכתות דאָ פיל גרייזן און אויך גדולי תורה באמיען זיך גוט כדי צו פארשטיין דעם פשט ווי געהעריק. דער רב האָט עוסק געווען טעג און נעכט כדי געגוי פעסטצושטעלן די ריכטיקע גירסא. ווען ער האָט געפונען אַ גוטן פירוש צו אַ ניט פארשטענ־דלעך ארט, האָט ער זיך געפרייט ווי ער וואָלט געפונען אנ׳אוצר. ער פלעג אויך ניט איינמאל רופן דער שרייבער פון די שורות צו ווייזן אים זיין ענטדעקונג. אַ שאָד וואָס ער האָט ניט זוכה געווען ארויסגעבן זיין פירוש. ער האָט נאָר געהאט די זכיה ארויסצוגעבן דאס ספר „תורת הרמ״ל השלם״, פון זיין גרויסן זיידן רבי משה לייב פון סאסוב זצ״ל.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון דער נאצישער הערשאפט, נאכן אקופירן פוילן פון די היטלעריסטישע רוצחים. „וואָס וואלט געווען געפעלט דער וועלט, ווען זי וואָלט זיך געווען ווייטער געפירט לויט איר מנהג? און וואָס וואָלט געווען געפעלט דעם רבונו של עולם, ווען זיינע יידן וואלטן ווייטער געווען געגאנגען מיט אויפגעהויבענע קעפּ און באַקאַנט געמאכט דצם מלכות שמים אין דער גאנצער וועלט, אָן שטערונגען״? — אזוי האָט ר׳ נחמיה׳לי געזשאלעוועט זיך אָפּט, פון דעם טאָג אן ווען ס׳האָט זיך געענדיקט דאס געוועגלעכע שטילע לעבן, אַלעבן וואָס איז געווען ל ע ב ן, און ס׳האָט זיך אנגעהויבן אַ „לעבן״ פון קנעכשאפט און דערנידערונג, בושה און פחדים, רדיפות און רציחות — וואס האָבן זיך אנגעהויבן מיט׳ן קומען פון די נאצים אין שטעטל אריין. אָף אט די פראגן האָט ר׳ נחמיה׳לי ניט געפונען קיין ענטפער, געגוי אזויווי ס׳האבן ניט געהאט קיין ענטפער אף זיי די מיליאנען געהר׳געטע קדושים — און ס׳וועט ניט געפונען ווערן קיין ענטפער ביז דעם סוף פון אלע דורות, ביז ס׳וועט ענטפלעקט און ענטדעקט ווערן דאָס מלכות שמים, לעתיד לבא, און ס׳וועלן קלאר ווערן אלע פארבארגענע און אומפארשטענדל׳עכע זאכן — — —

אבער ר׳ נחמיה׳לי האָט זיך ניט געוואלט באגניגן לאזן מיט בלויז פרעגן שאלות און אויך ניט מיט קלאגן און ברעכן די הענד און קניען... ער האָט געוואלט ממש העלפן די יידן פון שטעטל אין אט דער גרעסטער עת צרה וואָס איז אף זיי געקומן. ער — דער שוואכער, דער קראנקער, וואָס האָט געליטן אויך אין געוועגלעכע צייטן פון פארשידענע מחלות — האָט זיך אָנגעטאן מוט און כוח, איניציאטיב און פלינקייט, און האָט זיך געשטארק ווי אַ לייב עפּעס צו טאָן. זיין ציל איז געווען: שטארקן די שוואכע, מוטיקן און פארשטיין געבן די צעבראכענע הערצער אז די האָפנוג טאָר מען ניט פארלירן און ס׳איז דאָ שאנסן איבערצולעבן דעם שונא. און געטאָן האָט ער מיט גרויסן איבערצייגונס קראפט, אויסנוצענדיק דאביי אלע זיינע

כשרונות און פעאיגקייטן. ער האט מאביליזירט צו זיינע ארגומענטן אלע סארט מאטיווירונגען וואס איז נאָר מעגלעך געווען. זייענדיק בעהאווענט אין וועלטליכע ענינים און אין היסטאָריע און פּאָליטיק, האָט ער אויפגעוויזן אז עס איז גאר איבערהויפּט ניט מעגלעך אנדערש, נאר אז דער שונא ישראל היטלר, ימח שמו, מוז האָבן אַ מפּלה. ס'איז פארשטענדלעך אז ער האָט אויך ניט פארפעלט צו ברענגען מאמרי חז״ל צו פארפעסטיקן זיין מיינונג און צו שטארקן די הענד פון די מאמינים. דאָס אלעס האָט ער געטאָן, ניט זייענדיק אליין אזוי אפּטימיסטיש. פארקערט. צו יחידי סגולה האָט ער געזאגט אז ער אליין, איז זיין האַרץ אים צעבראכן און ער זעט אַ שלעכטען הארייזאנט פארן כלל ישראל. אבער ער האָט געהאַלטן פאר זיין פליכט ניט ארויסרופן קיין בהלה אין דער קהילה, נאר פארקערט. שטארקן און מוטיקן. אינטערעסאנט אז ס'איז אים צוגעשיקט געווארן, מן השמים, צו העלפן ממש דעם שטעטל. און אזוי איז עס געווען.

אין איינעם פון די טעג זענען אַ באנדע היטלערישע באַנדיטן אריין אין דער וווינונג פון רב. זיי זענען געקומען ווי ווילדע בריאים, מיט כעס און רציחה אויגן, ווי עס פאסט פאר מיטגלידער פון דעם פאָלק פון „דיכטער און דענקער". דער רב, טראָץ זיין פחד, האט ניט געקאנט איינהאלטן זיך און האָט געפרעגט מיט פעסטקייט, אין אַ שיינע דייטשע שפראך, צו זיי קאנען ניט רעדן אין אַ קולטורעלער פארם, ווי עס פאסט פאר קולטורעלע מענטשען? ווען א געווענלעכער מענטש וואלט געווען אזוי גערעדט צו זיי, וואָלט געוויס אַ קויל אין קאָפּ געווען דער ענטפער. אבער אין די ערשטע טעג פון דער נאצישער אָקופּאציע איז נאכניט געווען די שיטה פון די רשעים אנצונעמען אזא מיטל קייגן „הער ראבינער". זיי האבן זיך באגניגן געלזאָט מיט געמיינע ווערטער און אויך געדרויט אים אז אויב ער וועט וואגן צו ווענדן זיך צו זיי נאכאמאל מיט אזא „יידישע חוצפה", וועט ער געשטראָפט ווערן מיט גרעסטער שטרענגקייט פון געזעץ. ווען זיי האבן פארלאזט זיין הויז, האָט דער רב אויפגעהויבן זיינע הענד צום הימל און געדאַנקט גאט וואס ער איז ארויס בשלום פון זייערע גראבע נעגל...

דאמיט איז די פרשה נאָכניט געקומען צו ענדע. דער ענין איז אנגעקומען צו דעם קאמענדאנט פון שטעטל און ער האט באפוילן דאס דער ראבינער זאל זאָפאָרט געברענגט ווערן צו אים. שנעל האָט מען דער רב גערופן צו דעם נאַצישן הערשער. ס'איז פארשטענדלעך מיט וואס פארא מוט דער רב איז געגאנגען אין דער קאמאנדע פון די נאציס, אבער דער רב האט באשלאָסן אז ער וועט ניט לייקענען גארניט און ניט פּרובן פארטושן דאס וואס ער האָט געזאָגט — ער וועט נאָר פּרובן ווייכער מאכן דעם כעס פון די „באליידיגטע"... ווען ער איז אריין אין דעם קאבינעט פון קאָמענדאַנט, האט ער געזען פאר זיך אַ מענטש וואָס לויט זיין אויסערליכן אויסזען האָט ער ניט אויסגעזען ווי דער ערגסטער. דאס האָט געווירקט אַף אים און ער האָט זיך אביסל בארואיקט. דער קאמענדאנט האָט זיך געווענדעט צו אים און געפרעגט — קוקענדיק אים גלייך אין פנים — ביזטו דער הער ראבינער?

— יא, האָט אים דער רב געענטפערט. דער קאמענדאנט איז געגאנגען ארום און ארום, האָט זיך פאראינטערסיו'ט מיט זיין פארגאנגענהייט און אויך וואס ער מאכט איצט. ס'האָט זיך ענטוויקלט א לעבעדיק געשפרעך אין דער דייטשער שפראך. ר' נחמיה'לי האט אים געזאָגט אז ער איז א ווינער. „אַ ווינער" איז אויפגשפרינגען דער קאמענדאנט פון זיין שטול — אויד איך בין אַ ווינער. דאָס געשפרעך האָט זיך ענטוויקעלט כמעט אַף א פריינדליכן אופן. דער רב איז ניט געפרעגט געוואָרן בכלל וועגן דעם גאנצן אינצידענט. נאָכמער: ווען ער איז אַרויסגעגאנגען פון קאמענדאנט האָט ער אים געזאגט דאס אין פאַל ווען דער רב וועט האָבן אַנ'ענין צו ערלעדיקן ביי אים, קאָן ער קומען צו אים און ער וועט אים אלעס טאָן על צד היותר טוב. ווי פאלט אויס אַ נאַצישער קאָמענדאַנט אזוי פאָרצושלאגן אַ רב? האָבן קלוגע יידן געזאָגט אז ס'ווייזט אויז דאָס ער קאָן דעם רב פון ווין.

פיל נעכט האָט דער רב ניט געשלאָפן. ער האָט זיך געשטעלט די פראגע: צו זאָל ער זיך ווענדן, אין אָט דער מורא'דיקער צייט, צום קאָמענדאנט און פּרובן צו פארלאַנגען פון אים הילף פאר אַ יחיד אָדער רבים? אָדער וועט דאָס אפשר זיין אַ חלול השם פאר די פּאָלאַקן אז דער „ראבין" חבר'ט זיך מיט די נאצים? דער קאלטער שכל האָט געזאָגט: מ'טאר ניט זיין אין קאָנטאקט מיט אַ נאצי, ווייל דער בעסטער פון זיי איז אַ רוצח און פארגיסט אומשולדיק בלוט! דאגעגן דאָס האַרץ, דאָס פילענדע האַרץ, האָט געזאָגט: ס'איז אלעס כדאי. זאלן די גויים זאָגן וואָס זיי וועלן זאגן, ס'איז ווערט אפילו אײן ייד, כל שכן אנ־עדה יידן, מ'זאל פּרובן אפילו ביי דעם שטן אַליין, צו העלפן זיי. צום סוף האָט געזיגט דאָס האַרץ. עת לעשות! ס'איז די צייט פון טאָן! אַ גאַנץ יאר איז דער ווינער קאמענדאנט געווען אין שטעטל און אין דער צייט, האָט ר' נחמיה'לי „געלייגט לאטעס"; ער האָט מצליח געווען אפּצורופן פארשידענע גזירות וואָס די ארטיקע רשעים האָבן, אַף אייגענער איניציאטיוו ארויפגעלייגט אַף די יידן. א דאנק דעם רב האָט מען געלעבט אין שטעטל, במשך דער צייט, מיט א ביסל ווייניקער פחד ווי מ'האָט געלעבט אין אַ צווייט אָרט.

אין אָט די מורא'דיקע יארן האָט ר' נחמיה'לי זיך „געמישפט" מיט'ן רבונו של עולם. דער שרייבער פון די שורות געדענקט אז דאָס טענה'ן פון רב האָט זיך אנגעהויבן באלד מיט'ן אויסברוך פון דער מלחמה. דאס איז געווען דעם לעצטן שבת פון יאר תרצ״ט — דער ניינטער

טאג פון אנהויב פונים קריג. ביים רב אין שטוב זענען געזעסן עטליכע פון זיינע חסידים־ידידים, אויך דער שרייבער פון די שורות איז געווען אנוועזנד. (אנטלויפנדיק פון בזוסטיק, ווי איך האב דאן געוווינט, האב איך דעם ערשטן וועג געמאכט קיין סטריזוב) מען האט גערעדט וועגן דער לאגע. יעדער האט געזען פאר זיך שווארצע וואלקענס און שווערע טעג וואס וועלן קומען אף יידן. איינער פון די אנוועזנדע — א פשוט'ער ייד, וואס האט געמיינט אז דער רב ווייסט אלעס, האט געפרעגט דעם רב.

— ריכטיק רבי, אז נאך היטלערס מפלה וועט קומען דער משיח?...

דער רב האט אפגעזיפצט און גארניט געענטפערט. עטליכע מינוט איז גיווען שטיל אין שטוב. דאס שטילקייט האט איבערגעריסן איינער פון די אנוועזנדע, וואס האט געפרעגט, א ספק ערנט א ספק מיט איראניע. פארוואס מיינסטו אז דערנאך וועט משיח קומען? דער תמימות'דיקער ייד האט געענטפערט: אויב, חס ושלום ניט — פארוואס ברענגט השם יתברך צרות אף יידן?... דער שיינער ייד האט געענטפערט: „פארוואס"? ווייל די יידן האבן געזינדיקט"! — — — דער רב, וואס האט ביז איצט ניט אריינגעמישט זיך אין דעם געשפרעך, איז פלוצים אויפגעשטאנען פון שטול, האט אנגעהויבן, ווי זיין שטייגער איז געווען, שפאצירן הין און צוריק, זיין ווייס פנים איז געווארן רויטלעך, עטליכע סעקונדן האט ער גערעדט צו זיך, גאנץ שטיל, ווערטער וואס קיינער האט זיי ניט דערהערט, שפעטער זענען זיינע שריט געווארן וואסאמאל שנעלער און מ'האט געזען אז ער איז זייער גערירט. ווידער האט ער אנגעהויבן צו רעדן צו זיך, אבער דאסמאל מיט א הויכער שטימע: נ יי ן!!! ניין! ניין!... ניט ביי מיר אין שטוב וועט דאס געהערט ווערן! חס ושלום מ'זאל אין מיין הויז רעדן אף יידן! „ווייל זיי האבן געזינדיקט"! — — — דאס הייסט אז דו זאגסט אז ס'דארף אזוי זיין?!

א שטילקייט האט באהערשט די שטוב. אלע האבן געזען אז די ווערטער האבן געטראפן אינים הארץ פון רב. האט מען געווארט אף דעם המשך, וועלכער איז באלד געקומען. דער רב האט זיך געזעצט, אביסל זיך אפגערוט און דערציילט: אמאל איז א פרוי געקומען צו מיין זיידן, דעם רבי ר' משה לייב פון סאסוב און האט ביטער געוויינט פאר אים, היות אירע קינדער שטארבן איר אווק, צוליב גרויס פארביטערונג האט זי געלאזט פאלן ווערטער קייגן רבונו של עולם, דאס ער איז חס ושלום ניט קיין גוטער... די רעביצן פון רבי משה לייב האט זיך אנגעבייזערט אף איר און געזאגט: אלעס וואס השי"ת טוט איז גוט! האט זיך אריינגעמישט דער רבי און געזאגט צו דער פארביטערטער פרוי: „א לאנג לעבן אף דיר אשת חיל". דו ביזט גערעכט! איך פארזיכער דיך אז דו וועסט געבוירן א זון און איך וועל אים פירן צו דער חופה צוזאמען מיט דיר"... דער רב האט געפערטיקט זיין סיפור און יעדער האט פארשטאנען דעם נמשל — — —

— — — —

ווען איך האב זיך געזעגנט מיט'ן רב, האט ער מיר געזאגט, דו ביזט דאך א בעל־תפילה, הער וועל איך דיר זאגן, קינד־לעב, וואס דו דארפסט מכוון זיין ביים זאגן: „ממעמקים קראתיך ה'". משל צו א ייד וואס שטייט אונטן אין א גאר טיפן, טיפן גריב, טויזענדער קילאמעטער טיף... און אט דער ייד שרייט דארט און בעט זיך ממ ע מ ק י ם, מ—מ—ע—מ—ק—י—ם... ווער קאן אים הערן? האט דער רב ממשיך געווען און טרערן האבן זיך געגאסן פון זיינע אויגן — — —

„נאר גאט קאן אונדז הערן" — זענען געווען זיינע לעצטע ווערטער.

## הדיין ר' יעקב שפאלטער זצ"ל

ר' יעקב שפאלטער, פון איליטש, וואס איז אויפגענומען געווארן אלס דיין, נאך ר' אלתר עזרא זידמן, איז געווען א זייער אינטערעסאנטער טיפ. ער איז געווען א גרויסער חריף און בקי. בעיקר איז ער געווען א בקי אין די שאלות ותשובות ספרים. איז געווען א „גריבלער" און געוואוסט די קאמפליצירטע וועגן פון די הלכה ספרים. ער האט געוואוסט וויאזוי צו זוכן און געפונען וואס ער דארף. שטענדיק האט ער געפונען וואס ער האט געוואלט געפונען... געווען א ערשטקלאסיקר בעל־הוראה, א גרויסער בעל סמכא און זיין שיטה איז געווען דער סיסטעם פון „כוחא דהיתירא עדיף". אט דער וועג זיינער האט אים גורם געווען פיל מחלוקת און צוליב דעם זענען זיינע באציאונגען מיט הרב ר' נחמיה שפירא און נאך תלמידי־חכמים געווען אנגעשטרענגטע. זיי האבן געטענה'ט אז ער איז צופיל מיקל און האבן קריטיקירט זיינע פסקים. אבער ר' יעקב האט זיך ניט גערעכנט מיט זייער געגנערשאפט. אדרבה! — האט ער געזאגט — די אלע וואס נעמען ניט אן מיינע פסקים און זענען מחמיר, איז עס נאר דערפאר, ווייל זיי ווייסן ניט געגנוי דעם דין... פיל מאל איז געווען מחלוקת אין שטעטל צוליב זיינע פסקים: מ'האט ניט געוואלט אננעמען זיין פסק וועגן דער מאדערנער מקווה, וואס מ'האט געבויט אין שטעטל לויט'ן פלאן פון רבי יעקב'ן. דער סאסובער רב, ר' נחמיה, האט געפסל'ט די מקווה. ס'איז אויך געווען א פאל וואס דער דיין האט מתיר געווען, אין א געוויסן פאל, מבטל צו מאכן אנ'איסור לכתחילה און דער סאסובער רב האט מרעיש עולמות געווען און געשריבן צו זיין פעטער'ס זון, רבי חיים אלעזר שפירא, דער באוווסטער מונקאטשער רבי, און רבי חיים אלעזר האט מסכים געווען צו ר' נחמיה'לעס מיינונג און געפסלט די מקווה. ר' יעקב איז ניט נתפעל געווארן און געשריבן

אַ ווונדערבארע תשובה, וועגן דעם ענין, און געשיקט זי צו עטליכע גדולים. אויך צו דעם באוווסטן גאון רבי שמואל פירער פון קראס, וועלכער האט מסכים געווען צו דעם פסק פון ר׳ יעקב׳ן, זייענדיק דאמאלט פון די בית המדרש בחורים, ארייגעטון אינגאנצן אין תורה, האב איך זיך געווענדעט צו די 2 גאוני הדור, ר׳ יוסף רוזין (דער ראגאטשאווער) און ר׳ שמואל אנגל, פון ראדומישל (גאַליציע), וועלכער איז דאן געווען אין קאשוי. ר״ש אנגל האָט בכלל ניט געענטפערט, ווייל ער האָט „דערשמעקט״ אז דאָס איז אַ „מחלוקת׳ל״. ר״י ראזין, האט מיר געענטפערט אַ בריוו וואָס איז געווען פול מיט „עיין״. ע׳ שבת, דעם דף, ע׳ זבחים דעם דף, ע׳ חולין... איך געדענק אז ניט נאר איך, נאר אויך דער דער דיין, ר״י, האט ניט געוווסט וואס איינגענטלעך פסקנט דער גאון?... דאמאלס האב איך געהערט דאס ערשטע מאל די הלצה: „עיין פה. עיין שם, עין — לא ראתה״...

ער האט ליב געהאט צו ווערטלען זיך אויפן חשבון פון זיינע געגענער. ניט כדי צו באליידיקן זיי, נאר פשוט, ער האט ניט געקאנט זיך איינהאלטן ער זאל ניט „אויספאקן״ אַ גוט ווערטל... ווען ר׳ נחמיה׳לע האט געפסל׳ט זיין מקווה, האָט ער געזאגט: ר׳ נחמיה איז אַ פאכמאן אין ארכיטעקטור (אזוי ווי זיין פאטער, ר׳ משה לייב) מיינט ער אז דאס איז שוין גענוג, כדי צו זיין אַ פוסק. אבער מיר האָבן אַ ראַיה פון דער גמרא אז ס׳איז ניט אזוי. אט וואס די גמרא (שבת ל״א) דערציילט: אַ גוי איז געקומען צו שמאי׳ן און אים געזאגט ער זאל אים מגייר זיין, מיט דעם באדינג ער זאל אים אויסלערנען די גאנצע תורה אף איין פוס. האט אים שמאי אוועקגעשטופט מיט דער „אמת הבנין״ (וואסער־וואג). ס׳ספרעגט זיך: וויאזוי האט דער גר זיך פארגעשטעלט אז מ׳קאן אויסלערנען די גאנצע תורה אף איין פוס? נאר וואס דען? דער גר איז געווען אַ ב ו י ־ מ י י ס ט ע ר, האט ער געמיינט אז אויב מ׳איז אַ בוי־מייסטער קאן מען שוין לייכט אויסלערנען די גאנצע תורה און ווערן אַ למדן... האט ער אים אוועקגעשטופט באמת הבנין — דאס הייסט: דער אמת הבנין, וואס דו ביזט אַ בוי־מייסטער, א י ז נ א כ נ י ט ג ע נ ו ג א ף צ ו ז י י ן אַ ל מ ד ן... ווען ער איז געקומען הלל׳ן. האָט ער אים געזאגט... „זיל גמור״! מ׳דארף לערנען... ס׳איז לייכט צו פארשטיין די רעאקציע פון ר׳ נחמיה׳ס חסידים אף אזא סארט ווערטל. ר״נ איז דאך באמת געווען, ניט נאר אַ בוי־מייסטער נאר אויך אַ גרויסער תלמיד־חכם.

ר׳ יעקב איז געווען אַ גרויסער אויפטוער אין הלכה ואגדה. אויך אַ ספעציאליסט אין גימטריאות און נוטריקין. ווען ס׳איז נפטר געווארן דער נעביליצער רב, ר׳ שמואל שיף, זצ״ל, האט אים מספיד געווען אויך דער דיין ר׳ יעקב, דאס איז געווען אין פרשת וישלח. האט ר״י געזאגט, צווישן אנד.: „וישלח יעקב מלאכים״, זאגט רש״י: „מלאכים ממש״. וואס הייסט מלאכים ממש? מורה מורנו שמואל. גימטריאות און נוטריקון זענען געווען זיינע פיילען און ניט איינמאל האט ער „אוועקגעהרגט״ זיינע געגנער מיט אַ גימטריא...

ער איז געווען בקי אין אלע קאמבינאציעס פון סוחרים און שקרנים און ס׳איז ניט לייכט געווען אים אפצונארן, פיל סכסוכים צווישן בעלי־דינים זענען פארגעקומען ביי אים. היות ר׳ יעקב האט געוווינט ביי מיר און מיין ברודער אין הויז, פלעג ער מיך פיל מאל איינלאדנען אנטייל צו נעמן אין די אינטערעסאנטע דין־תורה׳ס. כ׳האב אים געהאלפן זוכן אין די שאלות ותשובות מקורות און אנווייזונגען וועגן די ענינים וואס זענען פאר אים פארגעקומען. טראצדעם וואס כ׳האב ביי אים געלערנט נאר אַ קורצע צייט, בין איך ניט ארויסגעגאנגען ליידיק פון אים. בעיקר האב איך געלערנט פון אים דעם וועג וויאזוי מ׳זוכט און מ׳געפונט אין ספרים...

ווען איך זאל וועלן דערציילן אלע זיינע געפערטע ווערטלעך און מעשיות — וואלטן פיל גוטע יידן הנאה געהאט פון דעם, אבער צוליב פארשטענדלעכע טעמים איז ניט דא דער ארט דאפון. בקיצור קאן מען רעזומירן: מ׳האט געקאנט קריטיקירן די וועגן פון ר׳ יעקב׳ן אבער מ׳האט אים ניט געקאנט מבטל זיין. ער איז געווען אַ זייער קלוגער ייד, אַ למדן מופלג, אַ גרויסער שרייבער און טראָץ אלעם — אַ גרויסער בעל־סמכא אין הלכה ענינים.

ר״י, זיין פרוי און קינדער און אייניקלעך — אויסער איינעם, דאס איז אפרים, דער זון פון ר״י זון, וואס זיצט ביי אונדז אין ישראל — אלע זענען אומגעקומען. ה.י.ד.

## תפלה לעני כי יעטוף

(צום אנדענק פון ר׳ שלום שווארצמאן ז״ל)

די „פסוקי דזמרה״ בעלי תפילות פון די ימים נוראים — כאטש זיי האבן ניט באוויזן קונצן מיט זייער קאלאראטור און ניט געזונגען בקולות וברקים, ווי די בעלי שחרית און מוספים — האבן זיי אבער געשפאלטן די הימלן מיט זייער גרויס פייער און פלאקערדיק התלהבות. זיי זענען געווען די „אונטערצינדער״ פון די תפילות, וואס האבן זיך צעפלאקערט און ארויף אין הימל ארייַן, ביז צום כסא הכבוד. נאך אזא פסוקי דזמרה, איז שוין דער וועג אין הימל ארייַן, געווען אויסגעפלאסטערט. לייכט און גלאטיק, פאר די בעלי שחרית און מוסף, וואס זענען געקומען נאך זיי. דער שטן האט שוין געהאט באקומען אַ קלינגענדיקן פאטש און זיין כוח איז אפגעשוואכט געווארן, ממילא איז שוין געווען לייכטער אים מנצח צו זיין... עס זענען ווערט די בעלי פסוקי דזמרה מיר זאלן זיי דערמאנען, הן צוליב זייער דאווענען און הן צוליב זייער פערזענלעכקייט. יידן פון גרויסער גייסטיקער ווערט. לאָמיר שרייבן וועגן דעם ערשטן, וויכטיקסטן פון זיי: ר׳ שלום שווארצמאן ז״ל.

איר האט געזען פאר זיך אַ מענטש, אַ דערהויבענעם פון פאלק, אַ הויכע, הערליכע געשטאלט, מיט אַ וואונדערבארער הדרת פנים. זיין ברייטע לאנגע בארד, זיינע האר פון זיין גרויסן קאפּ און די לאנגע פאות, וואס זענען געווען אויסגעצויגן ווי שטעקנס — וועלכע זענען ווייס געווארן, פון צרות פאר דער צייט — די גרויסע אויגן, וואָס האָבן אריינגעדרינגען אין די טיפענישן און האבן ארויסגעשפראצט פון זיך אונבעשרייבבארע ענערגיע און פייערדיקע פונקן — האבן צוגעגעבן אויסערליכן גלאנץ און פראכט צו זיין אינערליכער רייכקייט. דאָס לעבן פון ר׳ שלום׳ן איז געווען אַ לאנגע קייט פון צרות, יסורים און אומגליקן פון אייןזייט, און אַ זעלישע גבורה און מסירות נפש — ביישטייענדיק פיל נסיונות, און פון מקדש זיין שם שמים, פון דער צווייטער זייט. ער איז געווען אַ גרויסער ירא שמים, אַ פייערדיקער חסיד, אַ קעמפער פאר אידישקייט, אַ פרעדיגער פון מוסר און יראת שמים, האט אכטונג געגעבן אף די בית המדרש בחורים זיי זאלן ניט „קאלע״ ווערן, חס ושלום — און בכלל געווען דער הויפט קעמפער און אנפירער פון דער מלחמה קייגן כפירה, רחמנא ליצלן. פון זיין פריסטער ייגענד האט ער געלערנט אליין, און געלערנט אנדערע יינגע און אלטע, תורה און יראה. דער עיקר האט ער געלייגט געוויכט אף יראת־שמים. זיין נעץ איז געווען פארשפרייט אף דעם בית המדרש און ער איז געווען דער גייסטיקער טאטע פון די „צאן קדשים״ — די תורה לערנער, ער האָט זיי געפרעדיקט חסידות און מוסר, דערציילט חסידישע מעשיות און געהיטן זיי, זיי זאלן ניט ארויסגיין ל׳תרבות רעה. זיי זאלן חס ושלום ניט ליינען די „טריפה־פסול״ע ספרים — אפילו דער ספר האגדה פון ביאליק׳ן איז אויך געווען פסול ביי אים. אַ „קאלידיקער״ איז געווען אויך דער וואס האט געקויפט אַ ציוניסטישן „שקל״, כל־שכן אַ ציוניסט ממש! ער האט געקעמפט אויך געגן מזרחי. אמאל איז געקומען אַ ציוניסטישער רעדנער אין שטעטל און האט געוואלט רעדן אין בית המדרש. האט ר׳ שלום ארגאניזירט זיינע תלמידים, און אויך די בית המדרש בחורים, זיי זאלן ל׳ערנען מיט אַ הויכער שטימע, כדי מ׳זאל ניט הערן דעם ר׳עדנער. דעם אמת דארף מען אבער זאגן: ער האט נאר געקעמפט געגן ציוניזם אבער ניט געגן די ציוניסטן. ער האָט ליב געהאט יעדן ייד און איז גיווען אין גוטע באציאונגען מיט די ציוניסטישע עסקנים אין שטעטל. די ציוניסטישע עסקנים, ניט נאר זיי האבן ניט פוגע געווען בכבודו. נאר האָבן אים אויך מכבד גיווען און געשעצט. זיי האָבן געוווסט אַז אלע זיינע מעשים זענען לשם שמים. אפילו ווען ער האָט געשריגן אָף די וואס שמוסן ביים דאווינען: „שא״, „שקצים״!... האבן זיי ניט געהאט פאראיבל, ווייל געערט איז געווען דער מענטש, צוליב זיין ערלעכקייט און צוליב זיין גייסטיקער זעלישער גבורה.

גרדיס איז געווען די לאסט פון ר׳ שלום׳ס צרות און ליידן. ווי איוב איז געווען זיין גורל און דאָך איז ער געבליבן אַ צדיק פון אנהויב ביזן סוף. זיין ערשטע פרוי איז נפטר געווארן פאר דער צייט, זיין איינציקער זון, ר׳ משה יהושע. דער ירא ושלם. אַ תלמיד חכם מופלג און אַ בעל מדות. אנ׳ענוו און אַ טייערער גייסט וועלכער האט זיינס גלייכן ניט געהאט אין שטעטל — איז אויך נפטר געווארן אין זיינע יונגע יארן; זיינע טעכטער, רישא און איטא, וואס זענען געווען פארהייראט צו מענער תלמידי חכמים און אליין אויך געווען גרויסע צדקניות, זיינע אייניקלך — אַ חוץ איינעם, וועלכער איז שפעטער דערהארגעט געווארן פון די אראבישע רוצחים — אלע זענען נפטר געווארן, ער אליין איז געווען אַ גרויסער בעל יסורים און דאך האט איוב־ר׳ שלום ניט געזינדיקט און ניט געפרעגט קיין שאלות. ער פלעג תמיד זאָגן. דאָס באוווסטע חסידישע ווארט: „אַ מאמין האט ניט קיין שאלות; אַ ניט מאמין — פאר אים איז ניטא קיין תשובות״... ר׳ שלום איז געבליבן ביי זיין צדקות. ער איז געבליבן — ר׳ שלום, ביי יעדער שמחה של מצוה, כל־שכן שמחת־תורה — האט ער געזינגען און געטאנצט, גלייך ער וואלט געווען דער גליקליכסטער אין דער וועלט.

אויך זיין מאטעריעלע לאגע איז ניט געווען גוט. כמעט תמיד האט ער געהאט פרנסה בצמצום און טיילמאל אפילו בדוחק. עס זענען געווען צייטן ווען ער איז געווען אנגעשטעלט ביי אנדערע און זיינע בעלי־בתים, די ברויט געבער. האָבן אים שטארק בכבוד געהאלטן. ס׳האט מיר דערציילט מיין פאטער ע״ה, דאָס ווען ר׳ שלום איז געווען אנגעשטעלט אלס נאמן אין דער פראפינאציע פון מיין זיידן, שלמה זינזובער. איז מיין פאטער געווען זיין בעל־הבית. גלייכצייטיק איז ער געווען זיין תלמיד, אין דער וואכן האט ר׳ שלום מקבל מרות געווען פון מיין פאטער אין געשעפט און שבת איז ר׳ שלום געווען דער רבי, וואס האט געגעבן מיין פאטער „באפעלן״. די באציאונגען צווישן רבין און תלמיד זענען געווען הארציקע און ניט איינמאל האט איינער זיך געווערטלט אף דעם חשבון פון צווייטן. אַ גאנצע וואך, ווען ר׳ שלום האט געוואלט „דראען״ דעם בעל־הבית האט ער געזאָגט: וואָרט, באלד וועט זיין שבת, וועלן זיך אויסטוישן די יוצרות און איך וועל ווערן דער בעל־בית; שבת — פלעג מיין פאטער זאגן ר׳ שלום׳ן, ביי שלש סעודות: באלד וועט מען זאָגן „אתה חוננתנו״... אזוי זענען געווען די באציאונגען צווישן „ארבייטס געבער״ צו דעם ׳ארבייטער. שפעטער, ווען ר׳ שלום איז געווארן זעלבסשטענדיק, האט ער געהאט אַ שענק און זיך מפרנס געווען בצמצום. דעם טאג האט ר׳ שלום צוטיילט האלב אף תורה און האלב אף פרנסה. די נאכט — אף תורה און תיקון חצות און אביסל שלאפן.

ער איז געווען דער ראש פון חברה משניות, טאג־טעגלעך, אנדערהאלב שעה פאר מנחה — זומער — און ווינטער נאך מעריב, האט ער געלערנט משניות פאר צענליקר בעלי בתים, צווישן זיי אויך עשירים. ער איז געווען אַ גוטער

בעל מסביר און האָט ניט געקאַרגט קיין מי אז אלע זאָלן פאַרשטיין די משנה ווי געהעריק. ווייל איז דעם וואס האט גיזען ווי ר' שלום פלעג געבן פארשטיין זיינע תלמידים, די חשבונות אין מסכת כלאים! ווי א געבוירענער מאטעמאטיקער האט ער געגעבן צו פארשטיין די כללים פון רמב"ם און ברטנורא און די תלמידים האבן געטרונקן מיט דורשט זיינע ווערטער.

ער איז אויך געווען אַנ'עךשטקלאסיקער שרייבער, אינ'ם בעסטן זין פון ווארט — אין יענע צייטן. ווען ער איז נאָך געווען אַ בית המדרש בחור איז ארויס אַ ספר אין וועלכן ס'זענען פאַרעפּענטליכט געוואָרן שיינע. אויסגעצייכענטע בריוו פון בית המדרש בחורים. אין דעם בוך איז אויך געווען בריוו פון „הבחור, החריף ובקי, המושלם וכו', שלום שווארצמאַן". אויך זיין כתב־יד איז געווען זייער שיין; שיין אין שריפט און שיין אין מליצות, לויט דער דאמאסלדיקער מאדע. בית המדרש בחורים, וואָס האָבן זיך פאַר לויבט און האבן ניט געקאנט שרייבן דעם מחותן שיינע בריוו. זענען געקומען צו ר' שלום'ן. ס'האט אויך געטראָפן אז ער האט געגעבן אַ קאנצעפּט וויאזוי צו שרייבן צו דער כלה... אלעס על טהרת הקודש — — — אויב אַ בחור איז געפאַרן אַ באזוך מאכן ביי דעם מחותן — כלומר: דער כלה — כאטש דאס האט ר' שלום'ן ניט געפאלן, האט ער אים באלד באלערנט וויאזוי ער זאל זיך פירן, כדי צו געפינען חן ביי גאט און לייט און אויך — ביי דער כלה. אלעס איז געווען לשם שמים...

ס'אַרא תמים איז געווען ר' שלום. דער שרייבער פון די שורות, וואס איז געווען צוגעקניפּט צו אים מיט שטאַרקע און אינטימע פּעדים, וואס האט פאר אים אויפגעדעקט זיין גאַנץ הארץ, ווייסט פיל צו דערציילן פון זיין תמימות און נאַאיוויטעט, וואס האָט געשטאמט פון זיין צדקות. ער איז געווען זיכער אז קיין שום ניט גלוביקער שרייבער איז ניט אומשטאנד צו שרייבן אַ בריוו צו דער כלה, ער זאל איר געפעלן, ווי א בריוו וואס איז געשריבן פון אַ רעליגיעזן ייד, ווייל נאר ער ווייסט, בעזרת השם, צו געפונען דעם שליסעל צום הארץ פון דער כלה... און ווי שיין זענען געווען זיינע מליצות צו דער „יעלת חן", וואס איז שיין ווי דו זון און לויטער ווי די לבנה, איר שכל דערגרייכט ביז צו די הויכע הימלען און די טיפענישן פון תהום! ער פלעג ארייַנפלאנצען גאנצע זאצן פון די ליבע שירים פון ר' יהודה הלוי (ניט פארגסן צו פארצייכענען: זע דאָרט און דארט) ס'איז לייכט צו פארשטיין ווי גרויס ס'איז געווען די שמחה פון חתן ווען ער האט דערזען ווי הערלעך ס'איז דער בריוו וואס וועט אנקומען צו איר...

און היות עס שטייט „בכל דרכיך דעהו", דאס הייסט: אז מ'דארף דינען דעם רבונו של עולם מיט אלע וועגן, אפילו מיט ערדישע ענינים — האט ער אויך עוסק געווען אין געזעלשאפטליכע ענינים, אפילו אין זאכן וואָס האָבן אויסגעזען ווי קלייניקייטן און ניט וויכטיקע.

„עס איז נישטאָ קיין פוסטער חלל אין דער וועלט" — פלעג ער זאגן — אלעס איז תורה, אלעס איז יראת שמים"! עס האָט ניט איינמאל געטראָפן דאָס ער איז געקומען אין קאָנפליקט מיט זיינע בעסטע פריינד, ווי למשל: ר' ברוך בערגלאס — דער עושר פון שטעטל, וואָס האָט געדאווענט על־פי קבלה און האט אפילו ארויסגעזאָגט בפה מלא די „שמות" און סודות הקבלה... טראָץ זייער פריינדשאפט האָט ער תמיד געהאט טענות צו אים, ניט נאָר וועגן די „שמות", נאר איך אין אנדערע ענינים האָבן זיי געהאט וויכוחים: וואס דער האָט געבויט האָט דער איינגעלייגט און אויך פארקערט. אבער, ווי געזאָגט, מ'האָט יאָ מסכים געווען צו זיינע ווערטער, אדער ניט — אויך דער שרייבער פון דעם מאמר האָט ניט אלעמאל מסכים געווען מיט ר' שלום'ס מיינונג, אבער — דרך ארץ, פאר ר' שלום'ן!!!

ווען מען גוט צו צו די מעלות פון ר' שלום'ן די מעלה פון זריזות, זעסטו אז ער איז געווען אַ מושלם אין אלע מעלות. געווען פלינק צו טאָן אַ מצוה און פלינק צו יעדער זאך. אלעס וואס ער האָט געטאן איז געווען מיט מאקסימאלסטער פלינקייט קאָן זיין ווייל ער האָט ניט געהאט קיין צייט; קאָן זיין ווייל דאָס איז געווען זיין טבע. גאנץ יונגע האָבן ניט געקאנט פארמעסטן זיך מיט זיין געשיקטקייט. אזוי איז עד געווען אין דער יוגענד און אזוי ווען זיינע האָר זענען גראָ געווארן. אזעלכער אין מער־וועניק רואיקע צייטן און דער זעלבער אין אנ'עת צרה. „היום קצר והמלאכה מרובה", איז געווען זיין לאזונג.

הייסט עס אז מיר האבן שוין פארגעשטעלט דאס געשטאלט פון ר' שלום'ן. אבער דאס איז נאר אויבערפלעכלעך. דעם עיקר האבן מיר פארפעלט: ר' שלום דער בעל תפלה.

אזוי האט געזאגט איינער פון די גדולי הצדיקים: עס זענען דא דריי סארט חזנים — בעלי תפלה, קייגן דריי סארט תפילות: תפילה למשה, תפילה לדוד און תפילה לעני. תפילה למשה — דאס הייסט: דער דאווענער האט ניט קיין שיינע שטימע, קאָן ניט זינגען און אמאָל איז ער אפילו אַ שטיקל שטימפיקער נאָר ער איז אין דער בחינה פון משה רבינו, אַ צדיק הדור און אַ מנהיג ישראל — אזא בעל תפילה, ווערט אנגענומען זיין תפילה. ווידער איז דאָ תפילה לדוד — אַ בעל תפילה וואָס האָט אַ שיינע שטימע, זינגט שיין און דאווענט שיין — דער גרעסטער פון אזעלכע בעלי תפילות איז געווען דוד המלך — אזא תפילה שפאלט הימלען אין גייט אין די גרעסטע היכלות. אויסער די צוויי בעלי תפילה איז דאָ אַ דריטער סאָרט בעל תפילה: תפילה לעני — ניט קיין צדיק, ניט קיין זינגער, אבער אַ צעבראכענער מענטש, אַ ליידענדער מענטש, וואָס זיין הארץ איז פול מיט יסורים און ער דאווענט פון טיפן הארץ, בלב נשבר ונדכה. אף אזא שטייגער בעל־תפילה זאגט דער פסוק: „לב נשבר ונדכא אלוקים לא תבזה", „כי

לא בזה ולא שיקץ ענות עני", „קרוב ה' לנשברי לב" און נאך. די תפילה פון אזא ייד ווערט אנגענומען אזוי ווי די תפילות פון משה און דוד. נאכמער: אמאל איז די תפילה נאך וויכטיקער ווי די תפילות פון די ערשטע. אזוי האט געזאגט דער מגיד פון מעזריטש: עס זענען דא פארשידענע שליסל צו שלעסער, אבער עס זענען דא גנבים וואס עפענען יעדן שלאס אן אַ שליסל, זיי צוברעכן דאס שלאס. דער רבונו של עולם האָט ליב דעם ג נ ב וואָס צעברעכט דאָס שלאָס, מיט דעם וואָס ער צ ע ב ר ע כ ט ז י י ן ה א ר ץ פאר השי"ת...

דאס איז געווען ר' שלום. אמת, דאס ער איז געווען ראוי, אין זיין דור, צו דאווענען אויך פון דער בחינה פון תפילה למשה, ווייל ער איז דאך געווען אַ גרויסער ירא שמים, און אפילו פון דער בחינה פון תפילה לדוד — כאטש ער איז ניט געווען אַ זינגער, ער האט געהאט אַ שטארק קול, וואס האט דערציטערט הערצער, אבער בעיקר איז ער געווען ראוי צו דאווענען מכות ת פ י ל ה ל ע נ י. ווער נאך ווי ער איז געווען אין דער בחינה פון עני? ווער נאך ווי ער האט געליטן אזויפיל יסורים? און ווער נאך ווי ער איז געווען אזוי פעהיק ארויסברענגען פון זיין הארץ דעם גאנצן צער און ווייטיק, פארביטערקייט און פיין, וואָס האבן זיך אנגעזאמלט אין זיין הארץ און אין די הערצער פון אלע געשלאגענע פון דער השגחה? ער איז באמת געווען דער גרויסער „גנב", וואָס האָט געקאָנט צעברעכן אַלע שלעסער און עפענען די שערי רחמים ורצון. אויך אין אַ געווענלעכן וואכן־טאָג איז זיין תפילה געווען פלאם־פייער, כל־שכן די ימים נוראים! ס'איז גענוג געווען צו זען אים גיין אין מקווה אריין, טובל'ן זיך אין קאלטן וואסער פארן דאווענען, כדי צו באמערקן אַז אַ גרויסער שטורם ווינד דערנענטערט זיך... ער איז אינגאנצן געווען אימה און פחד, נאך איידער ער איז צוגעגאַנגען צום עמוד.

און דאָס דאווענען אליין — נאָר ווער עס האָט געהערט און געזען אַזאַ תפילה, קאָן וויסן וואָס מען מיינט דאווענען. ער האט אנגעהויבן די ברכות, ציטערנדיק אינגאנצן, האט געזאָגט הויך יעדעס וואָרט, האָט באטאנט באזונדער די ווערטער וואס באצייכנען די דאנקבארשאפט פון מענטש פאר די חסדים וואס גאָט האָט געטאן מיט זיי. אָט די ווערטער האט ער געזאגט מיט געפיל און מיט שטארק געוויין, זיין קול איז וואסאמאל געווארן שטארקער, פון וואָרט צו וואָרט, און עס האָט אויך געטראפן וואָס ער איז כּלוצים געוואָרן הייזעריק און אַ הייסע טרער האט אים געווארגן:

„...ב—ע—ר—ב י—ל—י—ן ב—כ—י ו—ל—ב—ו—ק—ר ר—י—נ—ה"... דאָ האָט זיין הארץ כמעט אויפגעהערט צו קלאפן טראָפנס שווייס האבן גערינען פון אים און געצויגן זיך אף זיין ווייסע באָרד, ער איז ווי דערטרינקען געווארן אין שווייס. אלע אויגן זענען געווען געווענדעט צו ר' שלום'ן ווע‏ט ער זיך מתגבר זיין? וועט ער צוריק אנהויבן דינערן

מיט זיין שטארקע שטימע? — — — דער ענטפער האָט ניט געלאָזט ווארטן אף זיך:

„אליך ה' אקרא ואל ה' אתחנן"!

ווי אַ באמבע איז געפאלן פון הימל. דא האט מען דעשפירט אז ער צעברעכט דאָס שלאָס אזוי האָט ר' שלום פאטגעזעצט, אמאל מיט רחמים און תחנונים און אמאל מיט גרויס כח, אמאל ווי אַ זון וואָס פיעשטשעט זיך פאר זיין פאטער אין הימעל און אמאל אין דער בחינה פון „חוצפה אפילו כלפי שמיא מהני" — אמאל פאַמעלעך און אמאל שנעל ווי דער בליץ. און פלוצים — גלייך ווי ווענט זענען דערציטערט געווארן:

„...ע—ד ה—נ—ה ע—ז—ו—רו—נ—ו ר—ח—מ—י—ך".! ניין!... ווייטער גייט עס ניט!... אַ לאנג שטילשוויגן — — — אלע האָבן געשפירט אז ס'איז באו מים עד נפש. אויך אין עזרת נשים האָט מען באמערקט אז ר' שלום ווערט, חס ושלום, פאלן פון די כוחות אַ שטארק מורא'דיק געוויין האָט אויסגעבראכן. אלע וויינען. עק וועלט!... כמעט, מ'האָט פארגעסן ווו מ'האלט ביים דאווענען. און דאָ הערט מען דאָס קול פון ר' ברוך דילר — אַ פייערדיקער סאדיגורער חסיד, וואָס איז קיינמאָל ניט ארויס פון די כלים און ניט איבער געראשט געווארן פון געשרייען —: „נו, אה!... לויט זיין מיינונג איז גאָרניט געשען. אויך האַלט ער אז דער עיקר דאַווענען איז מיט'ן הארץ — און וואָס זענען די געוואלטעס?... געווען יידן וואָס זענען געווען גרייט אים צערייסן ווי א פיש, אנדערע ווידער האָבן געזאָגט: אדרבה, מ'דארף אויפוועקן ר' שלום'ן, דערווייל איז דער שטורם געקומען צו ענדע. ר' שלום האָט מיט גרויס התלהבות פארטגעזעצט מיט בלאזובער נוסח: „מי ידמה לך"... ביז „והנורא בנוראותיך" — א—א—א און א געפיל פון צופרידנהייט האָט יעדן אַגענומען. אָט גייט ר' שלום צוריק אף זיין אָרט אין בית הכנסת. אמת, ער איז אינגאנצן דערשוויצט און אלע זיינע בגדים זענען ווי מ'וואלט זיי ערשט איצט געוואשן, אבער גאט צו דאנקען — געזונט.

כדי אביסל דערמונטערן ר' שלום'ן פלעג מען, נאך שחרית, צוגיין צו אים און בעט'ן ער זאל עפעס זאגן דברי תורה מעינינא דיומא. מיט אפענער צופרידנהייט פלעג ר' שלום זאגן דברי תורה און דערציילן חסידישע מעשיות, וועלכע האבן דערקוויקט אים און זיינע צוהערער. אמאל האט מען אים געפרעגט פארוואס ער שוויצט אזוי ביים דאווענען? האט ער גענטפערט: ס'איז גענוג דער מענטש זאל זיך נאר איינמאל דערמאנען פאר וועמען ער דאוונט, כדי ער זאל אינגאנצן ווערן אַ קוואל וואסער! ווער עס דאוונט און ווייסט ניט פארוועמען ער דאוונט און ציטערט ניט פאר אימת הבורא, איז אַ סימן אז ער צ י ט י ר ט נאר און ניט ער דאוונט!... ער פלעג זאגן: מיר קאנען דאווענען? דער בלאזובער רב האט געקאנט דאווענען. נאר וואס דען? ווער ס'האט געהערט דעם בלאזובער רב דאווענען ווייסט וואס פארא אנ'עבודת הקודש איז דאווענען

און אז מ׳דארף בעטן דעם רבונו של עולם מ׳זאל זוכה זיין צו דאווענען אזוי ווי מ׳דארף — — —

דער מיט האבן מיר נאכניט געפערטיגט צו דערציילן אלעס וועגן ר׳ שלום׳ן. זיין פרנסה איז געווארן שוואכער פון טאג צו טאג. פון זיין גאנצער הארעוואניע איז אים געבליבן זיין אייניקל, מאיר מרדכי און זיין צווייטע פרוי. אויך זיי זענען קראנק געווען און האבן געדארפט ערצטליכע באהאנדלונג און אין שטוב — איז גארניט דא! ער האט באשלאסן צו טאן אלעס מעגליכעס כדי צו פארן קיין ארץ ישראל. ער האט פארגעסן אלעס. האט זיך געווענדעט צו אגודת ישראל און צו די ציוניסטן. צו הרב קוק און נאך פערזענלעכקייטן, מיט זיין איינציקע בקשה: מ׳זאל אים ערמעגליכן פארן קיין א״י. נאך פיל מי — פיל האבן אים צוגעהאלפן. אויך דער שרייבער פון די שורות האט אַ חלק אין דער מצוה — איז ער עולה געווען קיין ישראל, צוזאמען מיט פרוי און אייניקל. אויך דא איז אים ניט צו גוט געווען. אפשר וועלן מיר אמאל דערציילן וועגן זיין לעבן אין ישראל. דא וועלן מיר ברענגען דעם ביטערן סוף. אט אזוי איז געשריבן אין „הצופה" (כ״א אב, תרצ״ח):

„ווידער האט אַ רוצח׳ישע האנד, אין דער סביבה פון ירושלים, אפגעשניטן דאס לעבן פון א יינגן ישיבה בחור, דעם 19 יאריקן מאיר מרדכי הכהן גוטווירט. נעכטן, אַ זייגער 11.15, אפן וועג סנהדריה—רמה, אַ קילומעטער נאך סנהדריה, האט אנ׳אראבישע מאשין געפונען ליגן מאיר מרדכי׳ן אַ טויטן, אין דער לענג פון שאסיי. דער שאפער האט צוויסן געטון די שכנים, וועלכע האבן גערופן די פאליציי און מגן דוד אדום... זיין קאפ איז געווען פיל מיט לעכער פון מעסער און שטיינער... דער קדוש איז געקומען קיין ארץ ישראל פאר 3 יאר, צוזאמען מיט׳ן זיידן, ר׳ שלום שווארצמאן, פון סטריזוב, נעבן ריישא (מערב גאליציע) און באזעצט זיך אין מאה שערים. ער איז געווען דער איינ־ציקער אייניקל וואס איז פארבליבן דעם זיידן... אין זיין לויה האבן זיך באטייליקט א גרויסער עולם, בעיקר ישיבה בחורים. עס האט אים מספיד געווען, הרב חנוך סאנקיעוויטש, דער ראש ישיבה פון דער ישיבה שפת אמת. לויט דער בקשה פון זיין זיידן האט מען אים קובר געווען אין בית הקברות פון כולל גאליציע, אין דעם ברודער קבר". — —

אזוי האט געפונען זיין טויט דער קדוש מאיר מרדכי הכהן, דער לעצטער פון ר׳ שלום שווארצמאן׳ס הויז. מאיר מרדכי — דער תלמיד פון דעם שרייבער פון די שורות!

מיט עטליכע יאר צוריק איז נפטר געווארן אין ירושלים ר׳ שלום זצ״ל, אלט־זייענדיק עטליכע — ניינציק יאר. פיל צדקה און חסד האט ער געטון אין זיין לעבן. זאל אויך ביישטיין אים דער זכות, וואס אַ דאנק זיין פלא׳דיק דאווענען — די תפילת העני — זענען היינט זוכה, די איבערגעבליבענע פון שטעטל צו דערמאנען זיך, אַ גאנץ יאר, און א וודאי ראש השנה, וואס הייסט דאווענען?...

צבי אלעזר שטערנבערג

# מרדכי גאלדבערג איז מציל דאס שטעטל

ב׳זויל דא דערציילן אַ געשיכטע, וואס איז אין יענער צייט געווען באוווסט אין דער גאנצער סטריזובער סביבה און האט געמאכט אַ געוואלדיקן רושם. ס׳איז כדאי אז די שפעטערדיקע דורות זאלן דאס וויסן, צו זעהן דעם כח פון מסירות נפש פון אמאליקע יידן — אפילו פון גאר פשוט׳ע. געווען איז עס אין יאר 1860. די „חולי־רע" האט פארשפרייט אירע שווארצע פליגל אופ׳ן שטעטל און אוועק געריסן פיל איינוווינער, מענער, פרויען און קינדער. מ׳האט די נפטרים געברענגט צו קבר ישראל אין אַ געמיינזאמן מאסן־קבר, אופן פעלד פון קוצ׳עלע. דער ווערט ביז היינט גערופן: „דער חולירע בארג".

אין יענער צייט איז געווען רב אין סטריזוב, רבי שלמה שפירא, וועלכער איז אין 1882 געווארן רב אין מונקאטש. זיצט אזוי דער רב ביי זיין טיש, פארטיפט אין דער גמרא, און פון צייט צו צייט רייסט זיך ארויס אַ שווערער זיפץ אַף דעם גרויסן אומגליק וואס האט געטראפן זיין שטעטל. פלוצים קומט צו לויפן זיין ערשטער גבאי, ר׳ בעריש וויינבערג (דער שווער פון ר׳ חיים יעקב נירנבערג) און מיט אַ מורא׳דיק געוויין ווענדעט ער זיך צום רב: רבי, דערבארימט אייך! מיר האבן שוין געמאכט אלע פעולות: געמאסטן קברים, חתונה גימאכט זרת דעם משוגע׳נעם אַף דעם בית־עולם — און די חולי־רע — לאזט נישט אפ. אט זענען קראנק געווארן: ר׳ פנחס קאנער ר׳ הירש יעקב און נאך אנדערע. דאס עצבות איז זייער גרויס און די סכנה איז גרויס — ראטעוועט רבי"! — — —

ר׳ שלמה הויבט אויף זיינע גרויסע ברעמן און די פון וויינען פארשוואלענע אויגן, קוקט, מיט אַ רחמנות בליק אַף ר׳ בעריש׳ן און זאגט: „גיי צו מרדכי גאלדבערג, וואס שנעלער און זאג אים אין מיין נאמען ער זאל העלפן די סטריזובער יידן"... גלייבט ר׳ בעריש נישט זיינע אויערן, אבער נישטא קיין ברירה, דער רבי הייסט מוז מען אויספירן דאס שליחות. מרדכי גאלדבערג (אדער: „מדכי קאניז", ווי מ׳האט אים גערופן) האט געוווינט אין אנ׳אלט צעבראכן הייזל, אונטער יחיאל רוזנ׳ס הויז, וואס איז באשטאנען פון

צוויי אלקערלעך. אין איין אלקערל האט ער געוווינט, מיט זיין ווייב שרה, אינ׳ם צווייטן האט ר׳ ישראל נחום טייטלבוים (דער פאטער פון ר׳ שמעון טייטלבוים) געהאט זיין מלמדות שטיבל. פון דער לינקער זייט ביים הייזל איז געווען אַ סטאדאלע מיט שטרוי, ווי ארימע לייט פלעגן נעכטיקן. צו דער רעכטער זייט איז געווען זיין פערד־שטאל, מיט אַ פּאָר אַלטע „שקאפעס״ — מרדכי׳ס סחורה. מרדכי טראָגט אריין יעדן טאג אין דער פרי פאר די ארימע אַ טאפ מיט אַ מין קאשע וואס זיין שרה קאכט, און אַ ברייטל. הײנט, זאגט נחמיה באבקעס, באשטעל איך ביי דיר נאך אַ ברויט. ס׳זענען דא מער ארימע לייט. ר׳ בעריש קומט אריין מיט זיין שליחות. גייט צו גלייך צו מרדכי׳ן און טראכט: פון אט דעם „פראסטאק״ וועט קומען די ישועה?... און אפשר איז ער גאר איינער פון די ל״ו צדיקים?... „גייט העלפט ר׳ מרדכי, (כמעט וואס ער האט געזאגט: „הייליקער רבי״! אבער ער האָט זיך באלד צוריקגעכאַפּט) דער רבי האָט מיך געשיקט צו אייך אז איר קאנט העלפן דעם שטעטל״ — — — מרדכי האָט אויסגעשאָסן מיט אַ גרויס געלעכטער. איר האָט אַ טעות, נישט מיך מיינט דער רב, כ׳בין אַ פראסטער ייד, נאך זייענדיק אַ קינד בין איך געווארן אַ קיילעכיקער יתום און בין דערצויגן געווארן ביי מיין שוועסטער חיה׳לע, ר׳ שמואל רוזענ׳ס פרוי. באלד האט מען מיך געשיקט אין מיליטער און האב געדינט דעם קייסר ירום הודו. איך קאן גארנישט העלפן, גייט זאגט עס דעם רב. ר׳ בעריש איז צוריקגעגאנגען צום רב מיט מרדכי׳ס תשובה. נאכדעם ווי ר׳ שלמה האט געגעבן צו פארשטיין ר׳ בעריש׳ן אז דאס מיינט ער אז מרדכי זאל אביסל לעבעדיק מאכן אין שטעטל, אוועקטרייבן דאס עצבות, ווייל ווי באקאנט איז עצבות איינס פון די הויפט גורמים וואָס פארגרעסרן דעם אומגליק פון דער חולירע — און נאכדעם ווי ר׳ בעריש האט דאס אופגקלערט מרדכי׳ן און נאכאמאל געזאגט אים אז דער רב איז אויף אים גוזר ער זאל אַבסעלוט די מצוה טון — האָט שוין מרדכי פארשטאנען פארוואָס מ׳האָט געשיקט צו אים און ער האט פארזיכערט דעם רב׳ס באפעל צו ערפילן צומארגן׳ס האט מען געזען מרדכי׳ן ארומגיין אין שטעטל אויף זיינע שטאלצן, מיט זיינע כלי־זמר. דאס פנים איינגעריסט, און ער מיט זיין חברה האבן געשפילט און געזינגען פוילישע לידער, מיט דער באגלייטונג פון אַ חאפטע קינדער, וועלכע האבן אויך אונטערגעהאלטן. דאס שטעטל האט אביסל אויפגעלעבט. יעדער לויפט זעהן דאס ווונדער: מרדכי שפילט און טאנצט אויף זיינע שטאלצן, און „באפוצט״ די פוילישע לידלעך מיט „יקום פורקן״ און נאך אנדערע תפילות. אזוי האט ער געטאן אַלענעגרע צייט, בי די חולירע איז פארשוונדן. ר׳ שלמה האט נאכהער געזאגט אז מרדכי איז מזומן לחיי עולם הבא. ער האט אים געשיקט רופן און אים מבטיח געווען נישט נאר עולם הבא און אריכות ימים, נאָר אויך אז ער און זיינע קינדער וועלן זיין גיבורים, וועלכע וועלן אנווארפן זייער אימה אויף די גויים. די ברכה פון רבין איז מקויים געווארן, ר׳ מרדכי מיט זיינע זון פישל און דוד און אויך זיינע אייניקלעך האבן תמיד זיך אנגענומען פאר יידן און די גויאישע שלעגער האבן געציטערט פאר זיי. אין יאר 1898, ווען אונטערגעהעצטע פון גלח סטאיאלובסקי און זיין פארטיי האָבן פויערים גענומען מאכן אונרוהען געגן יידן אין אַ גרויסן טייל פון גאליציע און אויך אין סטריזוב — האבן די זון פון ר׳ מרדכי, אפגעהיטן פיל יידן פון קלעפ און רויב. אויך אין יאר 1918, ווען פוילן איז ענטשאנען, און בשעת דעם עלילת דם אין סטריזוב — האבן די גאלדבערג׳ס געקעמפט מיט ערפאלג קייגן די פאגראמטשיקעס.

**יצחק דויטש**

# זכרונות פון סטריזוב

## א מעשה פון אלטן סטריזובער פנקס

דערציילט האט עס מיר ר׳ שלום שווארצמאן ווען איך בין ביי עם געווען אין ירושלים, נאך מיין קומען אין לאנד אריין. ווי ער האט מיר געזאגט האט ער דאס געלייענט אין פנקס הקהילה פון סטריזוב. נאָך פאר דער שריפה פונם יאר 1895, אין וועלכער דער פנקס מיט אלע אלטע דאקומענטן פון דער קהילה זיינען פארברענט געווארן.

גישעהן איז דאס ווען דער רבי ר׳ מענדאלע פון רימאנוב איז שוין געווען אַ זקן. ווען ער איז געווען קראנק איז דער רבי ר׳ נפתלי פון רופציץ געפאָרן אים מבקר חולה זיין. קיין באהן איז נאך דאמלסט ניט געווען און דער רבי איז געפארן מיט א פור. דער וועג האט געפירט דורך סטריזוב, וואו דער רבי ר׳ נפתלי איז אנגעקומען פארטאָג. ער האט געדאוונט אין שול און נאכדעם זיך אַ ביסל אפגערוהט.

מיטאגצייט האט זיך ר׳ נפתלי געלאזט אין ווייטערן וועג און עס האבן עם באגלייט א גרויסער עולם סטריזובער חסידים. ווען זיי זיינען אנגעקומען אין דאבז׳כוב זיינען פלוצלונג די פערד געבליבן שטיין אין מיטן וועג און בשום אופן ניט געוואלט ווייטער גיין. ז׳ע יידן זיינען געווארן דערשטוינט פון דער מעשה און געקוקט אויף דעם רבין.

רבי נפתלי האט זיך פארטראכט ווי ער וואלט זיך געוואלט אן עפעס דערמאנען, און דאן געזאגט צום עולם: איך דארף דא אבגעבן שלום א גרויסן צדיק, איך בעט אייך, פירט מיך אהין צו אים.

די חסידים זיינען נאך מער דערשטוינט געווארן און דערציטערט ווייל זיי אלע האבן געוווסט אז אין דאבז׳עכוב וווינען ניט קיין יידן. זיי האבן ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן דעם רבין און וואו אהין עם צו פירן.

צום סוף האט זיך ווער דערמאנט אז אין א זייט פון וועג וואס פירט קיין וויסאקא וווינט אין א קליין הייזל א ארעמער, פשוטער ייד וועלכן מ׳רופט דער דאבז׳עכבער תהילים־ייד. און מ׳האט דארט אהינגעפירט דעם רבין.

ווען ר׳ נפתלי איז אהינגעקומען און האט נאר באטראטן דעם שוועל פון הייזל האט זיך דער תהילים־ייד געגעבן א שטעל אויף און אויסגערופן: ברוך הבא ר׳ טרפון!

ר׳ נפתלי איז שפעטער ווייטער געפארן קיין רימאנוב, אבער אין סטריזוב האט די מעשה געמאכט א גרויסן איינדרוק ס׳איז דאך קיין קליינקייט אז צווישן די סטריזובער יידן לעבט א באהאלטענער צדיק און קיינער האט וועגן אים ביז איצט ניט געוואוסט.

די שטעטל האט געקאכט ווי א קעסל. קראנקנע זיינענן געלאפן קיין דאבז׳עכוב כדי געהיילט צו ווערן. מען האט אנגעהויבן צו קומען פון נאנהענט און פון ווייט מיט קוויטלאך. אבער דער תהילים ייד האט קיינעם ניט געוואלט אויפנעמען און אודאי ניט קיין קוויטלאך, זאגנדיק אז ער איז א פשוטער ייד און ניט קיין רבי.

ווען יידן האבן עם ניט אבגעלאזט, ער זאל זיי דערקלערן די באדייטונג פון די ווערטער „ברוך הבא ר׳ טרפון״ האט ער זיי געזאגט אז אין א פריהעדיקן גלגול, פאר א סך דורות איז דער רבי ר׳ נפתלי געווען דער גרויסער תנא ר׳ טרפון.

אויף דער עלטער איז דער תהלים ייד אריבער וווינען אין שטאט אריין קיין סטריזוב. קפיטלאך האט ער ווייטער ניט גענומען, אבער יעדן שבת האט ער געזאגט תורה פאר דעם עולם, וועלכער איז געקומען צו זיין טיש. אזוי האט ער זיך געפירט ביז זיינע לעצטע טעג און איז געווען פארהייליקט ביי די יידן פון שטאט.

## א מופת

אין סטריזוב איז געווען באקאנט אז א סאך פון דער גרויסער משפחה פאטרין — רייכע קריסטלאכע שטעטלער — זיינען גרויסע פריינט פון סאסאווער רב. און איינער פון זיי — פאטרין יאן, אזויגערופענער „וואלאז״ (ווייל ער האט געארבעט אין פעלד ניט מיט קיין פערד נאר מיט א פאר אקסן) איז געווען א גרויסער חסיד פון די שאפירא ס. ניט איינמאל האב איך אים געזען פירן צו ר׳ נחמיה׳לן פארשידענע פראדוקטן פון זיין פעלד.

זייענדיק נייגעריג וואס עס פארבינדט אזוי שטארק דעם קריסט מיט ר׳ נחמיה׳לע האב איך עם אמאל געפרעגט די סיבה.

יא, זאגט ער, איך בין דער משפחה שפירא א סך, גאר א סך שולדיג. איך האב זיי צו פארדאנקען מיין לעבן. זייער הייליגע באבע האט מיר אפגעראטעוועט פון א זיכערן טויט.

ווי אזוי איז דאס מעגלאך, זאג איך מיט פארוואונדערונג, זייער באבע איז דאך שוין טויט א סאך יאר? הער אויס די ווונדערליכע מעשה, זאגט ער צו מיר, און דו וועסט זיך מער ניט וואונדערן.

און ער האט מיר דערציילט:

ס איז געווען אין יאר 1914. די רוסן זיינען נאר וואס אריינגעקומען אין סטריזוב. ס׳זיינען ארומגעגאנגען ידיעות אז די רוסן טוען אן פארשידענע געוואלדטאטן דער ציווילער באפעלקערונג, און יעדער איז געזעסן ביי זיך אין שטוב אונטער פארשלאסענע טירן, מורא האבנדיק ארויסצוגיין אין גאס. ס׳איז שוין צו אונז אויך דערגאנגען די ידיעה אז די רוסן האבן אין צ׳יטש דערשטאכן דעם אונשולדיגן לעדר סוחר מאנדעל. די גישעפטן אין שטאט זיינען שוין געווען אויסגערויבט, און עס זיינען ארויסגעזאגט געווארן השערות, אז איצט אז זיי האבן שוין ניט קיין געשעפטן וועלן זיי אנהויבן רויבן אין די דירות.

אפשר א וואך נאכן אריינקומען פון די רוסן אין סטריזוב, ווען איך מיט מיין פאמיליע זיינען געזעסן אין א געדריקטער שטימונג אין שטוב, האבן מיר אין א געוויסן נאכמיטאג דערהערט א קלאפן אין טיר. מיר זיינען אלע אין שטוב געבליבן שטיל און אנפאנגס ניט געעפנט די טיר, אבער דאס קלאפן איז וואס אמאל געווארן שטארקער און צום סוף האב איך געמוזט עפענען.

ס זיינען אריינגעקומען צוויי רוסישע זעלנער וועלכע האבן תיכף אנגעהויבן זוכן פאסנדע זאכן אוועקצורויבן. מיינע ארעמע שטובזאכן זיינען זיי אודאי ניט געפעלן, אבער באלד איז זייער בליק געפאלן אויף מיינע שטיוול אין וועלכע איך בין געווען אנגעטאן. גיב אונז דיינע שטיוול, האבן זיי געזאגט, און מיר וועלן ביי דיר מער גאר ניט נעמען.

די שטיוול זיינען געווען נייע פון גוטע שווארצע לעדער און עס איז מיר געווען א שאד זיי אוועקצוגעבן, וויסנדיק אז איך וועל מיר קיין אנדערע ניט קענען קויפן. ס׳איז שוין דמאלסט גיווען א מאנגל אין אלץ און אפילו פאר טייער געלד האט מען ניט געקענט קויפן קיין קליידונג, בפרט שטיוול פארן ווינטער. נאך א וויכטיגע סיבה האב איך געהאט ניט אוועקצוגעבן די שטיוול. מורא האבנדיק פארן ראבעווען, האב איך מיין ביסל מזומנים אין זיי באהאלטן.

איך וועל זיי די שטיוול פאר קיין שום פרייז ניט געבן, האב איך גיך ביי זיך באשלאסן.

נעמט, זאג איך, וואס איר ווילט, אבער די שטיוול

לאזט מיר, ווייל קיין אנדערע האב איך ניט און איך וועל ווינטער מוזן ארומגיין בארוועס.

דאָ האָט איינער פון די זעלנער ארויסגענומען זיין שווערד פון שייד און אנגעצילט אויף מיר זאגנדיק: טו אויס די שטיוול, ווען ניט ווערסטו דערשטאכן.

ביידע האבן זיי מיר דאן אנגעכאפט און מיט כח געוואלט די שטיוול פון מיינע פיס ארופשלעפן. איך האב מיך מיט אלע מיינע כחות געגן זיי געווערט און בעת אמפערן זיך מיט זיי, האב פון זעלנער ארויסגעכאפט דעם שווערד פון האנד און אויף מיינע קני איבערגעבראכן אויף צוויי.

די צוויי זעלנער זיינען אין דער ערשטער מינוט צוטומלט געווארן, און איך האב דאס אויסגענוצט און ארויסגעלאפן פון שטוב. איך האב ניט געוואוסט וואו אהין איך דארף לויפן כדי זיך צו ראטעווען פון די אנפאלער. איך האב געפילט אז זיי יאגן מיר נאך און זיינען ניט ווייט פון מיר. און אז זיי וועלן מיך דעריאגן וועט דאָס זיין מיין סוף.

פון אַ אינעווייניקסטן אינסטינקט געטריבן בין איך געלאפן אויף דעם יידישן בית־עולם, וועלכער איז ניט ווייט פון מיין הויף. איך בין אריינגעלאפן צווישן די מצבות און געזוכט וואו זיך צו באהאלטן. צווישן דעם וואלד פון איינצלנע מצבות האָב איך דערזען אַ גרויסע דאָפלטע מצבה וועלכע איז באשטאנען פון דריי טיילן: איין גרויסער און הויכער שטיין וועלכער איז געלעגן אויף דער ערד און אַ גרויסער שרויף פון אייזן האט צוזאמענגעבונדן איין מצבה וועלכע איז געשטאנען צו קאָפנס און די אנדערע וועלכע איז געשטאנען צו פוסנס פון דעם גרויסן שטיין.

דא זאלסטו דו זיך באהאלטן, האט מיר אַ אינ׳רע שטימע געזאגט מיט אזא כח אז ס׳האט זיך מיר געדאכט אז איך הער דעם קול פון די מצבה וועלכע רופט:

— יאשעק, דאָ באהאלט זיך!

ווען איך בין שוין געשטאנען ביי דער מצבה האב איך געזען די צוויי רוסן אַ פאר טריט פון מיר. איך האב מיך האסטיג אנידערגעווארפן אויף דער ערד אין דער ליינג פון גרויסן שטיין וועלכער האט מיך פשוט גערופן און ליגנדיג אזוי באגאסן מיט שוויס, האב איך געזען די צוויי רוסן לעבן מיר און געהערט זייערע שריט.

ניטקוקנדיק וואס זיי זיינען געשטאנען אין דער נאענט צו מיר, האָבן זיי מיך דאָך ניט געזען, און נאָכדעם ווי זיי האבן דורכגעזוכט דעם גאנצען בית הקברות און מיך ניט געפונען, זיינען זיי אוועק. איך האב ערשט דאמלסט פריי אפגעאטעמט. זיך אויפגעהויבן און אַ פארטראכטער געקוקט אויף דעם קבר. איך האב פארשטאנען, אז דא ליגט אַ הייליקער מענש, וועלכער האט געראטעוועט מיין לעבן און באהערשט מיט אַ הייליק געפיל פון יראת הכבוד האָב איך טיף געבויגן מיין קאפ ביים קבר. אבער ווער איז דער הייליקער וואס האט מיט מיר געטאן אזא נס? איך האב ניט געפונען קיין מנוחה און בין שנעל געגאנגען אין שטעטל אפזוכן אַ יידן וועלכער זאל מיר זאגן וועמנס איז די מצבה.

דער ערשטער ייד וועלכן איך האב געטראפן איז געווען זלמן ברוינער דער איינבינדער.

קום מיט מיר, זאג איך צו עם, און לייען מיר דורך אַ מצבה אויף דעם יידישן בית הקברות, דו וועסט מיר דערמיט אַ גרויסע טובה טאן.

וואס איז געשעהן? פרעגט ער מיך, וואָס דארפסט דו דאס וויסן און פארוואס ביזטו אזוי אופגירעגט? איך וועל דיר שפעטער אלץ דערציילן, זאג איך, קום קודם מיט אויף דעם בית־עולם.

איך בין מיט עם שנעל געגאנגען און געוויזן דעם קבר. זאג מיר וועמנס קבר דאס איז? פרעג איך עם.

דא ליגט, זאגט ער, די באבע פון די שאפירא ס, די הייליגע לאנצוטער רביצן.

איך בין פאר אייביג געבליבן אַ פריינט דער משפחה שפירא, און שפעטער אויך צוזאמענגערופן מיין פאמיליע, זיי דערציילט וואס וואס מיט מיר איז געשען און אנגעזאגט אז זיי זאלן אלע מאל שטיצן די שאפירא׳ס, ווייל דאָס זיינען הייליגע מענשן.

איך האב די מעשה אויך דערציילט מיין קרוב ד״ר יוסף פאטרין און דאס האט אויף איהם אזוי שטארק געווירקט, אז ער האט ווידער אויפגענומען דעם אמט פון בירגערמייסטער, פון וועלכן ער האט זיך פריהער געהאט אנטזאגט, כדי צו קענען העלפן די יידן אין סטריזוב דורכצולעבן די שווערע צייט פון דער רוסישער אקופאציע.

## א יידיש הארץ

**(אַ מזל פון אַ אָרימאַן)**

געוויינלאך איז אַ עשיר אַ בעל מזל, אבער טיילמאל טרעפט זיך אז אויך אַנ׳ארימאן האט מזל ניט צו פארלירן דאס לעצטע וואס ער פארמאגט.

ר׳ לייביש האכדארף, ר׳ ראובן סאַפיר׳ס אַיידים, האָט געהאט אַ קליין געוועלבל מיט שניט־סחורה אין הויז פון זיין שווער, ניט ווייט פון דער סטריזובער שול, און פון דעם געהאט פרנסה בדוחק. איינמאל, אין אַ מיטוואך פרי נאך דעם יריד פון דינסטיק, האט ער צוזאמענגענומען דאס געלייזטע געלט, נאך צוגעבארגט געלט ביי עטלעכע יידן־שכנים, און געפארן קיין ריישא איינקויפן פרישע סחורה פאר זיין געוועלבל ער האָט געהאָפט, אז האָבנדיק געלד וועט ער קענען קויפן ביליגער און ס׳וועט אים זיין לייכטער צו פארקויפן.

אין ריישא איז ער גלייך געגאנגען צום הורט־שניט־סוחר שמעון פליישער און תיכף געזאגט דעם אנגעשטעלטן אז היינט האט ער געבראכט מזומנים געלד און וויל קויפן פאר קאססע פרייזן. ער האט אויסגעקליבן סחורה פאר די

סומע וואס ער האט געהאט און געשעפט נחת פון די ביליקע פרייזן.

ווען ער וויל באצאלן ווערט ער בלאס פאר שרעק, ווייל ער געפינט ניט ביי זיך דאס געלט וואס ער האט מיטגעבראכט ער זוכט אהין און אַהער אין אלע קעשענעס און צווישן אלע זאכן וואס ער האט מיטגעבראכט, אבער דאס געלט איז ניטאָ. דער אנגעשטעלטער פון פליישערן גיט אים אַן עצה ער זאל גיין זוכן אויף דעם וועג, וואס ער איז געקומען פון דער באנסטאנציע, ווייל זיכער האט ער דארטן פארלאָרן דאָס געלד און אפשר וועט ער עס געפינען.

לייבוש האַכדאָרף גייט און זוכט אויף דעם גאנצן וועג, עס איז אָבער אלץ בחינם, דאָס געלד איז ניטאָ. ער בלייבט שטיין אַ פארצווייפלטער ביי דער באנסטאנציע און פון גרויס צער גיסן זיך עם טרערן פון די אויגן.

צופעליק קומט צו דער באנסטאנציע ר׳ יעקב נתן קאנער, אַ חשובער ריישער בעל בית, וועלכער האט געקענט האַכדארפן און טרעפט עם אין דעם מעמד, וואס וויינט איר? פרעגט עם ר׳ יעקב נתן, איז חלילה אַ אונגליק געשען? לייבוש האכדארף צעוויינט זיך נאך שטארקער און דערציילט עם פון זיין אומגליק. ער האט פארלארן זיין געלט און דערצו נאך פרעמדע אויך וואס ער האט אנטליהען, און איצט מיט וואס וועט ער קויפן סחורה און אבגעבן די חובות.

אַ ייד טאָר ניט פארצווייפלען, השי״ת וועט העלפן און איר וועט נאך דאס געלט געפינען, זאגט עם ר׳ יעקב נתן קאנער. ער טראכט אַ ביסל און זאגט ווייטער: וויפיל געלט איז דאס געוועזן און אפשר גידיינקט איר וואס פאר באנקנאטן און ווי ס׳איז געוועזן איינגעפאקט? ר׳ לייבוש זאגט עם דעם סכום — 400 זלאטעס, געהאט האט ער דאָס אין באנקנאטן צו 10 זלאָטעס, עס איז געוועזן איינגעפאַקט אין צייטונגס־פאפיר און פארבונדן מיט אַ שטריקל.

באַרוהיגט זיך, זאגט ר׳ יעקב נתן, זיצט דא אַ ביסל אין ווארטעזאל אוןווארט אויף מיר. איך וועל גיין אין די יידישע גאַסן ביז צו דער שול, און זיך נאָכפרעגן ביי יידן אפשר האט ווער אייער געלט געפונען.

ר׳ יעקב נתן קאנער, דער איידעלער ייד און בעל צדקה, איז שנעל געגאנגען צו באקאנטע ריישער עשירים און באלד צוזאמענגענומען די 400 זלאטעס, אומגעביטן אויף באנקנאטן פון 10 זלאטס, איינגעפאקט אין צייטונגס־פאפיר, פארבונדן מיט אַ שטריקל און שנעל, מיט אַ שטראלנדיקן פנים דאס געבראכט צו לייבוש האכדארף, וועלכער האט מיט הראצקלאפעניש געווארט אין ווארטעזאל פון דער באנגסטאנציע.

לייבוש האכדארף איז פאר פרייד געווארן גאנץ צוטרמלט, צען מאָל געדאַנקט דעם אלטן ר׳ יעקב נתן און עם געוואונשן הצלחה, געזונט און אריכת ימים.

מיט שמחה איז ער שנעל געלאפן אין געשעפט אריין פון שמעון פליישער, האט געוויזן דאס פארפאקטע געלט און דערציילט פון זיינע נסים, אז ר׳ יעקב נתן קאנער האט עם געבראכט זיין געלט וואס אַ ייד האט געפונען. דער משרת פון געשעפט, וועלכער האט באדינט האכדארפן, הערנדיק די מעשה איז געווארן ווייס ווי קאלך, ווייל ער האָט גוט געוווסט אז קיין ייד האָט דאָס געלט ניט געפונען, ווייל ער אליין האָט דאָס געלט צוגעגנבעט, ווען האַכדאָרף האט עס אַ צערשטרייטער אוועקגעלייגט אויפן טיש. ער האט פארשטאנען, וואס דער איידעלער ייד ר׳ יעקב נתן קאנער האט געטאן. דאס אלץ האט עם שטארק גערירט און גיוועקט ביי עם דאס געפיל פון חרטה. ער האט ניט געקענט מער אויסהאלטן, ארויסגענומען פון קעשענע דאס פעקל צוגעגנבעטע געלט און צוריק געגעבן ר׳ לייבוש האַכדאָרף.

**יחזקאל לאנגזאם**

# חנוכה אין שטעטל

צו קען זיך עמיצער פארשטעלן די שמחה פון אונז קינדער ווען חנוכה האט זיך דערנענטערט? זי איז געווען אין לשער, צוליב פיל טעמים. ערשטנס האט מען ניט געלערנט ביינאכט אין חדר, מ׳מוז דאך אהיימגיין באלד נאך מנחה־מעריב חנוכה ליכט צינדן, און דערנאך דארף מען דאך קוקן אַ האלבע שעה ווי די ליכטלעך ברענען, בלייבט שוין ממילא קיין צייט ניט זיך אומצוקערן אין חדר.

עס פרעסטלט זיך אין דרויסן, עס פאלט אַ טרוקן שניייעלע, דער ווינטער הויבט ערשט אָן מיט זיין אכזריותדיקייט. די אייוונס אין קלויז און בית המדרש זיינען גוט אונגעווארמט און די שטענדיגע אויוון־זיצערס זיצן פון פאר דעם דאווענען אָן, ריידן וועגן פאליטיק אדער דערציילן זכרונות פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. מעשיות, וועלכע די דערציילער האָבן שוין צענדליגער מאָל דערציילט. דאכט זיך יעדן ווינטער ווערן איבערגחזרט די זעלבע מעשיות, ווי אַזוי מ׳איז אנטלאָפן קיין אונגארן און בעהמען, פון איטאליענישער געפאנגענשאפט א.ז.וו.

פארשטייט זיך אז די נגידים האָבן זיך ניט גערארפט ווארעמען ביים אויוון אין בית המדרש, ווייל ביי זיי אין

דער היים איז געווען גוט פארם, און חנוכה האָבן זיי שוין געשפּירט דעם תענוג פון פסח, ווייל דאמלסט האט מען געפּרעגלט דעם שמאלץ אויף פסח און דערווייל האט מען זיך דערקוויקט מיט די גענזענע גריבענעס.

מיר קינדער האָבן געהאט אַ ספּעציעלע שמחה.

עס איז געקומען ערב חנוכה און השי"ת האט געגעבן אַ גוטן שניי האבן מיר זיך ממש מחיה געווען, ווייל מיר וועלן האבן מיט וואס צו דערלאנגען די שמשים ביים חנוכה ליכט צינדן.

כ'ווייס ניט פון וויפל צענדליגער אדער הונדערטער יארן ס'שטאמט דער מנהג צו ווארפן שניי דעם שמש בשעת צינדן חנוכה ליכט. איין זאך איז מיר קלאר אז די שמשים אין שטעטל וואלטן זיך גאר שלעכט געפילט אז זיי זיינען ניט יוצא, ווען מ'ווארפט זיי חלילה קיין שניי בשעתן צינדן. קיינער פון די שמשים האט זיך ניט געלאָזט אוועקנעמען די הייליגע זכיה פון חאפן אין קאפּ אריין אַ באל שניי, אַ האנטוך און אמאל אפילו אַ קאלטן עמער וואסער וואס עמיצער האט געוואגט אראפּצוגיסן פון דער ווייבערשער שול גלייך דעם שמש אויפן קאפּ און אויף די חנוכה ליכט, און צודעם האט ער נאך געמוזט שטיין אַ היבשע פאר מינוטן אונטערן האגל פון שניי באלן און צינדן די איינגינעצטע ליכטלעך. שפּעטער האט שוין די רביצן גוט פארשלאסן די עזרת נשים אין קלויז כדי דאס זאָל ניט נאָך אמאל פאסירן, עס איז גענוג פאר עם וואס ער באקומט הינטן אין קלויז.

אנהויבן פלעגט זיך די שמחה נאך אַ סך פאר מנחה־מעריב בשעת איציקל שמש איז געווען שטארק פארנומען מיט דעם בלעכענעם חנוכה לאמפּ, מיטן צוגרייטן די ליכט, פלעגן מיר שוין אנהויבן גרייטן קוילן און ביסלעכווייז אריינטראגן אין קלויז אריין און באהאלטן אונטער די ביינק, כ'האָט שוין אפּגעדאוונט מנחה און ווען די קדיש זאגער האָבן נאָר גיענדיגט זייער קדיש שטייט שוין איציקל דאכעס (נאכן נאמען פון זיין ווייב דאכע. רוב יידן אין שטעטל האט מען גערופן מיט צונעמען און ניט מיטן אמת'ן פאמי־ליענאמען) מיטן ליכט אין דער האנד, ווי אַ דיריגענט מיטן שטעקאלע, און הויבט אָן מיט דעם ספּעציעלן יום־טובדיגן ניגון ב א ר ו ך אַ א ת ה, מיר חברה הויבן אן שרייען אהא, אהא, און דער שפּיל הויבט זיך אן.

חנוכה האט אין זיך נאך אַ סך גוטע זאכן.

קודם כל גיין הערן דעם שטאט רב, און מיר צוזאמען מיט אונזער טאטן דעם סאסאווער רב ר' נחמיה'לע חנוכה ליכט צינדן.

יעדן אוונט פלעגן זיך צוזאמענקלייבן אַ פאר מנינים יידן הערן דעם רב בענטשן חנוכה ליכט. מ'פלעגט זיצן אוןווארטן ,אינצווישן דערציילן אַ חסידישע מעשה, און אין שטוב איז ווארם און עס הערשט אַ יום־טובדיגע שטימונג.

מיר קינדער שפּילן דערווייל אין דריידל און ניט איינער פארשפּילט נעבעך די פאר גראשן חנוכה־געלד וואס ער האט באקומען.

באלד נעמט זיך שוין דער רב אנטאן דעם שטריימל און דעם ברייטן זיידענעם גארטל, גיסט אן בוימל אין דעם שיינעם גרויסן זילבערנעם חנוכה לאָמפּ און דער עולם שטעלט זיך און שאקלט זיך, בשעת דער רב מאכט מיט גרויס כוונה די ברכה און זאגט „על הנסים".

עס ווערט בשעת מעשה אזוי גוט אויף דער נשמה, אז עס דאכט זיך אז די ליכטאלעך ברייגגען עפּעס אריין אַ פונק פון האפנונג און דערציילן דעם עולם דא, ביים רב אין שטוב, אז ערגעץ ווייט איז פאראנען אַ לאנד, וועלכע איז געווען אמאל אונזערס, און די גויים האָבן געוואלט אונז פון דארטן ארויסטרייבן, און נאך דעם נס, ווען מיר האבן זיי מנצח געווען, האט מען געפונען אַ קליין קריגאלע בוימל, אודאי ניט גרעסער פון דעם וועלכן דער רב הט אריינגעגאסן אין חנוכה לעמפל, און דער קריגאלע האט געבראכט ליכט פאר אלע יידן ביז היינט.

דער רב זינגט „מעוז צור" און הייסט זינגגען ר' משה יעקל מאנדעל „מזמור שיר חנוכת הבית" און ר' שמואל משה גראסקאפּף „אור הגנוז". נאך דעם זאגט ר' חיים מאנדעל דברי תורה, עס פארפירט זיך אַ ויכוח. ר' אליעזור ווארצל ברייגנט ראיות און ר' דוד ווינער מישט זיך אויך אריין.

באלד הויבט אן דער עולם זיך געזעגנען מיטן רב, דערלאנגט דערביי ווי געווייגליך חנוכה געלד, און דער רב ווינשט יעדן איה"ש איבער א יאר אין פריידן.

קארטן מעג מען דאך אויך שפּילן חנוכה און ס'איז דאמלסט קיין עבירה. זיצט מען טאקע אין די צוקערניעס און מען האקט אַ זעקס און זעכציג, און מען פארציט אַ ביסל לענגער אויפן חשבון פון חנוכה.

אין אנדערע הייזער נעמען זיך צוזאמען די חסידישע בחורים צו מאַכן א קערטל. אבער דארטן שפּילט מען נאר חנוכה און ניטל.

עס לויפן דורך די פריילאכע חנוכה טעג און קומען די געווייגלעכע גרויסע קאלטע ווינטער טעג, אבער די איינדרוקן בלייבן לאנג אין זכרון.

**העשל דיאמאנט**
סטריזוב—ניו־יארק.

# פיקאנטע געשיכטעס פון סטריזוב

כאטש אונדזער שטעטל איז אונדז אלע ליב און טייער און מיר מעגן שטאלצירן סיי מיט פיל גוטע מעשים פון ׳אונדזער שטעטל בכלל און פון פארשידינע יחידים בפרט — און סיי מיט דער פארגענהייט, ווי די אמאליקע גרויסע רבנים און גדולי תורה פון שטעטל וואס האבן פארלויכטן די שטאט, און טייל פון זיי זענען אויך מפורסמים אין דער גרויסער יידישער וועלט — ווי דאס ווערט געוויס איבערגעשריבן אף אנ׳אנדער ארט אין דעם בוך — זענען אבער אויך געווען ביי אונדז געוויסע דערשיינונגן, וואס האבן נישט פארשאפן פיל כבוד דעם שטעטל. די שטענדיקע רבנות מחלוקת, האט מיט זיך מיטגעשלעפט פארשידענע קליינע מחלוקה׳לך, וועלכע, ווי קאמיש זיי זעהן אויס היינט, האבן זיי דאך זיינערצייט, אויפגערודערט פון צייט צו צייט דאס שטעטל און האבן גורם געווען, נישט דווקא שנאה, נאר בעיקר אַ לייטיש געלעכטער. כ׳וויל דא דערציילן אַ פאר טראגי־קאמישע עפיזאדן פון די לעצטע יארן, פאר דעם מורא׳דיקן חורבן.

## א) א מעשה נורא מיט „רביעי"

ווער פון אונדז ווייסט עס נישט אז ס׳זענען דא, שיינע. מיטעלע און „מיאוס׳ע" עליות? שלישי, ששי מפטיר, דאס זענען שיינע עליות; אחרון — אַ מיטעלע עליה; חמישי — נישט אזוי איי—איי, אבער מילא, צום אויסהאלטן... אבער „רביעי" — זאל גאט אפהיטן!... אַ בכבוד׳יקער בעל־בית — און ווער האט זיך דאס נישט געהאלטן פאר א בכבוד׳יקן — אז מ׳האט אים אויפגערופן רביעי, איז ממש ווי חס ושלום מ׳האט אים אפגעקוילט אן א מעסער! חברה לצים האבן אזא ייד דאס לעבן צוגענומען: „דו האסט באקומן ס׳רביעית! קיין אנדערן האט מען שוין נישט גיקאנט אויסגעפונען? (ליידער איז דער ענין נאך ביז היינט נישט אינגאנצן בסדר. ס׳זענען נאך דא ערטער ווי „רביעי" איז נאך נישט כשר לבא בקהל פון „שיינע יידן"). פלעג מען זיך טאקי נישט איינמאל שטארק קריגן ווענן אזא אומגליק וואס ס׳האט ווען גיטראפן.

ויהי היום — מאכט זיך א מעשה, דאס איז געווען ווען ר׳ יעקב רוזן און זיין ברודער ר׳ מנדל, זענען געווען גבאים אין בית המדרש, האבן זיי באשלאסן אַ סוף צו מאכן צו אט דעם נארישן ענין, זיי זענען געקומען צו מיר — כ׳בין דאמאלט געווען ראש הקהל — און פארלאנגט מיין הסכמה צו זייער פארשלאג אז מ׳זאל אנהויבן געבן רביעי בעיקר די „שיינע יידן" און אזוי ארום פטור ווערן פון שיינע און „מיאוסע" עליות. זיי האבן פארגעשלאגן אז דעם ערשטן שבת זאל מען טאקי אויפרופן מיך. דער ראש הקהל דארף גיין דער ערשטער אין פייער אריין... ס׳פארשטייט זיך אז כ׳האב גענומען אף מיר דעם „קרבן" און האב טאקע עולה געווען רביעי, ותהום כל העיר און ס׳איז געווען לעבעדיק. האט אלזא זיך אנגעהויבן פירן אז מ׳האט די בכבוד׳יקע בעלי בתים אויפגעהערט צו פאשן מיט ששי׳ס, שלישי׳ס און מפטיר, און מ׳האט זיי געגעבן רביעי — — —

איז דאך גוט!? — קומן אבער ר׳ יעקב און ר׳ מנדל רוזן און זאגן אז מ׳דארף אויך דעם רב ר׳ קלמן הורוויץ אויפ־רופן רביעי! צוערשט האב איך נישט מסכים געווען דאצו. דערנאך האב איך געזאגט אז אויב דער רב וועט מסכים זיין, ווען מיר עס טון, כ׳האב געפרעגט דעם רב און ער האט מסכים געווען. כלומר: ער וועט ווי אלעמאל, עולה זיין איינמאל אין חודש ששי, און חוץ מזה וועט ער אויך איינמאל עולה זיין רביעי. ס׳איז פארשטענדלך ס׳ארא געשעעניש דאס איז געווען פאר׳ן שטעטל. איז אבער נישט באשערט געווען ס׳זאל אזא ענין אנגיין אזוי גלאטיק, און ס׳איז נישט אויסגעגאנגען אַ לאנגע צייט, האט מען זיך געווענ־דעט פון שטעטל (צוליב דעם כבוד פון די מענטשן, וועלכע זענען נאכהער אומגעקומען אף קידוש השם, וולן מיר די נעמען נישט פארעפענטליכן) צו דעם אינערן־מיניסטעריום, קיין ווארשא, אז מ׳האט דעם רב געגעבן אזא עליה, וואס מ׳גוט נאר אַ גאר אַ „פאדלע" מענטש.... און אז דאס איז אַ בזיון פאר׳ן רב און פאר דער גאנצער קהלה!... מ׳האט דעם ראש הקהל גערופן צו דעם סטאראסטע, ער זאל דערקלערן פאר וואס מ׳האט עס געטון? מ׳אט אויך גערופן דעם רב (וועלכער איז נישט געווען שולדיק אין דעם ענין, ווייל מ׳האט עס געטון אן זיין וויסן) דער ראש הקהל פון זיין זייט, האט מיטגענומען מיט זיך ר׳ חיים מאנדל, וועלכער איז געווען גרייט אויפצווייזן, על פי שלחן ערוך, אז רביעי איז גאר נאך שענערער ווי ששי... איידער מ׳איז אריין צום סטראסטע האט דער רב מיך געבעטן אז מ׳זאל זען צו טון ס׳זאל נישט זיין קיין חלול השם. כ׳האב אים געזאגט אז די איינציקע זאך וואס מ׳קאן טון איז: ער זאל ערקלערן דעם סטאראסטע אז רביעי איז אזוי שיין און גוט, ווי אלע עליות. דער רב האט אזוי געטון און מ׳האט נמנו וגמרו אז רביעי איז אזוי שיין און כשר ווי אלע עליות. און אזוי האט מען טאקע געשריבן צום אינערן־מיניסטעריום קיין ווארשע — — —

## ב) ר׳ יוסי׳ל שמש ווערט פלוצים „טויב"

נישט אלעמאל זענען אבער געווען גבאים וואס האבן פארשטאנען וויאזוי צו פירן דאס „געשעפט". ס׳איז אויך געווען גבאים וואס האבן מכבד געווען מיט עליות נאר „אנשי שלומינו", כלומר. פון זייער פארטיי. האט זיך געמאכט דאס דער ראש הקהל, און דער רוב, זענען געווען פון איין צד און די גבאים פון צווייטן צד. האט מען געוואלט

אסלערנען די גבאים און מ'האט זיך דורכגעשמועסט מיט דעם שמש ר' יוסף קלאטץ — אַ קלוגער ייד, וועלכער האט געוואוסט ווו „דער ווינט בלאזט" און זעהנדיק אז דער קהל שטייט אַף דער זייט און די גבאים אַף דער צווייטער זייט — האט ער מסכים געווען צו אזא עסק: מ'וועט אים ערב יום־טוב געבן אַ רשימה ווען מ'זאל אויפרופן און די וועלן טאקע עולה זיין לתורה. אזוי איז טאקע געווען: דער גבאי האט געזאגט ר' יוסל'ן ער זאל אויפרופן פלוני בן פלוני און ר' יוסל האט אויפערופן אנ'אנדערן (דאכט זיך ר' יצחק בערגלאס נ"י). די גבאים האבן געקוקט איינער אַפן צווייטן, געפרעגט דעם שמש: וואס איז דא געשען? אבער ר' יוסל האט זיך געמאכט תמ'וואטע. ער האט נישט געהערט גענוי, ס'קומט די נעכסטע עליה — ווידער דאס זעלבע: דער גבאי זאָגט פלוני, און ר' יוסל רופט אויס אלמוני... האָט מען זיך דערכאפט און ס'איז געוואָרן לעבעדיק. דער סוף איז געווען אז די גבאים האָבן געמוזט קאפיטולירן.

שלמה יהלומי (דיאמאנט)

# פון דער ווייטער און נאנטער פארגאנגענהייט

(עפיזאדן און קלייניקייטן)

## ער איז נישט קיין פחדן

דער רב, ר' אלתר האראוויץ זצ"ל, האָט א געוויסע צייט געוווינט אין איינעם פון די הייזער פון מיין זיידע ר' שלמה זיזנובער (דיאמאנט). וואס איז געווען פון זיינע גרויסע פארערער און איז שטענדיק געשטאנען ביי זיין רעכטער האנד, אים צו שטיצן. נאָר וואָס דען!? „געשעפט—געשעפט; מחותן — מחותן"... ווען ער האָט באדארפן חתונה מאכן זיינס א טאָכטער און געבן איר אַ דירה, האָט ער געבעטן פון רב ער זאל זיך געפונען אנ'אנדערע דירה און אים אפגעבן די דירה פאר זיין טאכטער. ס'איז פארשטענדלעך אז דעם רב איז ניט געווען אנגענעם צו פארלאזן די דירה (פאר וועלכער ער האט ניט געצאלט דירה געלד...) און ער האט זיך ניט געאיילט זי איבערצוגעבן. אזוי האט דער רב אפגעלייגט, פון צייט צו צייט, דאס איבערגעבן די דירה, טראָץ דעם פארלאנג פון ר' שלמה'ן.

דערווייל איז אונטערגעקומען די צייט ווען דער רב האט חתונה געמאכט זיין טאכטער, צפורה, מיט הרב ר' חיים יוסף, דער זון פון הגאון הצדיק, ר' מנשה אייכענשטיין, דער איידעם פון באוווסטן גאון און צדיק, ר' יהושע'לי דז'יקובער, זצ"ל. די חתונה איז פארגעקומען אין סטריזוב, אין וועלכער ס'האט זיך אויך באטייליקט דער זיידע פון חתן, ר' יהושע'לי, און אַ גרויסער צאל פון צדיקים און חסידים. דערנעבן ר' יהושע'לין איז געזעסן ר' שלמה, דער בעל הבית. ווען ער האט געטרונקן: „לחיים" צו דעם דז'יקו־בער צדיק, האט אים דער רבי געזאגט: כ'האב געהערט אז איר ווילט ארויסווארפן מיין מחותן פון דער דירה" (ער האט באטאנט מיט כוונה דאס ווארט: „ארויס ווארפן", כדי צו באצייכענען דאס הארבקייט פון דעם טאט)...

— „ארויסווארפן"? — האט מיין זיידע געענטפערט אפן אָרט — אויב דער רב וויל עס אנרופן „אַרויסווארפן", קאן איך גארניט טאן קייגן דעם, אבער — איך וויל אים ניט ארויסווארפן, איך וויל אז דער רב זאָל מיר אליין געבן מיין דירה, ווייל איך דארף זי פאר מיין קינד. דער רבי האָט געקוקט מיין זיידן גלייך אין פנים, האָט אַ בליק געגעבן מיט זיינע קלוגע אויגן גלייך אין די אויגן פון זיידן אן געזאָגט, מיט אַ באפעלענד קול: „אויב איר וועט ארויסווארפן (ווידער „ארויסווארפן") מיין מחותן פון דער דירה — וועט איר דארפן פארקויפן אייער הויז"...

ר' שלמה — וועלכער האט זייער מכבד געווען רבנים און צדיקים און איז געפאָרן צו די צדיקי הדור איז אבער געווען אויך א מענטש מיט אַ שטארקן כאראקטער און איז ניט געווען אזוי אונטערטעניק צום רבין אז ער זאל מבטל זיין זיין מיינונג — דא ווי ער איז געווען איבער צייגט אז ער איז גערעכט — פאר דער מיינונג פון רבין. ער האט אַ קלער געטאן א ביסל און געמאכט א חשבון, וואו ער האלט מיט זיין מאטעריעלער לאגע און איז געקומען צו דער אויספיר אז בדרך הטבע, איז עס גאנץ ווייט אנצונעמען אז ער זאל דארפן פארקויפן דאס הויז. ער האט זיך אנגעגארטלט מיט מוט און געזאגט, מיט דרך ארץ, אבער מיט אַ זיכערער שטימע: „זאל מיר דער רבי ענטשולדיקן, אבער מיר דאכט זיך אז כ'קאן אים פארזיכערן אז היי־יאר־און אפילו אין נאך צוויי יא ר— וועל איך ניט דארפן פאר־קויפן דאס הויז"...

ר' יהושע'לי האָט געהערט די ענטשלאסענע תשובה פון ר' שלמה'ן און אַ לייכטער שמייכל איז געלעגן' אף זיינע ליפן. ער האט זיך געווענדעט צו דעם רב, ר' אלתר און געזאגט: כ'האב געמיינט אז איר האט אַ בעל־בית, אַ שוטה און אַ פחדן, וואס וועט זיך לאזן אפסטראשן — אבער ווי איך זע האט ער ניט קיין מורא — איז דעריבער מיין עצה: איר זאלט אייך זוכן א דירה... דער סוף איז געווען אז דער רב האט געבויט זיך אַ ניי הויז, אף וועלכן ר' שלמה

האט געגעבן דאס גאנצע האלץ וואס מ'הט באַדאַרפן צו אים — — —

## אַ געהעריקער ענטפער

ס'איז געווען אַ מנהג אין גאליציאנער שטעטלעך צו שיקן די רבנים „רגל־געלד" פאר יעדן יום־טוב און אויך פורים און חנוכה. מיין עלטער זיידע, ר' יעקב קאנער, פלעג שיקן געלד ביידע רבנים פון שטעטל. אמאָל האט ער פאַרגעסן צו שיקן חנוכה־געלד דעם סאסאווער רב, רבי משה לייב זצ"ל. נאך אַ געוויסע צייט, האט אים געזען דער רב און געזאגט אים אז ער איז אים שולדיק אַ חוב. מיין זיידע האט אים געפרעגט וואס פארא חוב? האט ער געענטפערט „חנוכה געלד". האט זיך ר' יעקב געוואונדערט און געזאגט: „אווא! כ'האב געמיינט אז כ'שיק דעם רב געלד ווייל איך וויל און צום סוף ווער איך געוואר אז כ'בין שולדיק"... אַ געוויסע צייט נאך דעם עפיזאד האט ר' יעקב ניט געשיקט רגל געלד דעם רב, ביז דער רב האט געוואר געווארן די סיבה דערפון און אים מפייס געווען...

## אַ קלוגער ייד

ווען דער בלאזובער רב, ר' צבי אלימלך שפירא זצ"ל, איז דורכגעפארן סטריזוב, כדי צו זיין שבת אין איינעם פון די דערנעבנדיקע שטעטלעך — זענען אים אַ קייגן געגאנגען צו דער באַן־סטאציע דער רוב בעלי בתים פון סטריזוב, צווישן זיי איז אויך געווען דער שרייבער פון די שורות (אַ קינד פון אכט־ניין יאר). ווען כ'האב שלום געגעבן דעם רבין, האט געזאגט ר' יצחק בערנשטיין (ה.י.ד.) אז דאס קינד איז ר' שלמה זיזנזובער'ס איינינקל. — „שלמה זיזנזובער"? — האט דער רבי געזאגט — ער איז געווען אַ קלוגער ייד. און האט דערציילט אַ מעשה שהיה ביי אים. אַ פרוי איז געקומען צום רבין און בייגעלייגט אַ קוויטל מיט אַ פדיון, אין וועלכן ס'איז געשריבן אז דער מאן איז באַשולדיקט דורך די פאליציי אין אַ עבירה געגן געזעץ און עס דרויט אים אַ גרויסע שטראפע. דער רבי, ווסענדיג אז ר' שלמה איז באקאנט ביי די ריכטער און ביי די פאליציי, האט געזאגט צו אים: „נו, גיב אַנ'עצה"? (די כוונה איז געווען מ'זאל דעם ענין „ערלעדיקן" ווי דער מנהג איז געווען...) ר' שלמה, האט ניט לאנג געקלערט און גלייך געענטפערט:

— „דער רבי האט גענומען דעם פדיון און מיר הייסט ער געבן די עצה"?...

## שוין פארפאקט די סחורה

ר' יהושע'לי דזיקובער זצ"ל איז אמאל געווען אין שטעטל, האט געטראפן אַ ניט אנגענעמער פאל, דאס קיינער פון די בעלי בתים האט אים ניט געגעבן אַ „קוויטל"... האט ר' יהושע'לי זיך געווערטלט און געזאגט: „כ'האב נאכניט געזען אזא קלוג שטעטל"... ווען דער רבי האט שוין געהאלטן ביים פארלאזן די שטאָט און איז שוין געווען אין דער באַן־סטאציע, האט ר' הירשל טענצער (דער פאטער פון די חשובע ברודער: ר' אברהם, משה, יעקב און זלמן טענצער) געוואלט מפייס זיין דעם רבין און איז שנעל געלאפן צו דער באַן־סטאציע און דערלאנגט דעם רבין „אַ קוויטל" און אַ פדיון. רבי יהושע'לי האָט ניט געוואלט נעמען דאס קוויטל און געזאגט מיט אַ ביטערן שמייכל:

— „כ'האב שוין פארפאקט די סחורה"...

## אַ שארפער ווינק

ווידער איז געווען אַ פאקט ווען ר' ברוך גורליצער, דער זון פון ר' חיים האלבערשטאם זצ"ל פון צאנדז, איז געווען אין סטריזוב, באזוכן זיין איידעם, ר' משה לייב סאסאווער און זיין טאכטער חנה. אויך ער האט ניט געהאט דעם געהעריקן כבוד אין שטעטל. וואו עס זענען געווען בעיקר, סאדיגורער, טשארטקאווער און שיניווער חסידים. ווען ער האט געהאלטן ביי פארלאזן דאס שטעטל, איז ער געזעסן אף אַ קאלעס, איינגעשפאנט צו פיר פערד. ארום אים זענען געשטאנען פיל פון די שטעטישע בעלי־בתים און האבן געקוקט אף דעם רבין. רבי ברוך האט געקוקט ארום זיך, אמאל אף די בעלי בתים און אמאל אף די ...פערד און האט געזאגט:

— „איצט זע איך ערשט די סטריזובער פערד"...

## אַ צדיק וואס האט ניט געזונדיקט

ווען שמואל שניידער איז קראנק געווארן, איז אים געקומען מבקר חולה זיין ר' יוסף מרדכי דיין. זעענדיק אז זיין לאגע איז אַנ'ערנסטע האט ער אנגעהויבן אים צורעדן ער זאל תשובה טאן אף זיינע חטאים. האט אבער שמואל שניידער ניט מסכים געווען און געטענה'ט אַז ער האט בכלל ניט געזונדיקט... „כ'האב ניט געהאט קיין צייט צו זונדיקן" — האט ער געזאגט — כ'האב תמיד נאר געארבעט" האט ר' יוסף מרדכי געזען מיט וועמען ער האט צו טאן — און אים געפרעגט:

— „אפשר האסטו אמאל פארגעסן צו דאווענען מעריב"?

— „קיינמאל נישט"!

— „האסטו אפשר אמאל גערעט דברים בטלים"?

— „וואס הייסט דברים בטלים"?

— „איבריקע ווערטער"...

— „ניין"!

האט ר' יוסף מרדכי געזען אז שמואל שניידער האלט זיך פאר אַ צדיק גמור, וואס איז אינגאנצן אן אַ פגם, איז ער אויפגעשטאנען און געעפנט די טיר. שטייענדיק שוין האלב אינדרויסן, האט ער געזאגט: „אויב אזוי" — אויב די ביזט אַ צדיק — האסטו ניט וואס מורא צו האבן — דו קאנסט גאנץ רואיק שטארבן"... (די מעשה האט מיר

דערציילט ר׳ משה אדעסט, איינער פון קלוגסטע יידן אין שטעטל).

## גבאים וואס האבן געמוזט רעזיגנירן

ס׳האט געטראפן דאס אַ געוויסע צאל בעלי־בתים און בית המדרש בחורים, זענען ניט געווען צופרידן פון די בית המדרש גבאים. האבן זיי אין איין העלן טאג באשלאסן אפצולערנען די גבאים און האבן ביינאכט איינגעלייגט דעם גרויסן ציגל־אויבן. ווען דער עולם איז געקומען גאנץ פרי אין בית המדרש און דערזען וואס ס׳איז געשען, האבן זיי געזען אז ס׳איז ניטא קיין ברירה: די גבאים מוזן גיין. אזוי איז טאקע געשען און מ׳האָט געוועלט אנדערע גבאים. האט געזאגט ר׳ מאיר דייטשער — אַ קלוגער שארפער ייד:

— דאס מיינט דער פסוק: „שובר א ו י ב י ׳ ן ומכניע זדים״ — אז מ׳צוברעכט דעם אויבן איז מען מכניע די זדים — די ג ב א י ם...

## דער כוח פון איין ווארט

מנשה ליטשער (אזי האט מען אים גערופן, אפן נאמען פון דארף אין וועלכן ער האט געוווינט) איז געווען אנ׳עם־הארץ מדאורייתא ומדרבנן. די אלץ־ווייסער האָבן געזאגט אז ער קאָן אפילו ניט קיין עברי נ י ט ווי מ׳דארף... אלע יארן איז ער געווען אַ פעלד ארבייטער און אַ בהמה סוחר. פאר אים איז געווען אַ קלייניקייט, אַ קינדערשפיל, צו נעמן אַ קעלבל אף דער פלייצע און טראגן עס עטליכע קילאמעטער אַ היים, אדער אפן מארק פארקויפן. נאר וואָס דען? אזויווי ער איז געווען שטארק פיזיש — אזוי איז ער געווען שוואך אין די קליינע אותיות און בכלל אין יעדער זאך וואָס האָט אַ שייכות צו „שיינע יידן״... יום כפור פלעג ער קומען אין שטאָט דאווענען אין בית המדרש צוזאמן מיט די „סחידים״. אזוי ווי די בית המדרש בחורים האבן געוווסט אז ער איז ניט בשלום מיט דעם סידור... האבן זיי זיך באהאלטן אונטער זיין שטאט אין בית המדרש, צו הערן וואס ער זאגט בשעת׳ן קוקן אין מחזור? צו זייער שטוינונג אט ער געזאגט די גאנצע צייט נאר איין ווארט:

— ״ל ע ש ו ת, ל ע ש ו ת, ל ע ש ו ת״...

זענען זיי געשטאנען און געוואונדערט זיך: פארוואס עפעס געפעלט מנשה׳ן גראד דאס פשוט׳ע ווארט? האבן זיי געטראכט און געטראכט און ניט געפונען קיין ענטפער. ביז ס׳איז געקומען ר׳ משה אדעסט און געזאגט דעם ריכטיקן טעם: מנשה פלעג זיצן די גאנצע צייט נעבן דעם „כיור״ (ווי מען וואשט זיך די הענד) און געהערט ווי די וואס וואשן זיך די הענד זאגן די ברכה, וואָס לאָזט זיך אויס: „ומפליא לעשות״ — — —אט דאס לעצטע ווארט איז אים איינגעקריצט געווארן אין מוח — האט ער נעבעך איבערגעחזרט עס במשך די גאנצע צייט פון דאווענען... מער האט ער ניט גיקאנט — — —

## הכל יודוך און המאיר לארץ

דאס ווייב פון מאיר דייטשער, זיין „עזר כנגדו״, מער ווי זי איז געווען „עזר״ איז זי געווען „כנגדו״... זי איז קיינמאל ניט געווען צופרידן פון אים; האט אים געהאלטן פאר אַ בטלן. דעם אמת זאגענדיק האָט ער אליין אויך געטראכט דאס זעלבע, דעריבער האט ער זיך ניט געוואונדערט וואס זי לאזט אים ניט במנוחה. ער האָט געזאגט: וואָס פארא וואונדער? די גאנצע וועלט זאגט אינדערוואָכן: „המאיר לארץ״ און שבת „הכל יודוך״, דאגעגן „מיינע״ זאגט שבת אויך „ה מ א י ר ל א ר ץ״ (דאס הייסט: מאיר זאל גיין אין...). נאכמער: אין סידור שטייט „ברחמים״ און זי זאגט ניט ברחמים...

## ער האט אויך צו שאפן

ר׳ ברוך בערגלאס האט גערופן איינעם צו דין תורה און געמאָנט ביי אים אַ געוויסן סכום געלד. דער דיין ר׳ יעקב שפאלטער, ה.י.ד. האט געפסקנט אז דער ייד דארף געבן ר׳ ברוך׳ן 50 זלאטעס, אדער געבן תקיעת־כף אז ס׳קומט אים ניט. דער נתבע האט געבעטן מ׳זאל אים געבן צייט צוויי טאג צו באראטן זיך מיט זיין פרוי. ווען ער איז געקומען צום דיין, דעם דריטן טאָג, געבן ענטפער, האָט ער זייער העפליך געזאגט: מיין פרוי זאגט אז כ׳זאל ניט געבן תקיעת־כף, נאר באצאלן די 50 זלאטס. איז דער דיין געווען זייער צופרידן: וועלן דאך ביידע צדדים זיין צופרידן — האט ער געזאגט צום נתבע — דו וועסט ניט געבן תקיעת־כף און ר׳ ברוך בערגלאס וועט קריגן דאס געלד. האָט דער ייד געענטפערט מיט גאר אנ׳איידעלע שטימע:

— וואס הייסט איך וועל געבן דאס געלד? אמת, אז מיין פרוי הייסט מיר ניט געבן תקיעת כף, כ׳וועל דאך זיך ניט גיין גט׳ן צוליב דעם.. אבער געבן געלד? — דאס וויל איך ניט, איך האָב אויך עפעס צו שאפן, איך האָב אויך אַ דעה...

## וואס האט הירש בער שמש „געמאכט״?

ווען ר׳ הערש בער, שמש, איז געלעגן מסוכן קראנק אף זיין בעט, איז געקומען ר׳ יוסף מרדכי דיין אים מבקר חולה זיין. האָט אים ר׳ יוסף מרדכי געפרעגט: „הערש בער, וואס מאכסטו״ ר׳ הערש בער, וועלכער איז געווען אַ גרויסער וויצלער, האט ניט פארגעסן אויך איצט זיין „פאך״ און געענטפערט גלייך, ניט פארקרימענדיק אפילו די ליפן:

„כ׳מאך יתומים״!...

לקיים מה שנאמר: אפילו אַ שארפע שווערד ליגט אף דעם האלדז פון מענטש, זאל ער זיך ניט פארמיידן פין זאגן אַ גוט ווערטל...

## דער עיקר איז דער ווילן

איינער פון די שטאטישע עשירים האט געהאט אַ חזקה עולה צו זיין מפטיר אין חג השבועות. האט געטראפן אַ

פאַל, אין דער צייט ווען ר׳ ברוך דילער איז געווען גבאי און מ׳האט דעם גביר אויפגערופן שלישי. צוערשט האט דער גביר זיך געוואקלט צו ער זאל צוגיין צום ספר — וויאזוי קאָן מען דאָס פארציכטן אַף אזא חזקה? — דאָך האָט ער באַשלאָסן און צוגעגאנגן צום ספר, נאר ער האָט זיך „נוקם" געווען אין גבאי: ווען דער „מי שברך" מאכער האָט געזאָגט: „בעבור שיתן" — האָט דער גביר געענטפערט מיט כעס:

— „גאָרניט"!...

ר׳ ברוך האָט געהאלטן פאר נויטיק צו בעטן ענטשול־דיגונג ביים גביר און אט וואָס ער האט אים געזאגט: דו מיינסט אז ס׳קומט דיר מפטיר? — גוט! זיי וויסן אז עס ווערט געברענגט אין די הייליקע ספרים אז „דער עיקר איז דער רצון"... און אזוי ווי דו האסט געוואָלט עולה זיין מפטיר, האסטו יוצא געווען פארן רבונו של עולם. נאָר וואָס דען? איך האָב ניט געוואלט — דאס איז ניט דיין שולד!...

## ר׳ ברוך דילער רעדט „פויליש"

אמאל איז געקומען אַ פויער צו ר׳ ברוך דילער אין זיין קאנפעקציע־געשעפט, קויפן אַ מאנטל. ר׳ ברוך האט אים געוויזן פארשידענע מענטל, אבער זיי האבן דעם פויער ניט געפעלן. גראד אין דעם טאָג האט ער געזאלט באקומען נייע קאנפעקציע סחורה אין די אוונט־שעה׳ן. ער האט דעריבער געזאגט צום פויער אין אַ „ריינעם פויליש":

— „פּזשידז׳ציע קאלא מנחה מעריב, טא בענדזיע נאווי ראק"....

(„ראק" — א מאנטל; „ראָק", אין פויליש — אַ יאָר „נאווי ראק" — אין יידיש: אַ נייער מאנטל; אין פויליש — אַ ניי יאר; די כוונה פון ר׳ ברוך׳ן איז אלזא געווען: „קומט צווישן מנחה און מעריב וועט זיין אַ נייער מאנטל"...)

## א מלחמה וועגן אוירינגלעך פון דער מאמען

פיל יארן איז געווען אַ ירושה מחלוקת צווישן צוויי שוועסטערן. די הויפט — מחלוקת איז געווען וועגן „די אוירינגלעך פון דער מאמען", וואס זענען געווען אויסגעזעצט מיט ברילאנטן, וואס זענען געווען ביי איינע פון די שוועסטערן. די ערשטע — פערל, דאס ווייב פון בנימין שניידער („ימין שניידער"), וואס די אוירינגלעך זענען געווען ביי איר, האָט געטענה׳ט אז זי איז גרייט צו געבן איר שוועסטער, באשי, דאס ווייב פון מרדכי מלמד, דעם גאנצן חלק וואס איר קומט — אין געלד — דאגעגן די צווייטע, באשי, האט בשום אופן ניט געוואלט פארציכטן אָף „די אוירינגלעך פון דער מאמען", וועלכע זענען טייערער ביי איר פון דעם גרעסטן פארמעגן...

יארן האט מען זיך געמשפט ביי רבנים און דיינים און שפעטער — להבדיל — אויך ביי די גויים, ביז מ׳האט באשלאסן צו פארלאזן זיך אף אַ בוררות. מיין פאטער, ר׳ יוסף, איז געווען דער בורר פון פערל ימי׳ס, וועלכע האט געהאלטן די אוירינגלעך. ר׳ הירשל גלאנדער — פון באשי׳ס זייט און דער נעביליצער רב, ר׳ שמואל שיף זצ"ל, איז געווען דער דריטער. מיין פאטער האט ניט געוואלט טאפן אין דעם פינסטער — דאס הייסט פירן משפטים וועגן אוירינגלעך וואס ער ווייסט ניט זייער ווערט. אויסער דעם איז ער געשטאנען פאר אַ גרויס רעטעניש: פונוואנען האט דאס ווייב פון יצחק קצב (דער פאטער פון די צוויי שוועסטער), וועלכער איז געווען באוווסט אלס „עני ואביון מגוזלו" — פונאוואנען האָט ער גענומען געלד צו קויפן אוירינ־גלך — און דאצו ברילאנטענע אוירינגלעך — פאר זיין ווייב?...

ער האט דעריבער באשלאסן אז ער מוז צוערשט וויסן וועגן וואס מ׳פירט מלחמה. ער האט געשטעלט אַ באדינג ימין שניידער, אז נאר ווען ער וועט מיט אים פארן קיין ריישא (די גרויסע שטאדט נעבן סטריזוב) און אריינגיין מיט אים צו אַ סוחר אפשאצן די סחורה, וועט ער אף זיך נעמען דעם עול צו זיין, זיין בורר. אויך האָט מיין פאָטער פארלאנגט פון ימין׳ן אז ער זאָל אים געבען „תקיעת־כף" אז ער וועט קיינעם ניט דערציילן — אויך ניט זיין ווייב! — וויפיל מ׳אט אבגעשאצט די אוירינגלעך. ניט האבנדיק קיין ברירה האט בנימין מסכים געווען צו די תנאים און אין צוזאמען מיט מיין פאטער געפארן קיין ריישא. אין ריישא זענען זיי אריינגעגאנגן צו דעם באקאנטן יובילער, ה׳ שיף, און געוויזן דעם „אוצר". ה׳ שיף האָט אָפגעשאצט אז די אוירינגלעך זענען ווערט אַ האלבן זלאטי (פינף זלאטיס איז געווען אַ דאָלער...) ...מען איז אריין צו אַ צווייטן יובילער — ה׳ צוקער — יענער האט אפגעשאצט זעכציק גראשן...

מיין פאטער האָט געהיטן דעם סוד עטליכע וואכן און דערווייל האט מען זיך געקריגט און געדינגען וועגן די אוירינגלך. ווען ס׳איז געקומען די ריכטיקע צייט, האָט מיין פאטער דערציילט דעם סוד... און די גאנצע שטאדט איז „געגאנגען אָף רעדער" — — — ס׳איז פארשטענדלעך אז פערל ימין׳ס האט שנעל פארציכטעט אף די אוירינגלעך און באשי האָט מער ניט געשריגן אז ס׳איז איר ניט קיין נפקא מינה געלד נאר דער עיקר איז „די מאמעס אוירינגלעך" און ס׳האָט גענומען אַ סוף צו דער מחלוקת וועגן אנ׳איי וואס איז ניט געבורן געווארן...

## מיט א היתר און אן א היתר

ס׳זענען געווען אין שטעטל צוויי סוחרים, וואס ס׳פלעג אויסקומען, טיילמאל, דאס זיי האבן באקומען סחורה אין שבת, מיט דער באן. איינער האָט זיך געפירט, ווען ער האָט געוווסט אז די סחורה וועט אנקומען שבת — און מ׳האט באדארפן פריי מאכן די וואגאנעס — האט ער

געמאכט אַ שטר מכירה צו אַ גוי, ער זאל אויסלאדנען די סחורה אין שבת, אָבער ער האָט ניט אזוי שטאַרק מדקדק געווען און אליין אויך זיך אַביסל באטייליקט, אים שבת, אין די הכנות אא.ז.ו... דער צווייטער, זהאגען, האָט ניט געמאכט קיין שטר מכירה און מ׳האט זיין סחורה אויך אויסגעלאדנט. האט געזאגט ר׳ משה אדעסט, ע״ה: ס׳איז דא חלול שבת „זא קאנסענסעם אי בעז קאנסענסא״ (מיט אַ היתר און אן אַ היתר...)

## וויאזוי זענען די מרגלים אריבער דעם ירדן?

ר׳ יחזקאל גורגעל („חסקל גודאוער״) איז געווען איינער פון די מלמדים אין שטעטל. ער פלעג פרעגן די תלמידים זיינע פארשידענע פראגן, כדי זיי צו פרובן ווי ווייט זיי האלטן אין שכל. אמאל האָט ער געפרעגט די תלמידים וויאזוי זענען די מרגלים אריבער דעם ירדן? האט גענט־פערט איינער פון די תלמידים:

— „יא רבי, איך וויים, די מרגלים זענען געווען פיש״...

## וואס איז דאס א מצוה?

ווידער אמאל האט ער געפרעגט: „וואס איז דאס אַ מצוה״? האט געענטפערט דער זעלבער תלמיד: „אַ מצוה, דאס מיינט מען אַ נ ק ב ה״... (ער האט אַ וואָך פריער געלערנט די פרשה פון „אשה כי תזריע״ און האָט געמיינט צו זאגן אז ביי אַ פרוי איז דא פיל דינים...) אַ לאנגע צייט נאָך דער תשובה האט מען אים גערופן: „אַ נקבה״...

## וואשט זיך די הענד און זאגט ניט: על נטילת ידיים

ר׳ משה רייכער, דער איידעם פון ר׳ יעקב קאנער, איז געווען אַ איש תם וישר אין פולן זין פון ווארט. אַ ירא שמים און אַ גרויסער מאמין אין צדיקים — בעיקר אין די בעלזער צדיקים — אַ שווייגער, וואָס האָט קיינמאל ניט ארויסגעזאָגט פון מויל אנ׳איבריק וואָרט. אַ בעל־בית און אַ אנ׳אינהאבער פון אַ קליין געוועלבעל, פון וועלכן ער האט זיין פרנסה געהאט. ער האט קיינמאל ניט גערעדט קיין שלעכטס אף קיינעם און ווען ער האָט אמאָל געמוזט עפעס ווינקן אַ שלעכטס געגן וועמען (למשל: וועגן שידוכים א.ד.גל.) האָט ער אינגאנצן געציטערט און צום סוף האָט ער ערשט ניט געזאגט. ער פלעג זאגן: צווואס רעדן? וואס וועט דאס העלפן? און שטיל איז דער מענטש געווען און אַ גרויסר עניו. אמאל האב איך אים געזען אינגאנצן אנ־אויפגערעגטן, ממש „ארויס געגאנגען פון זיינע כלים״. די מעשה איז אזוי געווען: איינער פון די סטריזובער בעלי בתים האט אים גערופן צו דין תורה פארן דיין ר׳ יעקב שפאלטער ה.י.ד. דער בעל בית האָט אזוי שטארק אויפ־געגט מיט זיינע ליגענדע טענות אונדזער שטילן ר׳ משה רייכער, דאס ער האט זיך מער ניט געקאנט איינהאלטן, איז אויפגעשטאנען פון זיין ארט און איז צוגעגאנגען צו זיין בעל דין און האט אים געגעבן עטליכע קלעפ מיט זיין שירם... נאר זע אַ וואונדער: אויך דאסמאל — כאטש ער האט געגעבן אַ קלאפ דעם ליגנער — איז ער ניט ארויס פון זיין פרינציפ, ניט צו שרייען. געגעבן קלעפ, אבער — קיין ווארט ניט געזאגט!... דער בעל־דין איז אויפגעשטאנען מיט אַ געשריי און געטענה׳ט:

— האט איר געזען אזא פארשוין? ער וואשט זיך די הענד און זאגט ניט: „על נטילת ידיים״!... שלאגט און זאָגט ניט קיין ווארט! ווען ער זאל מינדעסטענס מיר זאגן אז כ׳בין אַ שקרן — מילא! אבער גארניט זאגן און קלאפן?... סארא חוצפה?!..

## דער סמבטיון וואס רוט ניט שבת

ר׳ מ.צ. איז געווען פון אַ מיוחסדיקע משפחה, אנ׳ אייניקל פון רבנים און צדיקים. ער אליין איז אבער ניט געווען קיין למדן. דאגעגען איז ער געווען אַ גרויסער לץ און האָט ליב געהאט אויסצולאכן יעדן איינעם און פון יעדער זאך. ער האָט אויך ליב געהאט אריינמישן זיך אין אלע שטעטישע ענינים אריינזאגן אומעטים זיין מיינונג און אויך אפזידלען דעם, אדער יענעם, וואס האט אים ניט געפאלן. דאס איז געווען אַ גאנצע וואך, ווען ער איז געווען פארטון וועגן פרנסה. אבער שבת איז זיין „טעטי־קייט״ געווען פיל גרעסער — ער האָט געהאט גענוג צייט ממלא צו זיין דאס וואָס ער האט פאַרפעלט אינדערוואכן. שוין פרייטיק נאכמיטאג האט אף אים גערוט די „שכינה״ פון שבת און אויב ס׳האט אים ווער פארטשעפעט פלעג ער זאגן מיט אַ געמאכטן כעס:

— „טרעט מיך אפ, ווייל ס׳האט מיך שוין ארומגענומען די ש ב ת ר צ י ח ה״!...

## דער טאטע און זיינע קינדער שפילען אין קארטן

א. ז. איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם און אַ גרויסער חריף. מיר האבן וועגן אים געשריבן אף אנ׳אנדער ארט אין אונדזער ספר. דא וועלן מיר דערציילן אַ קליין מעשה׳לע. ער און זיינע קינדער האבן געשפילט אין קארטן, צוזאמען מיט נאך עטליכע בחורים. דאס איז געווען דעה שפיל פון „אקע״, ווי דער וואס האלט די „באנק״ טיילט קארטן די אנדערע שפילער און „שלאגט״ אויך יעדער קארט מיט געלד. דאס הייסט: ער גוט דעם צווייטן אַ קארט פאר אַ געוויסן סכום געלד. ווען איינער פון די קינדער פון א. ז. האט געהאלטן די באנק, האט ער געזאגט צום פאטער:

— „טאטע גיי ניט, ווייל כ׳ וו ע ל ד י ך ש ל א ג ן״!...

דער פאטער פלעג עטפערן: „שייגאץ! דעם טאטן ועסטו שלאגן״?...

## אַ זון רופט דעם פאטער צו אַ דין תורה

ר׳ פלוני איז געווען אַ גרויסער עושר און ער פלעג שטיצען זיין זון, וועלכער איז פון צייט צו צייט געקומען באזוכן זיין פאטער און פארלאנגט פון אים שטיצע. אמאל האט דער זון באשלאסן אז ס׳לוינט זיך אים בעסער צו רופן זיין פאטער צו דין תורה און מאנען אים אַ חלק פון זיין פארמעגן, מיט דער טענה אז ער האט געקויפט צוזאמען מיט זיין פאטער בשותפות אַ געוויס פארמעגן און דער פאטער האט פארשריבן דאס פארמעגן, אין טאבו, אף זיין נאמען אליין. ווען דער פאטער מיט זיין זון זענען אריין צום רב, האט דער רב געפרעגט מיט נייגעריקייט: וואָס טוט דא ר׳ פלוני מיט זיין זון? דער פאטער האט געענטפערט אז זיין זון רופט אים צו דין תורה, פאר וואס ער לעבט אזוי לאנג?... (באמערקונג פון שרייבער: די השגחה האט אזוי געפירט, אז דער זון איז נפטר געווארן פאר זיין פאטער) ׳

## די ברילן פון ר׳ הרשלי שיף

ר׳ הרשלי שיף, פון די אלטע סאדיגורער חסידים, וועלכן מ׳האט גערופן: „ר׳ הרשלי בלי נדר״, ווייל ער איז געווינט געווען צו זאגן „בלי נדר״ אף יעדער זאך. למשל: מארגן, בלי נדר, וועל איך אויפשטיין, בלי נדר, אינדערפרי און זיך אנטון, בלי נדר, און גיין, בלי נדר, אין בית המדרש... אמאל האט ער פארלוירן די ברילן זיינע און האט זיי ניט געפונען. ס׳איז אדורך מער ווי א יאר און ער האט זיך נאכניט מייאש געווען פון זיי, נאר זיי געזוכט ווייטער. טרעפט זיך אז עס שטיין עטליכע מענטשן אין גאס און שמוסן צווישן זיך. גייט צו, צו זיי ר׳ הרשלי און פרעגט:

— „רעד מען דא אפשר וועגן מיינע ברילן״?...

## ר׳ ישראל גערטנער געגן קויפן אן מזומנים

ר׳ ישראל גערטנער, דער באוווסטער עושר פון שטעטל, האט זיך אויסגעצייכנט מיט דער מידה פון גמילות חסדים. אז אַ ייד איז אריינגעקומען צו אים וועגן א גמילות חסד, האט ער איבערגעלאזט די קונים און איז געגאנגען גלייך ברענגען די געבעטענע הלואה. דער זון פון ר׳ ישראל׳ן, ר׳ מגדל גערטנער. פון ברעזוב, איז ניט געווען קיין עושר און איז שטענדיג געווען אונטער דער לאסט פון די חובות וואס ער איז שולדיק געווען פאר די סחורה וואָס ער האָט גיקויפט אף וועקס־לען. עס האָט געטראפן דאָס ער האָט געחתמ׳ט דעם פאטער׳ס נאמען אף אַ וועקסעל, ניט פרעגענדיק אים צו ער איז מסכים... האט ר׳ ישראל זיך געכעס׳ט און געטענה׳ט: עס גייט מיר ניט וועגן געלד, וואס איך מוז באצאלן, אבער ס׳פאַרדרוסט מיך מער פון אלעם און עס מאטערט מיך די פראגע: ביי וועמען האט ער דאס צוגעזען אז מ׳קויפט סחורה ניט פאר קאסע געלד? פארוואס קויפט ער ניט במזומנים, אזויווי איך?...

## אַ בעל תשובה

ס׳איז געווען ביי אונדז אַ ייד, וואס אין די יוגנט־יארן איז ער געווען אַ גאר קנאפער צדיק. ווען ער איז עלטער געווארן האט ער זיך געפירט ווי אַ „שיינער ייד״ און געוואלט אז יעדער זאל אים בכבוד האלטן. האט אף אים געזאגט ר׳ משה אדעסט: „ער האט זיך מוחל געווען די חטאים״...

## יענקל אדער יענקל חיים?

ווען ס׳איז פארגעקומען וואלן צו דעם ראט פון דער קהילה, האט דער וואל קאמיסאר — דאס איז געווען דער ראש הקהל אליין — געמאכט פארשידענע „קונצן״, כדי די געגענער זיינע זאלן ניט זיגן. ווען ר׳ יעקב (יעקלי) זיגל — מ׳האט אים גערופן: „יעקלי סטרונציק״, ווייל זיין האלדז איז געווען דין ווי אַ סטראנע — איז געקומען אפגעבן זיין שטימע און געזאגט זיין נאמען: „יעקב זיגל״, האט זיך ארויסגעוויזן אז אין דער וועלער ליסטע איז ער געווען פארשריבן: „יעקב חיים״ און מ׳האט געפסלט זיין קול... האט מען זיך געווערטעלט אין שטעטל אז צו די צווייטע וואלן וועט מען אים פארשרייבן: „יעקב מ ת״...

## יעדער רבי היילט אנ׳אנדערע קרענק

אלעזר גורגעל איז געווען אַ פשוטער מענטש, אַ קליינער בעל שכל און אנישט קשה־דיקער עם הארץ. אבער ער איז געווען אַ גרויסער מאמין. ער פלעג בעטן פאר יעדן ייד און געזארגט פאר די קראנקע. ווען ס׳איז ווער קראנק געווארן האָט ער געלאזט שרייבן אַ קוויטל צו אַ רבין, אמאל מיט דעם וויסן פון קראנקן און אמאל אן זיין וויסן. ער האָט דערציילט מופתים פון רבי שלמה׳לי מונקאטשער, ר׳ שלמה לייבלי פון טיטשין, דעם דיקלער רבי און נאך צדיקים. אט האט איר אַ מופת וואס ער האט דערציילט: א.ד. איז געווען קראנק אף דעם מגן... האט ר׳ אלעזר „געלאזט שרייבן״ א קארטל צום רבין. נאך עטליכע טעג איז געקומען תשובה, דער רבי ווינטש דעם חולה אַ רפואה שלימה. און אזוי איז טאקע געשען דער חולה איז געהיילט געווארן — — —„קייגן וואס דערצייל איך אייך די מעשה״ — האָט אלעזר געענדיגט זיין מעשה מיט שטאָלץ — איר זאלט וויסן אז דער רבי פון ...איז גוט צום א נ פ י ר ן״... און אז מ׳האט געלאכט פלעג ער זאגן: כ׳מיין צו זאגן אז יעדער רבי איז גוט אף אנ׳אנדערע מחלה...

## וועלכער תענית איז דער בעסטער?

— האט געפרעגט אלתר נעכעמיע, איינער פון די קלוג־סטע יידן אין שטעטל. ער האט געפרעגט און ער האט

גלייך געענטפערט: דער בעסטער תענית איז תענית אסתר. פארוואס? ווייל תענית אסתר באקט מען אַ־גאנצן טאָג פריש געבעקץ אף פורים און מ׳נעמט יעדער פאר מינוט ארויס פון אויוון אַ פריש קיכאלע — קאן מען אלזא יעדעס מאל זיך דערכאפן דאס הארץ...

## וואס איז דאס א פארשטערטער יום־טוב?

— האט געפרעגט אלתר נעכעמיע און האט געענטפערט: אז עס גייט ניט קיין רעגן סוכות, איז אַ פארשטערטער יום טוב...

## אנא ה׳ הצליחה נא

ר׳ יעקב אייזנר איז געווען א בכבוד׳יקער ייד. אַ ירא שמים און פיין צו מענטשן. ער האט געארבעט אלס בעאמטער אין דער זעג פון די שותפים יוהאנעס־קראכער. נאכדעם ווי ער האט אפגעארבעט קנאפע דרייסיק יאר, שוין זייענדיק אנ׳עלטערער מענטש, האָבן די שותפים באשלאסן צו ליקווידירן דאָס געשעפט, ווייל ס׳האָט ניט געברענגט קיין ריווח, נאָר הפסדים. ר׳ יעקב אייזנער זעענדיק אז זיין פרנסה לאזט זיך אים אויס, איז געווארן פון טאג צו טאג מער צוגעלייגט און זיין געזונד־צושטאנד האט זיך פארערגערט. צוויי וואכן פארן שליסן די זעג־דאס איז געווען אחרון של פסח — האט מען אים מכבד געווען מיט דאווענען שחרית פארן עמוד. ער איז געווען אַ פיינער בעל־תפילה און זיין דאווענען איז געווען הערצלעך און ערנסט דאָסמאל האָט ער זיך אליין איבערגעשטיגן און מ׳האט דערקנט ביי׳ם דאווענען אז ס׳איז ממש באו מים עד נפש. איך געדענק נאָך היינט דעם הערצלעכן ניגון וואס ער האט געזונגען אף „פתחו לי״. ווען ס׳איז געקומען צו: „אנא ה׳ הצליחה נא״, האט ער אויסגעבראכן מיט א ביטער געוויין... האט געזאגט איינער פון די קליינע מאמינים: אויב ס׳איז דא אַ גאט אף דער וועלט — דארף ער העלפן ר׳ יעקב׳ן, נאך אזא וואַרימע תפילה...

און באמת איז געשען אַ נס: אלע יאָרן האָט ר׳ יעקב געשפילט אין לאטעריע, אבער ער האט קיינמאל ניט געווונען. גראד איז דעם טאג יום טוב, ווען ר״י האט געדאווענט איז פארגעקומען דאָס ארויסציען דעם גורל פון דער לאטעריע און צו דעם גרויסען וואונדער האט ר׳ יעקב געווונען פופציק טויזענד זלאטעס! — — —

אלע האבן געזאגט אז אין דער זעלבער צייט וואס ר׳ יעקב האט געזאגט: „אנא ה׳ הצליחה נא״, האט ער זוכה געווען די פופציק טויזענד זלאטעס — — —

# די תקופה פון חורבן

יצחק בערגלאס

## די צווייטע וועלט מלחמה און דער אומקום

(איבערגעזעצט פון העברעאיש צוזאמען מיט אלוני פנחס).

פרייטיג דעם 1.9.1939 איז אויסגעבראכן די צווייטע וועלט מלחמה. שוין אין די לעצטע טעג פון חודש אוגוסט האט זיך געפילט אז עס גרייט זיך עפעס, און דער אנזאג אז די מלחמה האָט אויסגעבראכן זיינען געווען די באמבארדירונגען אין דער נאָהנטער און ווייטער סביבה. אין די ערשטע טעג איז אין שטעטל געווען שטיל. מען האט ניט געהאט קיין שום ידיעות וועגן דער לאגע. די באן באוועגונג איז באלד אין דער ערשטער וואך שוין ניט געווען רעגלמעסיג צוליב די באמבארדירונגען אדער צוליב סאבאטאז' פונ'ם שונא. אבער דאך האט דאס פאלק און אויך די יידן געגלויבט אז דאס פוילישע מיליטער איז קאַמפס פעהיג, זיי זיינען געווען זיכער אין די צוזאָגן פון דער רעגירונג, וואָס האָט אראָפגעשריען פון יעדן פלאקאט פון די קריגס אנלייהע — „מיר זיינען שטארק — פאראייניגט — גרייט" און אויך האט מען געגלויבט אז דאָס מיליטער וועט מיט אלע כוחות פארטיידיגן דעם „צ א פ" דאס הייסט, דער צענטראלער אינדוסטרי קרייז, די מיליטערישע אינדוסטרי וועלכע איז אריבער פון דער מערב גרענעץ אין צענטער פון לאנד ביי די טייכן ווייסלוק—סאן.

מאנטיק דעם 4.9 און אין זעלבן אוונט האט מען נאָך געזען אַ באוועגונג פון מיליטער אין דער ריכטונג פון דער סלאוואקישער גרענעץ אין דרום פון לאנד אבער אין דער זעלבער צייט האבן זיך שוין אנגעהויבן צו באווייזן די ערשטע פורן מיט פליטים וועלכע זיינען געקומען פון דער גרענעץ סביבה. דער שטראָם פון די פליטים האט זיך נאָך מער פארשטארקט מיטוואך און דאנערשטיק אין אָוונט און צומארגנס, פרייטיק 8.9 זיינען שוין די פליטים פון סטריזוב אויך צוגעשטאנען צום אלגעמיינעם שטראם. עס איז געווען אזוי ווי אַיין טייך וואָס נעמט אין זיך אריין די וואסערן פון קליינע טייכלע־ך, וועלכע פליסן שוין ווייטער מיטן אלגעמיינעם שטראָם. אבער טראָץ דעם אלגעמיינעם גרויסן שטראָם פון פליטים — עס זיינען דאמלסט אנטלאפן אַ סאך פאליאקן, אלע בעאמטע, פאליציאנטן און אנדערע, וואס דער רוב איז צוריקגעגאַנגען נאָכדעם ווען פוילן איז געפאלן — זיינען געווען צווישן זיי ווייניג יידן פון די שטעטלעך און אויך פון סטריזוב. בשעת דער ערשטער וועלט מלחמה האָבן די רוסן צוויי מאָל איינגענומען סטריזוב, און נאכדעם וואָס די יידן האָבן געליטן אין ערשטן מאל, און עס איז דאן געהרגעט געוואָרן אין נאהענטן שטעטל טשיטש אַ קרוב פון דער משפחה מאנדעל פון סטריזוב, זיינען דאן ווען די רוסן האבן זיך דאס צווייטע מאל דערנענטערט צו דער שטאָט, אנטלאפן פיל משפחות אָבער ניט קיין איינצעלנע.

פון איין זייט איז דאמלסט דער ריקצוג פון דער עסטרייך־אונגארישער ארמע געווען א לאנגזאמער און אין אָרדנונג, און עס זיינען אויך געשטאנען צו דער פארפיגונג פון די פליטים באנען מיט וועגעלעך, אבער איצט איז דער ריקצוג פון פוילישן מיליטער געווען אין איילעניש און אונארדנונג, די באנען זיינען געווען פאראליזירט צוליב באמבארדירונגען אדער סאבאטאז' אקטן פון די דייטשן און זייערע אַגענטן, אויך דערגרייכן אויטאס אָדער וועגעלעך איז געווען זייער שווער.

אַחוץ דעם האבן די מערהייט יידן פון שטאט און פון גאליציע בכלל, ניט געטראכט וועגן אנטלויפן. אפילו די וועלכע זיינען ביים ערשטן וועלטקריג אנטלאפן קיין עסטרייך—טשעכיע אָדער אונגארן, האָבן דאָס איצט ניט פרובירט צו מאכן און אויך די רייכע וועלכע האָבן מיט פיל געלד יאָ געקאָנט דערגרייכן, טראָץ אלע שוועריקייטן, אַ וועלכן עס איז טראנספארט געלעגנהייט. געקענט האבן די דייטשן נאָך דער עלטערער דור, נאך פון די צייטן ווען דייטשלאנד איז געווען אַ „פריינט", דער פארבינדעטער מיט עסטרייך, דעם בוך „מיין קאמפף" האט אין סטריזוב קיינער ניט געלייענט. די קלאנגען וועגן די רדיפות פוּן יידן אין דייטשלאנד, עסטרייך, טשעכיען האָבן ניט גענוג אויפגעציטערט די יידן אין שטעטלעך. די סטריזובער אנטלאפענע פון דייטשלאנד וועלכע האבן זיך צייטווייליק געהאט באזעצט אין שטאָט האָבן טאקע יאָ געווארנט פאר די היינטיגע דייטשן, אבער זיי אליין זיינען אויך געבליבן אויפן פלאץ. די יידן זיינען געווען גרייט צו ליידן — נאר אויף דעם האָבן זיי זיך גערעכט מצד די דייטשן — אבי ניט צו לעבן אַ וואנדער לעבן, נאך דערצו האָבן זיי אליין געזען ווי אזוי עס ליידן די טויזענטער פליטים וואס זיינען אדורך סטריזוב צוזאמען מיט זייערע משפחות. אזא טייוולאנישער געדאנק אז מען וועט הרגנען מענשן — מענער, פרויען און קינדער — איז קיינעם גארניט געקומען אין קאָפּ, עס זיינען נאָר ארומגעגאנגען ניט באשטעטיגטע

קלאנגען וועגן שיקן יונגע מענשן אין די לאגערן אויף צוואנגס ארבייט.

צוליב די אלע סיבות האבן פארלאזט די שטאט בלויז עטלעכע משפחות און אַ ביסל איינצעלנע מענער צופוס. צווישן זיי דער שטאָט רב, ראש הקהל און אַ פּאָר כלל טוער, אויך אַ פאר רייכערע מענשן, ווייל זיי האבן מורא געהאט מ׳זאל זיי ניט נעמען פאר ערובניקעס, און אַ טייל יונגע לייט. דער וועג פון די פליטים פון סטריזוב און פון אנדערע ערטער האט געפירט דורך דינוב — אַ שטאָט וואס איז געשטאנען אויף אַ שייד וועג פון וואנעט עס האָבן געפירט וועגן אין פארשידענע ריכטונגען. עס זיינען דאָרטן טאקע שטעקן געבליבן טויזנטער מענשן — פאמיליעס וועלכע האָבן ניט געהאט מיט וואָס ווייטער צו פארן און אַ סך פוסגייער, וועלכע האָבן ניט געהאט קיין כוח און קיין געדולד ווייטער צו גיין. אויך אנגעזעענע מענשן אין זייער ווין־ארט, וואס זיינען באלד אוועק בלויז מיט דער מיינונג צו קומען אויף אַ פלאץ וואו מען קען זיי ניט, אבער ניט ווייט פון זייער געבורטס שטאָט.

פון סטריזוב זיינען געבליבן שטעקן אַ גרופע מענשן אין דוביעצקא. איינער פון זיי, ר׳ יחזקאל, דער ייִנגערער איידים פון ר׳ לוי יוסף ווינד, איז דארט געהרגעט געווארן. ווען ער איז געגאנגען אין דער פרי מיט טלית און תפילין צום דאווענען, ווי ער איז געוווינט געוועזן, האט אים אַ נאצישער זעלנער דערשאסן. אין דינוב איז געבליבן מיין שוואגער ר׳ יצחק בערנשטיין מיט זיינע 3 קינדער, ווייל ער האָט ניט געוואלט ווייטער פאָרן אים שבת. נאָך דעם נצחון פון די דייטשן און ארייננדרינגען פון די רוסן אין מזרח פוילן, זיינען זיי אלע צוריק געקומען קיין סטריזוב און עס האבן זיך אנגעהויבן בעווייזן גרופעס פליטים — קלענערע ווי פריער, אבער אין דער פארקערטער ריכטונג.

איין קליינע צאל פון די וואס זיינען צוריק געגאנגען קיין סטריזוב האבן, דערהערנדיג פון די שרעקליכע מעשים פון די נאציס, באשלאסן צוווארטן אויף די רוסן, וועלכע האָבן געדאַרפט לויטן אפמאך מיט די דייטשן דערגיין ביז צום טייך סאן. אבער די מערהייט איז אַהיים געקומען קיין סטריזוב. מיט ר׳ דוד ליבערמאן וועלכער האָט פאַרלאָזן מיט זיינע קינדער די שטאָט, האָט אויפן וועג צריק פאסירט פאלגענדעס: ווען ער האָט געדאווענט מיט נאָך אנדערע פליטים אים יום כפור אין דער שטאָט דאבראמיל זיינען אויף זיי אנגעפאלן דייטשן, זיי געפייניגט און ארויס געשלעפט אנגעטאָן אין די טליתים אין וואלד אריין, דאָרט האָט מען זיי געשטעלט פארקערט מיט דעם פנים און הינטער זייערע פלייצעס געשאסן אין די לופט. טראָץ די צרות און דעם טויט שרעק וואס זיי האבן דאן איבערגעלעבט איז ער געקומען צוריק קיין סטריזוב און דארט איז ער געווען פון די ערשטע קרבנות, ווי מיר וועלן זען ווייטער.

עס איז דאמלסט נאָך ניט געוועזן די צייט פון אלגעמיינעם פלאנירטן הרגנען פון די יידן, אבער ווי די היטל־עריסטן זיינען אריין איז יידיש בלוט תיכף געווארן הפקר. מען האָט דאמלסט געהרגעט אין דער געגנט: אין פשעמישל מער ווי 600 יידן צווישן זיי ר׳ משה דויטש, דער זון פון ר׳ וואלף דויטש פון סטריזוב. די מענשן האט מען איינגעלאדן אין דער געסטאפו לויט אַ רשימה און פון דארט איז קיינער ניט ארויס לעבענדיג. אין דינוב זיינען געהרגעט געווארן 230 מענשן, צווישן זיי אַ סך פליטים וועלכע זיינען פארבליבן אין שטאָט. די ס.ס. זיינען געגאנגען פון הויז צו הויז ארויסנעמענדיג די מענער און זיי שפעטער געהרגעט. אין סענדישוב האָט מען אים ראש השנה ארויס גענומען 50 פון די דאוונערס אין שול און פון אנדערע פלעצער. די מענשן פלעגן זיי ארויספירן הינטערן שטאָט און דארט זיי אויסשיסן. אין סטריזוב אליין האט מען געהרגעט אים ראש השנה 5 מענשן פון פרישטיק, ווי עס ווערט שפעטער דערציילט. פרויען מיט קינדער האט מען נאָך דאמלסט ניט גערירט. אויך די צוריק געהענדע זיינען געוועזן די גאנצע צייט אין סכנה.

חוץ די דייטשן זיינען אנגעפאלן אויף גרופעס יידן, בפרט אויף איינצעלנע, די אוקראינער די אייביקע יידישע שונאים. עס זיינען געוועז פאלן וואס די איבערפאלענע יידן האבן געפונען שוץ צווישן דייטשען מיליטער אליין. איין שווערער פאל איז געוועזן אין דער געגנד פון לעסקו, דארט האבן אוקראינער אויסגעהרגעט א סך פון די צוריק פארנדע צווישן זיי דעם זון פון ר׳ אפרים קנעלער פון סטריזוב. נאר איין קליינער צאל פון די מענשן דארט האט זיך געראטעוועט, געפינענדיג שוץ ביי איין אבטיילונג פון אַ דייטשע פעלד־קיך. עס איז דאמלסט אויך געהרגעט געווארן הערש, דער זון פון ר׳ בנימין בוימעל פון סטריזוב. ער האט געארבייט ביז צום קריגס אויסברוך אין קראקע, און ווען די דייטשן האבן זיך דערנעהנטערט קיין קראקע, איז ער גלייך אוועק צו זיינע עלטערן קיין סטריזוב. אופן וועג דורכפארנדיג די שטעטל פרעצלוב ביי מיעלעץ, איז ער געוועז מיט אַ גרופע אַנדערע יידן אין בית המדרש, ווען די היטלעריסטישע זעלנער האָבן אנגעהויבן קלאפן אין טיר האָט ער געעפענט, און זיי האָבן אים אויפ׳ן אָרט געשאָסן.

די צאל פליטים אין גאליציע איז געוואקסן ווייל די דייטשן האָבן ארויסגעטריבן צו דער רוסישער זייט אלע יידן וואָס האָבן געלעבט אין די ערטער נאָהענט צו דער גרענעץ וואו די רוסן האבן געדארפט פארנעמען לויטן פלאן. אבער סטריזוב האט צו דעם ניט זוכה געוועז, ווייל זי איז געוועזן 40 קילומעטער ווייט פון סאן. צו די סטריזובער פליטים איז נאר צוגעשטאנען איין קליינע צאל זעלנער וואס זיינען געבליבן אין דער רוסישער זייט, נאכדעם ווי די פוילישע ארמיי איז זיך פאנאנדער געפאלן. דער גרעסטער צאַל האָט זיך קאנצענטרירט אין לעמבערג און דארט האבן זיי געזוכט הילף ביי די שטאָטישע. דארט האָט זיי אַ סך געהאלפן די משפחה שיף, ריישער צירינג סוחרים, וועלכע

האבן געהאט אַ הויז אין לעמבערג, און ר׳ שלום וואלאך פון טשיץ׳, אַ געטראנק פאבריקאַנט, איידער די רוסן האבן קאנפיסקירט די פארמעגנס. זיי האָבן זיך אויך בעגעגנט אין געשעפט פון יוסף ווייגבערג, און אויך אין אנדערע הייזער פון סטריזובער וועלכע האָבן געוווינט אין לעמבערג ובפרט אין דער דירה פון ר׳ פישל גולדבערג, אליין אנ׳אנטלאַפענער מיט זיין משפחה פון סטריזוב, וואס האט דארט געהאט אַ גרויסע דירה. אלע סטריזובער האבן דארט געפונען הילף און ספעציעל האָט זיי מקרב געווען זיין פרוי פייגע, וועלכע האט, אויך אין סטריזוב געשטיצט ארעמע לייט, וועלכע פלעגן קומען מיט וועגעלעך, זיי ארייגשטעלן אויף שבת אין הויף און די פערד אין די שטאלן אריין.

אין משך פון 9 חדשים זיינען די פליטים געווען אין לעמבערג און אין דער סביבה, ביז יוני 1940 ווען מען האט אלעמען ארויסגעטריבן טייל אין צוואנגס לאגערן, טייל אין פארשיקונגס ערטער. דאס איז געווען נאכדעם ווי דער גרעסטער טייל פליטים האָט דעקלארירט אז זיי ווילן בעסער אַהיים פארן איידער ווערן סאוויעטישע בירגער און באקומען סאוויעטישע פעסער. אין דער צייט זיינען אַ סך אהיים געפארן אויף אונלעגאלן וועג. די ידיעות וואס זיינען דאן געקומען פון סטריזוב זיינען ניט געווען קיין שלעכטע, יעדער האט דארט געהאט א משפחה וואס האט געבענקט נאָך איר, און אַ חוץ דעם האבן א סך ניט געקענט זיך צוגעוויינען צום סאוויעטישן לעבנסשטייגער. דאס זיינען אויך געווען די סיבות וואס פיל וועלכע זיינען דאן ניט צוריק געפארן האבן דערקלערט אז זיי ווילן דאס מאכן אויפן אפיציעלן וועג און צוליב דעם זיינען זיי געראטעוועט געווארן ווייל מען האט זיי פערשיקט אויף אַזעלכע פלעצער וואו די נאציס האבן זיי ניט דערגרייכט. אלע צוריק געקומענע איז געלונגען אריבער צו גיין די גרענעץ און אהיים צו קומען בשלום, אחוץ איין שרעקליכער אומגליק־ספאל פון דער פרוי. וויטא פופער, די טאָכטער פון ר׳ אליעזר לאס, וואס מען האט זי צוזאמען מיטן מאן פערטריבן פון דינוב — נאכן מאסן מארד — אויף דער רוסישער זייט. ווען זי איז איינמאל צוריק קומענדיג פון אַ באזוך ביי אירע עלטערן אין סטריזוב אדורך די גרענעץ, איז זי דורך די וואָך דערשאָסן געוואָרן — צו די רוסן אדער די דייטשן האבן דאס געמאכט איז ביז היינט ניט באקאנט — נאך א מסירה פון א קריסט.

די סטריזובער האבן אויך פרובירט אריבער די גרענעץ אויף אַ לעגאלן וועג מיט אנ׳ערלויבעניש פון די קאמיסיע פארן באפעלקערונגס אויסטויש, וואס האט פונקציאנירט אין פשעמישל, צו זייער גליק איז דאס זיי ניט געלונגען. מיט אזא ערלויבניש זיינען אַ סך יידן אריבער צוריק צו די דייטשן ניט אויסגעבנדיג זיך אלס יידן. די אומגליקלאכע וואס האבן זיך געפרייט ווען זיי האבן אַזא ערלויבניש באקומען האבן ליידער ניט געוואוסט אז זיי גייען צום טויט.

די קאמיסיע האט זיך דערנאך איבער געטראגן קיין לעמבערג און דארט ארויסגעגעבן ערלויבנישן צוריק צו קומען קיין פוילן פאר פאליאקן און אויך איינצלנע יידן, וואס זייערע משפחות האבן זיי פארזארגט באשטעטיגונגען פון די אָרטיגע דייטשע מאכט, אז זייער צוריק קומען איז נויטיג פאר דער ווירטשאפט.

צענדליגער טויזנטער פליטים אין לעמבערג און אין גאליציע וואס האבן דערקלערט אז זיי ווילן צוריק פארן האבן אויף דעם געווארט מיט אונגעדולד און זיינען אויך געווען זיכער אז די קאמיסיע ארבעט פאר זייער צוריק קומען. אין דער שטרעבונג אז דאס צוריק פארן זאל זיין מיט אַ סדר, האבן זיי זיך ארגאניזירט אין גרויסע גרופן מיט א צענטראלע אָנפירערשאפט. זיי האבן אין דער ארגאניזירונג ארייגעלייגט פיל ארבעט, אבער צו זייער גליק האט מען זיי ניט געלאָזט צוריק אַהיים.

ווי עס איז שוין דערמאנט געווארן האָט מען פארנומען אין יוני 1940 אלע איינצלנע פליטים וואס האבן דערקלערט אז זיי ווילן צוריק פארן, און מען האט זיי פארשיקט אין צאוונגס לאגערן וואס זיינען געווען אין פארשידענע טיילן פון רוסלאנד, און די משפחות האט מען פארשיקט מיט לאסט וואגאנען אין ווייטע געגנטן, על פי רוב אין סיביר און אין ווייטן צפון. פון די סטריזובער פליטים משפחות בין נאר איך און מיין משפחה פאַרשיקט געוואָרן ווייל די פאמיליע גאלדבערג און ד״ר פרענקעל האבן באַקומען סאוויעטישע פעסער. אויך ד״ר צ׳וואל, דער איינציגער יידישער דאקטאָר אין סטריזוב וואס איז אנטלאָפן אליין, און האָט דערנאָך אריבער גענומען זיין משפחה אויף די רוסישע זייט בשעת׳ן באפעלקערונג אויסטויש, איז געבליבן אויפן פלאץ, און איז געוויס געהרגעט געוואָרן צוזאמען מיט די יידן אויפן ארט וואו ער האָט זיך באַזעצט. אויך זיינען געבליבן אויפן פלאץ פיל יחידים צוזאמען מיטן רב ר׳ קלמן, אדער זיי האבן גענומען סאוויעטישע פאספארטן אדער זיי האָבן זיך ארויסגעדרייט פון דער פארשיקונג און דערנאָך באקומען די פעסער און זיינען געבליבן אין לעמבערג אדער אין דער געגענד. ווען די דייטשן האָבן אין 1941 איינגענומען לעמבערג זיינען כמעט אלע פליטים צוריק אוועק אהיים צו זייערע פאמיליעס און דאָרט איז געווען זייער גורל גלייך ווי פון אלע יידן. פון דער פאמיליע גאלדבערג זיינען פארבליבן נאר 2 זין אלעזר וועלכער איז אריין אין רוסישן מיליטער, און מנחם, וועלכער האָט ביים קריגס אויסברוך געלערנט אין איטאליע, איז אַריין אין דער אונטערגרונד באוועגונג פון די אנטינאציס. ד״ר פרענקעל, אהיים קומענדיק אמאל פון דער ארבעט האט ניט מער געטראפן זיין פרוי מיט די צוויי טעכטער, ווייל די היטלעריסטן האָבן זיי אין זיין אפוועזנהייט פארשיקט, און זיי זיינען מער ניט צוריק געקומען. ער אליין איז געבליבן לעבן אויף ארישע פאפירן אין קראקע אלס דאָקטאָר וואצלאוו וויעז׳ביאנסקי, און נאָך דער מלחמה איז ער געווען דער אדוואקאט פון די סטריזובער

וועלכע זיינען צוריק געקומען פון רוסלאנד קיין פוילן.

די סטריזובער אין רוסלאנד האבן געליטן כל מיני צרות, ארעסטן, צוואנגס ארבעט, הונגער, קראנקהייטן און עפידעמיעס. פיל זיינען אויסגעשטאָרבן און דארט באגראבן געווארן. צווישן זיי ר׳ נפתלי האלבערשטאם דער איידעם פון סטריזובער רב ר׳ אלתר זאב, וואס איז געוועזן דער ארגאניזאטאָר און פארזיצנדער פון דער אגודה „שלומי אמוני ישראל״ אין שטאָט. אויך דעם רב׳ס אייניקל ר׳ מנשה פרענקל פון סענדישוב וואס האט זיך אליין פארפייניגט אין צוואנגס לאגער ניט וועלנדיג עסן קיין טרפות, און פסח האָט ער געלעבט פון אפאר שטיקלעך צוקער וואס ער האט אבגעשפאָרט פון זיין צוטיילונג אדער וואָס אנדערע האָבן אים געשיינקט, אבי ניט צו עסן קיין חמץ, ביז ער האט ניט מער אויסגעהאלטן און געשטאָרבן אין לאגער. ר׳ גרשון האלעס דער למדן און זיין קוזין ר׳ יוסף קנעללער זיינען געשטארבן בעת דער עפידעמיע אין איינע פון די דרום אסיאטישע רעפובליקן פון סאוויעטישער רוסלאנד, שוין נאכן באפרייען די ארעסטירטע אלס פועל יוצא פון דעם אפמאך סטאלין — שיקארסקי. ר׳ יוסף קנעללער האָט געהיט אַ גאנצע צייט זיין גאלדענעם זייגער וואס ער האט באקומען בשעת ער איז אַ חתן געוואָרן, ווי געוויינליך אין גאליציע, האפנדיג אז דער זייגער וועט אים ראטעווען אין אַ עת צרה, און צום סוף איז דער זייגער פאריתומט געוואָרן. ר׳ אהרן טויב וואס איז צום צווייטן מאל ארעסטירט געווארן שוין נאך דער באפרייאונג ווייל ער האט ניט געוואלט נעמען קיין סאוויעטישן פאס וואס מען האט דאמלסט געצווונגען אלע פוילישע בירגער אנצונעמען. ער האט מורא געהאט אז צוליב דעם פאס וועט ער ניט קענען אהיים פארן צו די פרוי און קינדער, איז ער אויך געשטארבן אין לאגער פון אויסמאטערונג. ר׳ מרדכי ווייטמאן איז געשטארבן אין סאמארקאנד. איינע פון די טעכטער פון ר׳ אלתר יעקב ווייכסלבוים איז געשטארבן פאר הונגער צוזאמען מיט איר מאן אין דער שטאט דזאמבול. אנדערע סטריזובער וואס האבן דאָרט געוווינט האבן זיך דערפון דערוואוסט ווען עס איז שוין ניט געוועז מעגלעך צו העלפן. צוויי זין פון ר׳ פייבל הויבן זיינען געשטארבן פאר הונגער אין אַ פארווארפענעם קאלחאז. דער יונגער שמואל צוויבל, אַ אייניקל פון דער משפחה גערטנער וואס איז געקומען קיין סטריזוב ווען די דייטשן האבן ארויסגעטריבן פוילישע יידן פון דייטשלאנד, איז באלדביים קריגס אויסברוך אוועק קיין מזרח, נאכן באפרייאונג איז ער אָנגעקומען ערגעץ אין א סאָווחאז אין קאזאקסטאן און דארט איז ער געשטאָרבן איינזאם און פארלאָזט. ערגעץ אין רוסלאַנד איז געשטאָרבן ליפצ׳ה גלייכער, די טאָכטער פון ר׳ זישא הירשפעלד פון לוטצ׳א מיט אין מאן זישא און נאך פיל אנדערע האָט געטראפן דער זעלבער גורל.

דער גרעסטער טייל פארשיקטע סטריזובער יידן איז צוריק געקומען אין די יארן 1945—1946, אַ טייל האָבן אויס־

געוואַנדערט אין פארשידענע לענדער, דער עיקר אמעריקע, די מערהייט איז אוועק קיין ישראל און זיך דאָ באזעצט.

נאר איינער פון די צוריקגעקומענע האט ניט זוכה געוועזן עולה צו זיין, דאס איז נפתלי רוט — ביז צו דער מלחמה איין אקטיווער אין ציוניסטישער יוגענדארגאניזאציע. זיין געזונד איז אונטערגעריסן געוואָרן צוליב דעם קלימאט און דעם לעבן אין רוסלאנד, אויך פון די שווועריקייטן פון צוריק פארן אין לאסט וואגאנען. אין פוילן איז ער אריין אין אַ סאנאַטאריום און דאָרט איז ער געשטאָרבן, נאך איין גליקלאכן טאָג וואס האבן אים פערשאפט מיט זייער באזוך צוויי קרובים פון סטריזוב.

קיין סטריזוב זיינען די דייטשן אריין זונטיק דעם 10 סעפטעמבער 1939. די ארטיגע יידן וואס האבן מורא געהאט פאר דעם ווי פאר יעדער אונבאקאנטער זאך, האבן דאָך געהאָפט אז זייער לעבן וועט זיך איינאָרדנען אזוי ווי ביי דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען די רוסן האבן איינגענומען די שטאָט צום ערשטן און צום צווייטן מאל. זיי האָבן זיך איבערצייגט אז זייער פחד איז געוועזן בארעכטיגט און זייער האפנונג אַ פאלשע.

אזוי ווי די היטלער־זעלנער זיינען אריין קיין סטריזוב האבן זיי באלד אנגעהויבן צו פייניגן די יידן. זיי פלעגן שלאגן, אויסרייסן בארד און פיאות, און זייער גאנצע ווילדע אויפפירונג האט אבגעווארפן אַ טויט שרעק. זיי האבן גערויבט יידישע געשעפטן צונעמענדיג יעדער ווערט זאך.

די מאכט האָט זיך געפונען אין אנהויב אין די הענט פון מיליטער. די קאמאנדאטור האָט זיך געפונען אין שלאָס פון דער פאמיליע וואלקאוויצקי און אַ סך אבטיילונגען זיינען געוועזן אין פריוואטע הייזער, אויך אין יידישע ווי ביי ר׳ מיכל שיץ און ר׳ שמואל פייט.

ביז ראש השנה האט זיך אַ ביסל בארוהיגט און דאָך האָבן יידן ניט געדאוונט אין די עפנטליכע שולן נאר באהאלטענער הייט אין די קעלערס און אויף בוידימער, ווי אין דער צייט פון דער שפאנישער אינקוויזיציע.

דעם צווייטן טאָג ראש השנה איז פארגעקומען אַ שרעקליכער פאל וואס האט קלאר געוויזן די יידן אז זייער לעבן איז הפקר און זיי זיינען אפהענגיק פון יעדן קלענסטן נאצישן סאלדאַט. די דייטשן האבן דאן געבראכט אין אַ לאסט אויטא פינף יידן פון דער שטאָט פריסטיק וואס זיי האבן זיי ארויסגענומען פון בית המדרש נאך איינגעהילט אין די טליתים, און זיי דערשאסן אין דעם לענטאווניער וואלד, דארט וואו יידן פלעגן שפאצירן שבת און יום טוב. צווישן די דערשאָסענע איז געוועזן איינער פון דער משפחה פוטערבייטל, איינער דער זון פון ר׳ יהושע צאנגער — ער אליין איז אנטלאפן פון פריסטיק, איז שטעקן געבליבן אין דינוב און איז געוועזן צווישן די 230 געשאָסענע פון דינוב — איינער פון די משפחה קראכער, אייגנטימער פון דער שטיינ־

האקעריי אין דארף טשעשימא. זיי זיינען באַגראָבן געוואָרן אויפן פּלאַץ, און ערשט דערנאָך נאָך פיל באַמיהונגען פון די סטריזשובער יידן און ספּעציעל פון ר׳ מיכל שיץ, האָט מען זיי געבראַכט צו קבר ישראל.

כדי די יידן זאָלן אויף קיין איין מינוט ניט פאַרגעסן אין וואָס פאַר אַ צייטן זיי לעבן איז געקומען אַ צווייטער פאַל ערב יום כיפור, וואָס צום גליק האָט ער זיך געענדיקט אָן טראַגישע פאָלגן. אויסניצנדיק די צייטווייליגע באַרוהיגונג זיינען אַ ביסל יידן געגאַנגען אין מקווה אַריין לכבוד דעם הייליקן טאָג. אין דער זעלבער צייט איז אָנגעקומען אין שטאָט אַריין אַ אויטאָ פול מיט סאָלדאַטן וועלכע האָבן געוואָלט זיך אַ ביסל אונטערהאַלטן אויפן חשבון פון די יידן. זיי האָבן באַמערקט די יידן גייענדיק אין באָד אַריין, אָדער עמיצער האָט זיי אָנגעוויזן אויף זיי, זיינען זיי באַפאַלן די באָד. אַ סך יידן זיינען האַלב נאַקעט אַנטלאָפן און זיך באַהאַלטן אין דער סביבה, פיל זיינען געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן, וועלכע האָבן זיי געבראַכט אויפן שטאָטמאַרק. ערשט נאָך דעם ווי יידישע מיידלעך האָבן זיך געבעטן ביי די זעלנער האָט מען זיי באַפרייט.

עס זיינען געקומען טעג פול מיט פּחד און זאָרג, אַנשטאָט די מיליטערישע קאָמאַנדאַנטור איז געקומען אַ ציווילע מאַכט, און די צרות האָבן אָנגענומען אַן אַנדער פאָרם. אַנשטאָט ווילדע רדיפות זיינען געקומען איינס נאָכן אַנדערן „געזעצליכע" רדיפות וואָס האָבן די יידן דערדריקט ביז גאָר.

דער דייטשער קאָמאַנדאַנט קעלער איז ניט געווען קיין ספּעציעל שלעכטער מענש, ער האָט אפשר צו די באַפעלן וואָס ער האָט אַליין באַקומען פון די העכערע מאַכט אָרגאַנען גאָרניט צוגעגעבן זיין אייגנס, אָבער דאָס איז אויך שוין גענוג געווען צו פאַרביטערן דאָס לעבן פון די יידן.

באַלד ווי עס איז איינגעפירט געוואָרן די ציווילע מאַכט האָט מען באַשטימט אַזוי ווי אומעטום אַ יודנראַט פון 8—10 חברים, וועלכע זיינען די פאַרבינדונגס־מענער צווישן די יידן מיט דער מאַכט. אַלס פאָרזיצנדער האָט מען באַשטימט ר׳ אברהם בראַוו, אַ ציוניסטישער טוער. די חברים זיינען געווען ר׳ יעקב רוזן, ר׳ אהרן דויטש, ביידע שטעטישע טוער — מיטגלידער פון לעצטנס אויסגעוויילטן וועד הקהילה, ר׳ אלימלך וואַלדמאַן פון „מזרחי", שינאַגל פון גאָרליץ, אַ שוואָגער פון דעם סטריזשובער אַדוואָקאַט ד״ר סאַמועלי — ער איז געקומען פון גאָרליץ קיין סטריזשוב ווי עס האָבן דאָמאָלסט פיל איינוווינער געביטן זייערע וווינערטער, פאַרנדיק אין שטעט וואו מען האָט זיי ניט געקענט — און נאָך אַנדערע. מען האָט אויך צובאַשטימט צום יודנראַט צוויי אַרויסגעטריבענע פון קאַליש וואָס האָבן געוווינט אין סטריזשוב.

דער יודנראַט האָט זיך די גאַנצע צייט אויפגעפירט מיט יושר און ערנטליכקייט. ער האָט שטענדיק געהאָלפן דער יידישער באַפעלקערונג, און זיך באַמיט ווי ווייט מעגליך פאַרלייכטערן די נאַצישע גזירות אויף יידן.

ר׳ יעקב רוזן איז געהרגעט געוואָרן נאָך אין סטריזשוב. ר׳ אהרן דויטש איז געשיקט געוואָרן אין פאַרניכטונגס לאַגער צוזאַמען מיט זיין משפחה פון ריישער געטאָ. ר׳ אלימלך וואַלדמאַן איז געווען איינער פון די אַקטיוויסטע טוער, ער האָט שטענדיק געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די דייטשן, נאָך אין ריישער געטאָ האָט ער זיך באַמיט לטובת זיינע ברידער. ער, ווי דער רוב יידן, האָט אויך געגלויבט אַז דורך שתדלנות קען מען מבטל מאַכן די גזירות. ווען די נאַציס האָבן געשיקט זיין פרוי מיט די קינדער אין פאַרניכטונגס לאַגער האָבן זיי אים געוואָלט נאָך איבערלאָזן אין ריישער געטאָ, אָבער אַזוי ווי פיל אַנדערע, האָט ער ניט געוואָלט בלייבן און איז מיט זיי אַוועק זיין לעצטן וועג. ר׳ אברהם בראַוו און שינאַגל זיינען געווען אַקטיוו אין יודנראַט אויך אין ריישער געטאָ און ביז צום אַרויסשיקן די לעצטע סטריזשובער אין פאַרניכטונס לאַגערן זיינען זיי נאָך דאָרט געווען. זיי זיינען געווען פון די לעצטע צום פאַרניכטן.

איינע פון די ערשטע גזירות איז געווען דער פאַרבאָט צו פאָרן מיט דער באַן, און שפּעטער האָט מען בכלל ניט געטאָרט פאַרלאָזן די שטאָט. כדי אַרויסצופאָרן פון שטאָט האָט מען געדאַרפט אַ ספּעציעלע דערלויבניש פון דער אָרטיגער מאַכט און אין די „גוטע" צייטן, איז ניט געווען שווער פון קאָמאַנדאַנט קעללער דאָס צו באַקומען. אָבער צו פאָרן מיט דער באַן האָט מען שוין געמוזט האָבן אַ דערלויבניש פון דער קרייז קאָמאַנדאַנטור פון ריישע, און דאָס האָט מען נאָר געקאָנט באַקומען דורך דער פאַרמיטלונג פון יודנראַט. אַזאַ דערלויבניש האָט געהאַט יצחק לייב רוזן, ער איז געווען דער איינציקער אָפיציעלער פראַכטער אין שטאָט. ער פלעגט אויך קענען אַריין קומען אין ריישער געטאָ וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָך פריער, אין די צייטן ווען סטריזשובער יידן זיינען נאָך געזעסן אין זייערע אייגענע הייזער, אָבער אין אַלגעמיין זיינען יידן געפאָרן נאָר ווען מען האָט געמוזט, ווייל יעדע נסיעה איז געווען פאַרבונדן מיט סכנת נפשות.

די צווייטע גזירה איז געווען צוואַנגס אַרבעט. יידן און אויך אַ געוויסע צאָל פּאָליאַקן האָט מען געצוווּנגען צו אַרבעטן. יעדער איינער אַ פּאָר טעג אין וואָך. טיילמאָל האָט מען גענומען אויך פרויען צו דער אַרבעט. די יידישע אַרבעטער האָט געשיקט דער יודנראַט. אין סטריזשוב זיינען געווען צוויי דייטשע אונטערנעמונגען, די מיליטערישע „האָך און טיעפבוי — טאָט" און איין פּריוואַטע אונטערנעמונג „קירכהוף". ביידע האָבן געגעבן די אַרבייטער עסן און אויך אַ געוויסן לוין, און צוליב דעם זיינען יידן אָן פּרנסה אַליין געגאַנגען דאָרט אַרבעטן. „טאָט" האָט זיך בעסער באַצויגן צו די יידן ווי „קירכהוף", דאָרט פלעגט מען שלאָגן און פייניקן די יידן. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע ביים בויען וועגן, טונעלן, שטיין האַקעריי און לאָדן לאַסט וואַגאָנעס.

ס׳איז אויך געווען באַזונדערע אַרבייט ספּעציעל צו

באליידיגן און דערנידריגן יידן. זיי האבן געמוזט אויסרייסן מצבות פון אלטן בית הקברות און זיי באגראבן אין דער ערד כדי צוגרייטן דעם באדן אויף אַ שטאָטישן גארטן. אין די אנדערע 3 בתי הקברות האט מען די מצבות ארויס געריסן ערשט נאכ׳ן פארטרייבן די יידן. מיט די בעסערע, פון לעצטן בית הקברות האָט מען אויסגעפלאסטערט דעם שטאָט פלאץ. וואס מען האָט געמאַכט פון די אנדערע — ווייסן מיר ניט.

די ערגסטע ארבעט איז ניט געווען די אויבן דערמאנטע, וועלכע זיינען געווען נוצליך פאר דער דייטשער קריגס ווירטשאפט נאר פארקערט, די אזוי גערופענע לייכטע ארבעט, וואס מען האט איבערהויפט ניט באדארפט, נאר מען האט דורך זיי געוואלט דערנידעריגן דעם כבוד פון דעם יידן — ווי קערן די גאסן, אויספירן פארשידענע נידריגע ארבעט אין די דירות פון די היטלעריסטישע סאָלדאטן און בעאמטע. מען האט געכאפט יידן, מענער און פרויען, מערסטנס שבת און יום טוב און דאביי האט מען פון זיי חוזק געמאכט, געשניטן בערד און פיאות און זיי באליידיגט ווי עס איז נאר מעגלעך געווען. אַ חוץ סטריזובער האט מען באשעפטיגט ביי די ארבעטן אומגעפער 1000 יונגע יידישע ארבעטער פון ווארשע, ראדאם און קאליש, וועלכע מען האט ארגאניזירט אין ארבעטס גרופן מיט יידישע אנפירער, באגלייט דורך יידישע פאליציאנטן. זיי האבן געוווינט אין הילצערנע בוראקן אויסערן שטאָט, אין צייטווייליגע ארבעטס לאגערן וואס זיינען געווען אויפן גאנצען וועג פון סטריזוב ביז פריסטיק. די סטריזובער יידן איז געווען פארבאטן זיך צוזאמען קומען מיט זיי.

איינער פון די פייניגער פון די יידן איז געווען פון אנפאנג דער געוועזענער קריסטליכער בעדינער פון בית־המדרש, סיבירצא — אַ אוקראינער אַ פעטליורציק, וועלכער איז צוזאמען מיט אנדערע בעת דער רוסישער רעוואלוציע אנטלאפן קיין פוילן. ער האט זיך באזעצט אין סטריזוב, און די יידן מיט זייער איבערטריבענער טאלעראנץ, האבן אים פארזארגט מיט ארבעט און געגעבן אים אַ הייזל צום וווינען ביים בית המדרש. איצט איז געקומען זיין צייט אפצוצאלן פאר די טובה, און ער האט די יידן אנגעטאָן צרות וויפיל ער האָט נאר געקענט. אבער מיט דער צייט האט ער פארלארן דעם חן אין די אויגן פון די דייטשן, און ווען ער האט אַ מאָל געמסרט אויף איינעם אַ פאליאק, אז ער האט זיך שלעכט אויסגעדריקט אויף די דייטשן, האט יענער ווידער געזאגט אז דווקא ער האט דאס גערעט שלעכטס אויף זיי. לויט דעם יושר פון די נאציס האבן זייביידן אוועק געשיקט אין לאגער — זיי זיינען געווען פון די געציילטע קריסטן וואס מען האט פארשיקט — פון דארט זיינען זיי שוין מער אין שטאָט ניט צוריק געקומען.

אין שטאָט אריין האט מען געבראכט יידן פון קאליש וואס איז געווארן צוגענומען צום דייטשן רייך. דער יודנראט האט געזארגט פאר זיי דירות, אין אנפאנג צייטווייליג אין די בתי מדרשים, דערנאך אין די געשעפטן וואס די בעלי בתים האבן ניט געפירט, און אויך צוזאמען מיט שטעטישע יידן אין זייערע דירות. די יידן האבן זיי געשטיצט אַ טייל האט געארבעט אין דייטשע אונטערנעמונגען און פלעגן אויך באקומען צוגעטיילט עסן אויף ביליגע פרייזן. ס׳פארשטייט זיך אז זיי האבן געהאט אויסצושטיין אלע צרות גלייך מיט די סטריזובער יידן.

ביז צום ארויסשיקן די יידן אין געטא האט מען ווייניג יונגע לייט געכאפט צו צוואנגס ארבעטן, אבער פון צייט צו צייט פלעגן פארקומען אזעלכע „אַקציעס". בשעת איינער פון זיי איז געכאפט געווארן אין טארנוב יצחק לייב רוזן, נאר אזוי ווי ער האט געוויזן זיין ספעציעלן ערלויבניש ארומצופארן, און א חוץ דעם האָט ער געהאט צו באַווייזן אַ צייגניש פון אַ דייטשער פירמע פון סאָניק, באשטעטיגט דורך דעם גענעראל גאווערנעמענט, אז ער איז דער אויפקויפער פון פרוכטן פאר דעם מיליטער, האט מען אים באפרייט.

דער גרעסטער צאָל ארבעטער איז דאן געשיקט געווארן אין לאגער פון פוסטקוב אדער ביעשאדקא אין מערב גאליציע.

די יידן מיט זייער שטארקן לעבנס ווילן האבן זיך מיט דער צייט צוגעפאסט צו דער לאגע און טראָץ אלע גזירות און רדיפות, האבן זיי זיך באמיט צו געפונען נייע פרנסה־קוואלן. אַ סך געשעפטן זיינען געווען צורויבט און אָן בעלי בתים, אבער די געבליבענע האָבן זיך באמיט צו פארקויפן די סחורות וואס עס איז זיי געלונגען צו באהאלטן, אדער זיי האבן געבראכט פרישע סחורות. דאס ברייננגען איז געווען פארבונדן מיט סכנות נפשות. די בעלי מלאכה פון שטעטל האבן אויך געארבעט ביסלאכווייז. די פרנסה איז אנגעקומען זייער שווער. אַ סך האבן אויספארקויפט שטוב זאכן אדער געביטן זיי פאר עסן, וואס פויערים פלעגן ברייננגען אין שטאָט אריין ווייל יידן האָבן ניט געטאָרט גיין אין דאָרף אריין.

אויך די מצות צדקה וואס איז אנגעווארצלט ביי יעדן ייד, האָט זיך ארויסגעוויזן אין די שווערע צייטן. ווער עס האָט נאר געקענט האט געהאלפן אַ צווייטן, אבער דאס האָט געמוזט זיין בעהאלטן און ניט ארגאניזירטערהייט, ווייל יעדע ארגאניזאציע אַ חוץ דעם יודנראט איז געוועזן פארבאטן, און פאר יעדן איבערשרייטן די נאצישע געזעצן איז געוועזן נאָר איין שטראף — טויט שטראָף.

יידישע מוסרים זיינען אין שטאט ניט געוועזן. עס זיינען געווען צוויי יידישע פאליציאנטן וואָס האָבן געהאָלפן די דייטשן דורכצופירן די געזעצן און עס פארשטייט זיך אז די יידן פון סטריזוב האָבן זיי אויסגעמיטן ווי ווייט מעגלעך. אויף איינעם פון זיי האָט מען דערציילט אז ער פלעגט אַ דאנק זיין פאסטן ארויספרעסן געלד ביי פערשידענע מענשן. טראָץ דעם זיינען זיי געווען ווייט פון צו זיין ענלעך צו די יידישע „קאפוס", וועלכע זיינען געווען טרויעריג בעקאנט פון אנדערע געטאס. צום סוף

האט מען זיי אליין אויך געשיקט צוזאמען מיט אלע אנדערע אין ריישער געטא, וואו זיי זיינען אומגעקומען.

זיי האָבן געהאט אַ פּאָר העלפערס וואָס דער יודנראט אדער די דייטשן אליין האָבן באשטימט, איינער פון זיי אפילו פון אַ מיוחסדיקער משפּחה אין סטריזוב — אבער זיי זיינען נאר געווען פשוטע העלפער וואס האבן אויסגעפירט די באפעלן פון די העכערע פון זיי.

די יידן האבן זיך אזוי געהאט צוגעפאסט צו די צרות אז אויב ס׳איז געווען אַ לענגערע צייט שטיל אָן נייע גזירות פלעגן זיי טרייבן צו זייערע משפחות וועלכע זיינען געבליבן אויף דער רוסישער זייט, אז זיי זאָלן אַ היים קומען.

ווי איך האב שוין איינמאל געשריבן האבן די פון דער רוסישער זייט שטארק געבענקט אַ היים און א סך פון זיי האבן זיך בשום אופן ניט געקענט צופאסן צום רוסישן רעזשים, פלעגן זיי אויף אַ אונלעגאלן וועג צוריק קומען. אבער אויך אין די אזוי גערופענע „רוהיגע צייטן״ פלעגן פארקומען פאלן וואס האבן ניט געלאזט די יידן פארגעסן אין וואס פאר אַ לאגע זיי געפינען זיך. דאָס ערגסטע איז געווען דאס הרגענען יידן פאר דער קלענסטער עבירה געגן די נאצישע אונטערדריקונגס געזעצן.

טראָץ דעם האבן די יידן נאך אלץ געהאפט אז די צרות וועלן זיך דאָך אמאָל ענדיגן. יעדער פאל פון הרגענען האָט אויפגערודערט די יידן, אַבער מען האָט זיך איינגערעדט אז דאָס איז איין איינצעלנער פאל דורך וועלכע ס׳איז סיבות, אבער די וואס וועלן זיין פארזיכטיק וועלן ווי עס איז איבערלעבן די שווערע צייטן. אפילו ווען מען האט שוין געשיקט די יידן אין געטא, האבן זיי געזען אין דעם נאָך איין שווערע צרה, וואָס מאכט נאך שווערער דאָס לעבן ביז צו דער גרענעץ פון קענען אויסהאלטן, אבער קיינעם איז אפילו אויפן געדאנק ניט געקומען די מעגליכקייט מ׳זאל אויסהרגנען אלע יידן, וואס איז שוין דאמלסט באשלאסן געווארן אין די נאצישע רעגירנדע קרייזן.

דער ערשטער פאל פון הרגענען אַ ייד האט פאסירט נאך אין 1940. דער דייטשער קאמאנדאנט וואס האט פארטראטן קעללערן, וועלכער איז געווען אויף אורלויב, האט באגעגנט ר דוד ליבערמאן אויף דעם גאדאווער בריק, האט ער אים באפוילן צו קומען אין די קאמאנדאנטור. מען דערציילט אז ווארשיינלאך האט ר׳ דוד געוואלט קומען צו פיליפאוויטשן, דער גוטבאזיצער פון גאדאווא, וואס פלעגט מיט אים אמאל האנדלען, כדי צו באקומען אַ ביסל לעבנסמיטל פאר דער פאמיליע. ער האט זיך געשלאגן מיט דער דעה צו זאל ער גיין אדער ניט צום קאמאנדאנט. צום סוף האט ער איינגעזען אז ער האט ניט קיין ברירה, איז ער יא געגאנגען און שוין מער ניט צוריק געקומען. די היטלעריסטן האָבן אים ארויסגענומען פון קאמאנדאנטור וואָס איז דאַן געווען אין הויז פון נאטאר באנסקי, אוועק געפירט אין פעלד, און גייענדיג אויפן וועג האבן זיי אים דערשאסן מיט א קויל אין קאָפּ פון הינטן. זיין קערפּער האָט מען דערנאָך איבער־געגעבן די פאמיליע וואס האט אים געבראכט צו קבר ישראל.

די רדיפות האבן זיך פארשטארקט נאך מער נאכדעם ווי אמעריקע איז צוגעשטאנען צום קריג. ערב פסח 1941 האט מען ארויס גענומען פון ריישער תפיסה 18 יידן אמעריקאנער בירגער, צווישן זיי משה רוזן פון סטריזוב, (זיינע דריי ברידער זיינער געבליבן לעבן) און מען האט זיי אלע געשאסן אויף דעם יידישן בית הקברות פון ריישע, וועלכן די היטלעריסטן האבן געמאכט פאר אנ׳ארט צו הרגענען יידן.

אין דער זעלבער צייט האבן די דייטשן געפאדערט פון אלע יידן זיי זאלן אבגעבן אלע פעלצן וואס געפינען זיך ביי זיי. קורץ נאָך דעם האָט מען געפונען ביי ר׳ שמואל סאפיר א פעלץ קראגן, האָט מען אים אין שטוב דערשאָסן.

דער שווערסטער פאל איז געווען דעם 4/5 1942 ווען ס׳איז אנגעקומען אין שטאָט אריין אַ גרופּע ס.ס אדער געסטאפּו כדי אפצורעכענען זיך מיט די וואס זיינען אנטלאפן קיין מזרח, און אזוי ווי די רוסן האבן זיי ניט פארשיקט, זיינען זיי צוריק געקומען קיין סטריזוב נאָכדעם די דייטשן האבן פארנומען די ערטער וואו זיי זיינען געווען. פון די אלע האָבן זיי געפונען נאָר דעם אדוואקאט ד״ר ראזענטאל, זיי האָבן אים אוועק געפירט אויף דעם ווירשטאפטס הויף פון גלח און האבן אים געהרגעט גייענדיג אויפן וועג, ווי זייער שטייגער, דורך אַ שאָס אין קאָפּ. די אנדערע צוריק געקומענע, צווישן זיי יחיאל ראזען, משה גערטנער און זיין שוואגער צבי ליכטמאן האָבן זיך באצייטנס באהאלטן, האָבן די נאציס געהרגעט אנדערע זעקס אויף זייער פלאץ. אַ טייל האבן זיי געטראפן ביי ר׳ שמואל משה גרוסקאפף אין שטוב וואו זיי האבן זיך בעראטן וועגן צדקה־עניים און אַ טייל פשוט פון גאס גענומען. אין דעם טאָג זיינען דערהרגעט געווארן חוץ ד״ר ראזענטאל, אויך ר׳ שמואל משה גרוס־קאָפף, ר׳ יעקב ראזען, ר׳ משה שעפלער, ר׳ זיינבל גרינבלאט, ר׳ משה פנחס איזמאן (פינטשע יהודה נתן׳ס) און נאך איינער וואס זיין נאמען איז אונז ניט באקאנט.

דער מארד האט שוין אינגאנצן דערדריקט די סטריזובער יידן און זיי זיינען שוין מער צו זיך ניט געקומען ביז צום ארויס שיקן וואָס איז באלד נאָכדעם געקומען. דורך סטריזוב פלעגן אויך כסדר דורכפארן באנען פול מיט יידן וואָס מען האט געשיקט אין אויסראטונגס לאגערן פון די נאהנטע שטעט־לעך: בייטש, יאסלו, גארליץ און אנדערע. זיי זיינען געפארן אין שרעקלאכער איינגשאפט אין פארמאכטע וואגאָנען, וואָס אויפן באדן איז געווען פאַרשפּרייט ניט געלאָשענער קאַלך, און די פרויען פלעגן זיך באמיען צו זיין מיט זייערע פיצלעך קינדער נאהנט ביים וואגאָן פענסטערל, בכדי אפצוהיטן זיי פון דערשטיקט ווערן.

דער ריישער געטאָ איז שוין דאמלסט געווען ארגאניזירט. דארט אהין האט מען געבראכט אַ חוץ די ריישער יידן אויך יידן פון דער גאנצער געגנט. די סטריזובער יידן האבן זיך

געשראָקן פאַר דעם וואָס וואַרט זיי אין ריישער געטאָ, ווייל אין סטריזשוב אַליין אין זייער לאַגע דאַך געווען בעסער ווי אין געטאָ, אין געטאָ האָט מען פּשוט געהונגערט. וואָס עס וועט קומען נאָך דעם האָט קיינער ניט געוואוסט. אַזוי ווי אַ טרינקענדער כאַפּט זיך אָן אַ שטרוי האָבן די ייִדן פּרובירט זיך אַרויס צודרייען פון פאַרשיקונג. די מענטשן פון יודנראַט זיינען כּסדר געפאָרן אין דער קרייז קאָמאַנ־דאַנטור מיט דער האָפענונג צו געפינען דאָרט הילף. די נאַצישע אַרטיקע מאַכט זענדיק אַז די ייִדן האָבן נאָך האָפענונג, האָבן זיי באַשלאָסן אַז מען קען אַזוי אַרום אויך ירשענען די קרבנות. די ייִדן האָט מען טאַקע ערלויבט אַלץ מיטצונעמען אין געטאָ און דאָרט האָט מען פון זיי צוגענומען אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, אָבער יעדער דייטש האָט געוואָלט דאָס פאַרמעגן פאַר זיך און ניט טיילן מיט אַ צווייטן, און זיי האָבן חושד געווען אַז די ייִדן קענען פאַר דעם פאַרשיקן אויך באַהאַלטן ווערט זאַכן, האָבן זיי אין זייער ראַפּינירטקייט צוגעזאָגט די סטריזשובער ייִדן אַז זיי וועלן זיי ניט פאַרשיקן אויב מען וועט זיי צושטעלן אַ פּאָר קילאָ גאָלד.

טראָץ דעם וואָס מען האָט שוין געזען ווער די נאַציס זיינען און צו וואָס זיי זיינען פעיִק, האָבן די ייִדן דאָך געגלויבט אַז אפשר דאָס מאָל זאָגן זיי דעם אמת. איינער פון יודנראַט ר׳ אהרן דויטש איז אַרויס אין שטאָט מיט אַ געוואַלד געשריי און געבעטן זיך „דערבאַרעמט אייך ייִדן און ראַטעוועט זיך אַליין״ אַז מען זאָל ברענגען און ניט באַהאַלטן דאָס גאָלד וואָס מען פאַרמאָגט נאָך. טראָץ אַלע אָנשטרענגונגען איז אין סטריזשוב ניט געווען גענוג גאָלד, האָט דער יודנראַט געשיקט קיין קראָסנאָ וועלכע איז געווען רייכער פון סטריזשוב, יצחק לייב רוזן — דער איינציקער פון שטעטל וואָס האָט געהאַט אַ דערלויבעניש אַרום צו פאָרן פון שטאָט צו שטאָט — מיט דער בקשה אַז די קראָסנער ייִדן זאָלן העלפן מיט גאָלד צו ראַטעווען די סטריזשובער ייִדן פון פאַרשיקונג.

אין קראָסנאָ האָט מען נאָך ניט אָנגעהויבן די פאַרניכ־טונגס אַרבעט, מסתּמא האָבן די נאַציס ניט געקענט אויספירן זייער טייוולאַנישע אַרבעט אין אַלע ערטער מיט איין מאָל. די ייִדן דאָרט האָבן נאָך געלעבט פאַרהעלטניס־מעסיק רויִק זיי האָבן געאַרבעט, עס זיינען אַפילו אַ טייל געשעפטן געווען אָפן. די שטאָט איז ערשט שפּעטער פאַרניכטעט געוואָרן ווען מען האָט אָרגאַניזירט אַ געטאָ אין קראָסנאָ גופא, וואו אַהין מען האָט געבראַכט די ייִדן פון דער סביבה און זיי דערנאָך אַלע אויסגעהרגעט אין די וועלדער פון רימאַנוב און אַדזשעקאָן. אָנקומענדיק קיין קראָסנאָ האָט זיך ראָזן געווענדעט צו ר׳ אבר קלאַגסבאַלד, דער שטאָטישער שוחט און דער איידים פון ר׳ חיים פייט פון סטריזשוב — און ער מיט נאָך אַנדערע ייִדן האָט צונויפגעזאַמלט אַ ביסל גאָלד, טראָץ דעם וואָס די קראָסנער ייִדן זיינען אַליין געווען אין אַ שווערער לאַגע און זיי האָבן דאָס געבראַכט צו יצחק לייב רוזן, וועלכער האָט געוואַרט אין דער וווינונג פון ר׳ אבר. ווען ער האָט

דאָס גאָלד געבראַכט האָט מען אַלץ איבערגעגעבן די היטלעריסטן און גלייך נאָך דעם האָבן זיי באַשטימט דעם טערמין פון פאַרשיקונג.

אין די טעג פון 26 — 27 — 28 יוני 1942 זיינען געקומען אין שטאָט אַריין הונדערטער פויערים פון דער סביבה מיט די וועגעלעך. אַ טייל האָבן די דייטשן געבראַכט, אַ טייל זיינען געקומען פון אייגענעם ווילן, האָפנדיק אַז מען וועט עפּעס געניסן פון באַרויבן די ייִדן. די דייטשן האָבן באַשטימט דעם פּרייז, 25 זלאָטעס אַ פערד און וואָגן, 50 זלאָטעס פאַר אַ פּאָר פערד. זיי האָבן דערלויבט די ייִדן אַלץ מיט צו נעמען, וויסנדיק אַז אַזוי אַרום וועלן זיי אַלץ קענען צונעמען.

פון סטריזשוב האָט מען דאַמאָלסט אַרויסגעשיקט בערך 1300 מענטשן, — מענער, פרויען און קינדער.

פול מיט פאַרצווייפלונג האָבן די ייִדן געלאָדן אויף די וועגעלעך זייער גאַנץ האָב און גוטס, גלויבנדיק אַז זיי וועט אויסקומען לאַנג צו לעבן אין געטאָ. אַ סך האָבן מיטגענומען מיט זיך סחורות, וואָס זיי האָבן געהאַט באַהאַלטן, וועלנדיק דאָס אויסבייטן אויף עסנוואַרג. די בעלי מלאכות האָבן מיטגענומען מיט זיך זייערע אַרבעטס כלים.

אין די דריי טעג האָבן זיי געוואַנדערט קיין ריישע. די ס.ס. לייט האָבן זיי באַגלייט און אויפן וועג האָבן זיי אויס־געשאָסן אַלע קראַנקע, שוואַכע און הויפּטזאַך אינוואַלידן. צווישן אַנדערע האָבן זיי געשאָסן ר׳ מרדכי רוס, אַ אינ־וואַליד אָן פיס פון דער ערשטער וועלט מלחמה, און דעם האַלב פאַראַליזירטן ר׳ אהרן באַרגעניכט. מען דערציילט פון ר׳ דוד ווינער, וועלכער איז די גאַנצע צייט פון אָנפאַנג מלחמה ביז איצט נאָר זעלטן אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, און איז כּסדר געזעסן און געלערנט, אַז ווען די דייטשן זיינען אים געקומען נעמען צום פאַרשיקונג, האָט ער זיך אויף זיי אַפילו ניט אומגעקוקט, האָבן זיי אים גלייך דערשאָסן אויפן פּלאַץ.

אין לעצטן טאָג פון פאַרשיקונג, ווען עס איז שוין כּמעט קיין ייִד ניט פאַרבליבן אין שטאָט, איז געקומען צופאָרן פון געטאָ יצחק לייב רוזן מיטן תּירוץ אַז ער דאַרף איבערגעבן איין לאַגער פון פעסער וואָס ער האָט פאַרוואַלטעט. אָבער אין דער אמתן איז ער געקומען אַריבער צו פירן אין געטאָ זיין פאָטער ר׳ חיים רוזן, וואָס איז אַליין געבליבן אין זיין צימער, זאָגנדיק אַז ער וויל בעסער שטאַרבן ביי זיך אין זיין שטוב נאָר ניט אין דער פרעמד. די ייִדישע הייזער זיינען שוין דאַמאָלסט געווען צעריבט און אויסגעליידיקט, אין דער לופט זיינען אַרום געפלויגן פעדערן פון די, צעריסענע בעטגעוואַנט, אין וועלכע די רויבער האָבן געזוכט ווערטזאַכן. די פּאָליאַקן וואָס האָבן געהאָלפן די דייטשן האָבן אויפגע־פּאַסט אויף די ייִדן, ווייל אַזוי ווי ער איז געקומען האָט אים דער בירגערמייסטער וולאַדיסלאַוו גורניצקי געפרעגט וואָס ער טוט נאָך דאָ, באַמערקנדיק אים אַז אויך זיין פאָטער האָט נאָך ניט פאַרלאָזט די שטאָט. יצחק לייבן איז געלונגען איבער צורעדן זיין פאָטער ער זאָל מיט אים

מיט פארן אין געטאָ. דערווייל האָט ער געזען ווי מען פאַרשיקט די לעצטע יידן פון שטאָט. דאָס איז געווען דער סאָסאָווער רב ר׳ נחמיה׳לע, וואָס מען האט אים מיט זיין משפחה מיט געוואלט ארויסגעשלעפט פון דער דירה. די געוואלדן פון די פרויען מיט די קינדער האָבן גארניט געווירקט אויף די מערדערס. אין געטא זיינען זיי ניט אנגעקומען, ווארשיינלאך האט מען זיי אויפן וועג אויסגעהרגעט.'

א סך פאליאקן האבן געהאלפן די נאציס. אין דער שפיץ איז געשטאנען דער בירגערמייסטער וולאדיסלאוו גורניצקי. זיין פאטער פיאטר דער קאוואל פלעגט זיין בעפריינדעט מיט יידן, און צענדליגער יארן איז ער געווען אויסגעוויילט אין שטאטראט מיט דער הילף פון יידישע שטימען, אבער אין שטוב האבן די קינדער, ווייזט אויס, באקומען אַ יידן פיינטלאכע דערציאונג. די געהילפן פון וולאדיסלאוו זיינען געווען פון פראסטן פאלק, פון די קרייזן וואס פלעגן שטענדיג אנטייל נעמען אין די פאגראמען אויף יידן.

די רייכערע איינוווינער זיינען דאָסמאָל איך געשטאנען פון וויטן. עס איז שווער צו זאגן וואס פאר אַ שטעלונג זיי האָבן געהאט צו די געשעענישן. אַ פאקט אז אין שטאָט האָט זיך קיין איין ייד ניט געקענט באהאלטן און דער איינציגער וואָס האָט דאָס יאָ געמאכט האָט געמוזט אנטלויפן פון אָרט צו אָרט ביז ער האט זיך געמוזט באהאלטן ביי די וועלכע זיינען געווען די געהילפן פון גורניצקי, און זיי האָבן אים דערהרגעט ווען ער האָט שוין מער ניט געהאט מיט וואָס זיי צו צאלן.

דאָס איז געווען דער יינגל משה, דער זון פון ר׳ אהרן באַרגערניכט, וואס אַ דינסט פון אַ רייכן פויער יאן פאטרין „דער אקסן באַזיצער" האט אים געפונען באהאלטן אין אַ שייער אין יענער זייט ווייסלוק אויפן וועג קיין גאדאווע.

פון דארט איז ער אריבער צו איגנאץ פאטרין דעם קרוב פון יאן, דערנאך צו איינער אַ פרוי מאז׳ניצקא, און ווען עמיצער האט אים געמסרט, איז ער אריבער צו איינעם וולאדיסלאוו אשליזלא. ער האָט אומעטום געצאָלט מיט ווערטזאכן וואס זיינע עלטערן האבן איבער געלאָזן ביי זייערע שכנים די אינטעליגענטן. זיי פלעגן אים נאָר אבגעבן אַ טייל זאכן, איבערלאזנדיג פאר זיך דעם גרעסטן טייל. נאָך דעם ווען ער האָט שוין ניט געהאט מיט וואָס צו באצאָלן האָט מען אים געפונען אַ געהרגעטן אין א וואסערל אין דער פארשטאָט „באשניא" ניט ווייט פון דעם פלאץ וואו ער האָט זיך באהאלטן.

אין יאָר 1948 האָט די פוילישע מאכט ארעסטירט אשליזלא, די פרוי מאז׳ניצקא און איינעם מיטן נאָמען שאַרו, אַלס פארדעכטיגע אין מאָרד. אין פארלויף פון משפט איז די פרוי געשטאָרבן. די צוויי אַנדערע האָט מען באפרייט, צוליב מאנגל אין באַווייזן. נאָכדעם ווי דער פראקוראר האָט אפעלירט האָט מען זיי נאָך אַ מאָל געמשפט און אשליזלא פאראורטיילט אויף אייביקע תפיסה און נאך זיין רעקורס האָט מען אים ווידער פריי געלאזן. מיט אַפאָר יאר שפעטער האָט דער מערדער געפונען זיין טויט ארונטערפאלנדיג אונטער דער באן.

די סטריזובער פאליאקן פון יענער צייט קאָן מען איינטיילן אין דריי קאטעגאריעס: די וואָס האבן מיטגעפילט מיט די יידן, נאָר זיי האָבן ניט געקענט העלפן, און אויך ניט געהאט גענוג מאראלישן כוח עפעס צו טאָן אין דעם זין, ווייל ס׳איז געווען פארבונדן מיט סכנות.

די וואס האבן זיך געפרייט אז מען פארניכטעט יידן (Dobrze im tak) אַ סך פון זיי האָבן מיטגעארבעט מיט די נאציס און געהאלפן רודפ׳ן יידן.

ס׳זיינען אויך געווען גלייכגילטיגע, וואס האָט זיי ניט געאַרט וואס מען טוט מיט יידן, מיט מענשן, מיט וועלכע מען האָט געלעבט צוזאמען במשך פון דורות.

יעדנפאלס האָבן זיי גענאָסן פון די יידישע צרות. זיי פלעגן אויפקויפן פאר ביליג ווערט־זאכן אדער סחורות, אדער אויסבייטן אויף עסנווארג. צום סוף האָבן זיי געירשנט די געשעפטן, די הייזער און אלץ וואָס עס איז דאָרט געווען, נאָכדעם ווי די יידן זיינען פארשיקט געוואָרן.

די שנאה צו די יידן האָט אויך ניט אויפגעהערט נאָכדעם ווי עס זיינען שוין קיין יידן ניט געווען.

אין יאָר 1943 איז אנגעקומען קיין סטריזוב אַ גרופע יונגע לייט וועלכע האָבן געשטאמט פון סטריזוב אליין אדער פון דער סביבה, פון די לעצטע איבערגעבליבענע פון ריישער געטא, וועלכע מען האָט באשעפטיגט ביי פערשידענע ארבעטן, איידער מען האָט זיי געשיקט אין ארבעט אדער פארניכטונגסלאגערן. זיי זיינען געשיקט געווארן פאַנאנדער צונעמען מיליטערישע הילצערנע באראקן אין דער פארשטאָט, און צווישן זיי זיינען געווען די דריי ברידער רוזן און אלעזר לאָס. ווען זיי האָבן געוואָלט אויסטוישן קליידער אדער ווערט זאכן פאר עסנווארג כדי צו ברייגען אין הונגעריגן געטא אַריין, האָט מען זיי געמסרט און זיי זיינען קוים מיטן לעבן אנטלאפן. מער האָט מען זיי שוין צו דער ארבעט ניט געשיקט.

די ארבעטער וואס זיינען געשיקט געווארן פון געטא אויף ארבעט פלעגט מען כסדר צו שיקן אין דירות וועלכע זיינען ליידיק געווארן ווייל מ׳האָט די מענשן געשיקט אין פארניכטונגסלאגערן, פלעגן זיי געפינען אין די יידישע הייזער קליידער און פארשידענע ווערט זאכן, זיי פלעגן דאס אויסבייטן אויף עסנווארג און ארייגברייגען אין געטא מיטן וויסן פון דייטשן קאמאנדאנט, וועלכער פלעגט פאר זיך אראפנעמען דעם גרעסטן חלק. דאמלסט זיינען זיי ארעסטירט געווארן ביז עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז די סטריזובער מוסרים מיט די פאליציאנטן האָבן גענומען פאר זיך אליין די זאכן וואס זיי האבן צוגענומען פון די יידן און ניט דערציילט דערפון די דייטשע באהערדן.

די שנאה האט זיך ארויסגעוויזן אויך אין זייער באציאונג צו גיטל שלאסמאן (היינט גיטל גוזה אין ישראל). נאָך פאַר דער מלחמה איז זי אוועק פון סטריזוב און געארבעט אין אנ׳אנדער שטאָט. בשעת דער דייטשער אקופאציע האט זי געלעבט אויף ארישע פאפירן. אין סוף 1942 ווען אין סטריזוב זיינען שוין קיין יידן ניט געווען, האט זי איר ארבעטגעבער, אַ קריסטליכער סוחר אין קראקע, געשיקט קיין סטריזוב קויפן פעלןביים קצב גאצעק. אין שטאָט האבן אירע אמאליקע מיטשילערינס זי דערקענט און געפרעגט וואָס זי טוט דאָ וואו קיין יידן זיינען שוין ניטאָ. זי האט זיך געמאכט אז זי דערקענט זיי ניט, זיי האבן זי אבער ניט אבגעלאזן און געווארט אויף איר אין דרויסן ביים געשעפט פון גאצעק. זי איז שוין אבער פון דאָרט ארויס דורך אַ הינטער טיר און אנטלאָפן קיין גאדאווע, גענעכטיגט ביי אַ פויער, און אויף מארגן פארלאזן די שטאָט, וואו זי האָט נאָך אמאל אויסגעמיטן אַ נייע סכנה, ווייל דער מענש וועלכן זי האָט געבעטן ער זאָל איר קויפן אַ באן בילעט האָט זי אין דער לעצטער מינוט דערקענט שוין ממש ביים אבפארן פון דער באן. די באקאנטע אירע האבן דאס איבערגעגעבן דער דייטשער פאליציי ווייל גאצעק האט זיך בעקלאגט פאר דעם קראקאווער סוחר פארוואס ער שיקט אים יידישקעס און ער פארשאפט אים צרות מיט דער פאליציי.

אזוי האט מען גערודפט די איינצעלנע געבליבענע יידן און דער ציל איז געווען צו העלפן די נאציס אין זייער קאמפלעטע אויסראטונג.

אין ריישער געטא וואס איז געווען אין יידישן פערטל האָבן די נאציס קאנצענטרירט אלע יידן פון ריישע און די ארומיקע שטעט און דערפער. די לעבנס באדינגונגען זיינען געווען גלייך ווי אין אנדערע געטאָס שרעקלאכע ענגשאפט, הונגער, קראנקהייטן, שווערע ארבעט און יעדן טאָג נייע גזירות און צרות, און דאָס ערגסטע די אקציעס — דאָס שיקן אין פארניכטונגס לאגערן.

די יונגע פלעגן ביים אנקומען אין געטא באקומען ארבעטס קארטן. מען פלעגט זיי באשעפטיגן ביי שווערע ארבעט אין דער געגנט. סטריזובער פלעגן ארבעטן אם מייסטנס אין די ז׳ארנאווער שטיין האקעריי.

דעם ליקווידירן פון געטא האט מען אנגעהויבן קורץ נאָך דעם ווי די סטריזובער יידן זיינען אנגעקומען. אין דער ארבעט האָבן די נאציס געהאלפן פוילישע פאליציאנטן און אויך יידישע קאפוס מייסטנס פון ווארשע, קאליש און אנדערע.

עלטערע מענשן האט מען אפילו ניט געשיקט אין פארניכטונגס לאגער, נאר מען פלעגט זיי פאַרניכטן אויפן פלאץ, אויב די יונגע פון דער משפחה האבן זיך ניט געוואָלט מיט זיי צושיידן האָט מען אויך זיי צוזאמען אויס־געהרגעט.

אזוי איז אומגעקומען מיין מאמע יוכבד און די גאנצע משפחה פון מיין שוועסטער נחמה בערנשטיין, וואס האט זיך ניט געוואלט צושיידן פון דער מאמען: זי, איר מאן ר׳ יעקב יצחק, די צוויי זין דוד דב און אלימלך שלמה, און די טאָכטער, דאס מיידל בינה. הי״ד.

די משפחות פון די וואס האבן געארבעט אויסערן געטא פלעגט מען פארשיקן אין פארניכטונגס לאגער מייסטנס ווען די מענער זיינען געווען ביי דער ארבעט. די פארשיקטע האָט מען אוועק געפירט פון דער זייטיגער ריישער סטאנציע סטאראניוווא (אויף דער ליניע ריישא—יאסלא). מען פלעגט זיי אויסשטעלן אין רייען צו 5 מענשן, דער לעצטער פון דער שורה האט געמוזט באצאלן פאר דער גאנצער שורה 50 זלאטעס אַ מענש, דאָס הייסט 250 זלאטעס, חאָטש די דייטשן האָבן שוין פריער ארויסגעקוועטשט פון די יידן דאָס גאנצע געלד, און פאר געפינען ביי עמיצן געלד פלעגט קומען טויט שטראָף. אזוי האָבן זיי אין געטא געהרגעט די מיידל חיה, די טאָכטער פון ר׳ אהרן דויטש, פאר געפינען ביי איר געלד. אויך די טאָכטער פון ר׳ חיים מאנדל, די פרוי חיה שיינמאן מיט איר טאָכטער פרומה צוליב געפינען געלד אדער אנדערע „פארברעכנס”. דאָס מאָל שוין אויף זייער לעצטן וועג האבן זיי ארויסגענומען פון דער שורה די אלע וואס האבן קיין 50 זלאטעס ניט געהאט און געהרגעט אויפן פלאץ. מען פלעגט פירן די אומגליקלעכע אין מיטן העלן טאָג אין מיטן גאס, ארומגערינגלט דורך ס.ס. לייט און געסטאפו, וועלכע פלעגן שלאגן מיט שטעקנס און מיט קאלבעס פון די ביקסן, ניט מאכנדיג קיין אונטערשייד צווישן קינדער, פרויען און אלטע לייט. ווער ס׳האט ניט געקענט צוליב שוואכקייט נאכגיין איז געשאָסן געווארן אויפן פלאץ, ווער עס איז ארויס פון דער שורה איז שרעקלאך צושלאגן געווארן. איז ווער געבליבן ליגן טויט, האבן אפילו זיינע נאהנסטע זיך ניט געקאנט אויף קיין איין מינוט פאר האלטן, מען האָט זיי ווייטער געטריבן אין טויט וואגאן אריין.

אויף די טראטוארן זיינען געשטאנען די פאליאקן און זיך געקוויקט מיט יידישע צרות, און זאל דאָס פערשריבן ווערן צו אייביגער שאנדע, זיי פלעגן נאָך חוזק מאכן פון די ,צום טויט געפירטע פארפייניגטע יידן. „עס האט זיך אייך געענדיגט — יידן „Skończyło się wam Żydy"

נאך יעדער אזא אקציע איז דער וועג צו דער סטאנציע סטאראניוווא געווען פול מיט געהרגעטע.

ביי יעדער סעלעקציע פלעגן זיי אריבערפירן די ארבעטס פעהיגע אין מזרח טייל פון געטא, דער אזוי ,גערופענער, לעבנס געטא, ביז צו אַ נייער סעלעקציע. עס פלעג אויך זיין פאלן, אז די וואס זיינען געבליבן אין דעם טייל פון געטא פלעגט געלינגען אריבער צו פירן און אויס באהאלטן זייער משפחה. אבער בשעת זיי זיינען געווען ביי דער ארבעט פלעגן די נאציס ארויסנעמען די משפחה און זיי שיקן צו דער פארניכטונג. אזוי האט פאסירט מיט דער

פרוי בעלא חיה רוזן, די מוטער פון די לעבן געבליבענע ברידער רוזן.

די יידן האבן שוין געוואוסט אז מען פירט זיי צום טויט, און דאָך האָבן זיי נאך געהאפט, אדער זיך אליין אבגענארט און געגלויבט, ווייל זיי האָבן געוואָלט גלויבן, אז מען פירט זיי איבער אויף בייע פלעצער וואו זיי וועלן ארבעטן. ווי נאר זיי פלעגן אנקומען אין פארניכטונגסלאגער פלעגן די דייטשן זיי צווינגען אנשרייבן בריף צו זייערע אין געטא געבליבענע קרובים, אז עס איז זיי גוט און זיי ארבעטן. די בריף פלעגן די דייטשן פארשפרייטן אין גאנצן געטא.

דעם 15/11 1942 איז פון געטא ריישע — וואו עס האבן געלעבט ביי 30.000 יידן, פון ריישע און דער סביבה ארום, און היינט בלויז 4000 מענשן — ארויסגעשיקט געווארן דער לעצטער טראנספּארט. צו וועלכן לאגער איז אונז ניט באקאנט, ווייל דער לאגער פון בעלז׳ץ, ווי מען האָט פארניכטעט אַ גרויסן טייל יידן פון גאליציע און אויך פון ריישע, האָט שוין דאמלסט ניט עקזעסטירט. צום טראנספארט וואס איז ביינאכט אנגעקומען קיין סטאראניוואַ פון די געטאס פון טארנאָוו און באכניע האָט מען אריינגעשטופט אויך ריישער יידן. אין יעדן וואגאן צו 150 יידן צוזאמען אין 7 וואגאנעס בערך 1050 מענשן. אויף דעם סופיט פון יעדן וואגאן איז געהאנגען אַ שטריק און די ס.ס. מענער פלעגן „בערוהיגן" די מענשן זאגנדיג אז ווען מען דאָס לעבן איז נמאס געווארן, קען זיך אויפהענגען און דאָך האָבן זיך געפונען מענשן וועלכע האבן נאך געהאפט. מיט דעם טראנספּאָרט האָט מען אויך אוועקגעשיקט די לעצטע פון סטריזשובער יודנראט מיט אברהם בראוו בראש. אין איינעם פון די וואגאנען וואו עס האבן זיך געפונען די 4 סטריזשובער — שמואל (מוליק) פייט, יצחק לייב רוזן, זיין ברודער שמואל, און חיים אדעסט, האט זיך אויך געפונען א ייד פון באכניע, וועלכער איז שוין פיל מאל געשפרונגען פון אזא טויטן צוג.

אויך דאָס מאָל, אזוי ווי די באן איז געוועזן אויסערן שטאָט געגן 2 דעם זייגער ביינאכט, האט זיך דער ייד פון באכניע דורכגעריסן מיט געוואלט צום פענסטערל, ממש איבער די קעפ פון אנדערע, ווייל אנדערש איז ניט מעגלעך געוועזן צוצוקומען, האָט דורכגעשניטן מיט אַ צוואנג וואָס ער האָט געהאט באהאלטן, דעם שטעכל דראָט — און אין מיטן גאנג ארויס געשפרונגען. נאָך אים נאָך צוויי פון טאָרנוב אדער באכניע, דער פירטער זכריה יפה פון טשודעץ, וועלכער איז לעבן געבליבן, דער פינפטער שמואל רוזן און יצחק לייב זיין ברודער, דער לעצטער. זיי זיינען געשפרונגען טראָץ די פראטעסטן און געשרייען פון די איבערגעבליבענע, מייסטנס פרויען, וועלכע האָבן מורא געהאט, אז פאר דעם אנטלויפן וועלן זיך די ס.ס. לייט נוקם זיין אָן זיי.

חיים אדעסט, אַ יונגער געזונטער בחור, האָט ניט געוואָלט שפרינגען טראָץ דעם וואָס די ברידער רוזן האָבן אים געבעטן, ווייל ער האָט געגלויבט אז מיט זיין פאַך וואָס איז אזוי נויטיג אין מלחמה צייטן (ער האָט גרייטנדיג זיך צו דער עליה געלערנט מעכאניק און שלאָסעריי) וועט ער אומעטום קריגן ארבעט. ר׳ שמואל פייט האָט דאָס ניט געטאָן ווייל אים איז שוין נמאס געווארן דאָס לעבן. אין פריערדיגן טראנספארט איז פארשיקט געווארן זיין פרוי רחל און זיין זון יוסף, אין דער צייט ווען ער איז געוועזן ביי דער ארבעט. אין געטא איז נאר געבליבן זיין טאָכטער העניא, זיין עלטערע טאָכטער איז נאָך פריער ענטלאָפן און געלעבט אויף ארישע פאַפירן, ווי עס ווערט שפעטער באשריבן.

פון דעם טויט צוג זיינען ארויס געשפרונגען ביי 150 מענשן. אַ חוץ די דריי אויבן דערמאנטע אויך דער יונגער ריטער פון לוטשע, דער אייניקל פון דעם העלד פון בלבול פון די צייטן פון קיסר פראנץ יאזעף דעם ערשטן. ער איז צוריק אנטלאפן קיין לוטשע און איז דאָרט געהרגעט געוואָרן, ווי עס ווערט שפעטער דערציילט.

נאָך זייער ארויס שפרינגען האָבן זיך די ברידער רוזן און זכריה יפה ארום געדרייט פארוואונדעטע און פארבלוטיגטע נאָך צוויי טעג ביז עס איז זיי געלונגען דורך דעם פארקן זיך צוריק אריין צו גנבענען אין געטא, זייענדיק צופרידן זיך ווידער צו געפינען צווישן אייגענע.

די יידן וואס האָבן זיך אזוי ארום געראטעוועט פון טויט, פלעגן צוריק קומען אין געטא טראָץ דעם וואס דאָרט האָט דער טויט אויף זיי געוואַרט נאָך אמאל ווייל צו דעם מאמענט איז דאס געוועזן דער איינציגער זיכערער פלאץ. אין דרויסן האבן זיך די פאליאקן פיינטליך באצויגן צו די אנטלאָפענע. אַ חוץ איינצעלנע אויסנאמס פאלן פלעגן די פאליאקן אויסגעבן די אנטלאפענע, פאר דעם פרייז פון 1 קילאָ אָדער אנדערהאלבן צוקער און אָפטמאָל אָן געצאָלט. זיי האָבן זיך געפרייט אבצוגעבן אַ ייד אין די הענד פון די נאציס כדי אויסצוראטן די לעצטע איבערגעבליבענע יידן, געיאגטע און געפלאגטע ווי ווילדע חיות. ווען דער בריוווטרעגער לודוויג קאלאדזעי, איינער פון די ערליכסטע יידן פריינד, האָט געפרעגט אלעזר לוס ווען ער האָט אים באגעגנט ביי דער ארבעט פון צערנעמען הילצערנע באראקן אין סטריזשוב, פאר וואָס ער אַנטלויפט ניט, האט ער געענטפערט: וואו אַהין אנטלויפן? און אויף ווי לאנג? פאר די יידן איז דאן אין ערגעץ קיין פלאץ ניט געוועזן.

פון די וואס זיינען ארויסגעשפרונגען פון צוג דעם 15/11 זיינען דער רוב געראטעוועט געווארן, און ווען די ברידער רוזן זיינען צוריק געקומען אין געטא, האבן זיי דאָרט געפונען די אנדערע אויך.

כאראקטעריסטיש פאר די היטלעריסטן, אז די צוריק געקומענע זיינען גוט אופגענומען געווארן אין געטא סיי דורך דעם קאמאנדאנט און סיי דורך די ארבעטס אנפירער, טראָץ דעם וואָס זיי האָבן געוואוסט אז זיי זיינען ארויס געשפרונגען פון צוג. די דייטשן זיינען טאקע געוועזן פאראייניגט צו

אונטערדריקן און הרגענען יידן, אבער קודם כל האט יעדער געזארגט פאר זיך און פאר דער ארבעט וואס ער איז געווען פאראנטווארטליך. יעדער דייטש האט מורא געהאט אז אויב ער וועט ניט האבן קיין פאסטן אין געטא וועט ער מוזן גיין אויפן פראנט און אזוי ווען מען האט שוין לעצטנס אנגעהויבן צו פארשיקן יונגע ארבעטס־פייהיקע מענשן ווייל אלטע, פרויען און קינדער זיינען שוין לאנג אין געטא ניט געווען, האט זיי אנגעהויבן צו פעלן ארבעטס קרעפטן, דערפאר זיינען זיי געווען צופרידן פון זייער צוריק קומען. אזוי קענען זיי די יידן ווייטער אויסניצן און בלייבן אויף זייער פאסטן. אויסצוהרגענען זיי ווען זיי נאך שטענדיג צייט האבן.

פאלן פון ארגאניזירטן ווידער־שטאנד זיינען אין סטריזוב ניט געווען. די יידן אין סטריזוב זיינען געגאנגען צום טויט אזוי ווי די גרעסטע מעהרייט אין אייראפע — חוץ איינצלנע פאלן — אן אקטיוון ווידערשטאנד. די יידן האבן געקעמפט קעגן דייטשלאנד אין פוילישן מיליטער, און נאך דעם צוזאמענפאלן פון פוילן איז ניט געווען קיין שום שכל און מעגלאכקייט צו א ווידערשטאנד. דאמלסט, פאר דער דייטשער מפלה אין רוסלנאד, איז קעגן זיי ניט אויפגעשטאנען קיין שום פאלק וועלכע איז געזעסן אין זיין אייגן לאנד, איז דאס אודאי ניט מעגלאך געווען די פוילישע יידן, וועלכע האבן זיך געפונען צווישן א באפעלקערונג וועלכע איז אליין געווען אונטערדריקט דורך די היטלעריסטן, אבער אין גרויסן טייל האט זי זיך צוגעוויינט דערצו, ווייל ס׳איז ניט געווען קיין סכנה פארן יחיד און האט אויך פיינט געהאט שנאת מות די יידן. דער כלל פאליאקן האט שטארק מיטגעהאלפן פארניכטן די יידן.

חוץ דעם האבן די נאציס, די שטארקע, וועלכע האבן באהערשט רוב אייראפע, געפלאנט דאס הרגענען די יידן מיט ליגנס און פאלשקייט און פאר דעם לעצטן אנגריף אויף די שוצלאזע און שוואכע יידן פון גלות, האבן זיי ביסלאכווייז געבראכן זייער גייסט און ווידערשטאנדסקראפט. זיי האבן געשריגן וועגן זייער שנאה צו יידן, אבער דעם באשלוס זיי טאטאל אויסצוהרגענען האבן זיי געהאלטן בסוד, ווייל דאס אויפדעקן דעם טייוולאנישן פלאן וואלט ארויסגערופן א טעטיגן ווידערשטאנד, אפילו אין די שווערע באדינגונגען פון די יידן, ווי ס׳האבן געטאן די לעצטע אין די געטאס און די פארטיזאנער. די נאציס האבן ניט געפירט קיין מלחמה מיט די יידן, זיי האבן אויסגעהרגעט א שוואך פאלק, מענער, פרויען און קינדער, ווי געמיינע מערדער פון א באהעלטעניש. ווען עס איז נאר געווען די מעגלאכקייט, האבן זיי ארויסגענומען די אלטע לייט, פרויען און קינדער צום פירן צום טויט בשעת די מענער און די יונגע זיינען געווען ביי דער ארבעט. מיט אלערליי ליגנס האבן זיי באהאלטן פאר זייערע קרבנות זייערע ענדצילן, און פלעגן זיי שפייזן מיט פאלשע האפנונגען ביז צו דער לעצטער מינוט. יעדער לייכטסטער ווידערשטאנד לגבי די היטלעריסטן פלעגט גלייך באשטראפט ווערן מיט טויט. און יעדער ייד האט געגלויבט אז ליידנדיק וועט ער דאך אויסהאלטן ביזן סוף מלחמה, און וועט דערנאך זיך אומקערן צו א נארמאל לעבן. זיי האבן געגלויבט אז דאס אויסהרגענען זיינען נאר איינצלנע פאלן און מען מיינט ניט אלע יידן. און פון דער צווייטער זייט האבן מענשן ביים סוף שוין פשוט געווארט אויפן טויט וואס זאל זיי אויסלייזן, נאכדעם ווי זייער גאנצע משפחה איז אומגעקומען.

א סך סטריזובער יונגע לייט וואס די דייטשן האבן זיי יא געוואלט איבערלאזן אין געטא ארבעטן ביז זייער צייט צום פארניכטן וועט קומען, האבן דאס ניט געוואלט און זיינען צוזאמען מיט זייערע משפחות אוועק דעם לעצטן וועג.

אין סטריזוב זיינען נאר געווען צוויי פאלן פון אקטיוון ווידערשטאנד, וואס האבן זיך געענדיגט מיטן טויט פון די ווידערשטענדלער, און למעשה האט דאס נאר פארשנעלערט זייער טויט. דעם יונגן מרדכי טים האבן געכאפט אפאר דייטשע סאלדאטן בשעת זיי האבן גערייניגט זייער מאשין ביי דעם ברונעם „שצ׳עפאנאווקא" און האבן אים געוואלט צווינגען אז ער זאל דאס מאכן. ער האט זיך געגן געשטעלט און האט זיי אפילו געשלאגן מיט זייער אייגענע געווער. צום סוף האבן זיי אים באזיגט מיטן כוח פון זייער צאל און געבראכט צום קאמאנדאנט. דאס זיינען נאך געווען די צייטן פון קעללער, און ווען דער פאטער ר׳ קלמן טים דער שניידער, וואס האט געניית פאר קעללערן און די אנדערע אפיצירן, איז דאס געוואר געווארן, איז ער געקומען זיך בעטן פארן לעבן פון זון. קעללער ווידער, האט אדער אליין אויך ניט געקענט מוחל זיין א יידן וואס האט געוואגט צו שלאגן דייטשע סאלדאטן, אדער ער האט אויך מורא געהאט צו באפרייען און פון דער צווייטער זייט האט ער ניט געקענט קעגן שטעלן די געבעטן פון אומגליקליכן פאטער, וועלכער האט אים אזוי טריי בעדינט די גאנצע צייט, האט ער אליין ניט געוואלט באשליסן, נאר האט דעם בחור אוועק געשיקט צו דער קרייז קאמאנדאנטור קיין ריישע און פון דארט איז ער מער צו זיינע עלטערן ניט צוריק געקומען.

דער צווייטער פאל איז פארגעקומען ווען מען האט בשעת אנ׳אקציע געפירט די משפחה פון ר׳ שמואל זאלצמאן פון ניבילעץ וואס האט געוווינט אין סטריזוב, צו דער פארניכטונג, צו דער באן סטאנציע סטאראניוווא. חאטש אים אליין אלס געזונטן און יונגן בחור האבן די נאציס געוואלט איבערלאזן ביי דער ארבעט אין געטא, האט ער ניט געוואלט און איז אוועק מיט דער משפחה צוזאמען. אויפן וועג האט א ס.ס. מאן געשלאגן זיין פרוי. זאלצמאן, וועלכער האט געהערט צו די שטאלצע יידן פון ניעבילעץ וואס אפילו שטארקע פויערים האבן פאר זיי מורא געהאט, און איז שוין אויך איינמאל אנטלאפן פון די דייטשן וואס האבן אים געוואלט ארעסטירן צוליב אנ׳„עבירה" קעגן די אונטער־

דריקונס געזעצן, האָט ניט געקענט פאַרטראָגן אז דער ס.ס. מאַן זאָל שלאָגן זיין פרוי איז ער אָנגעפאַלן אויף אים און געגעבן גוטע קלעפּ. אַ צווייטער זעלנער האָט אים פאַר דאָס דערשאָסן מיט אַ קויל אין קאָפּ פון הינטן, ווי זייער מנהג איז געווען.

אין די וועלדער פון דער סביבה פון דאָרף פּסטראַנגאָוועע אויפן וועג סטריזוב — סענדישוב. האָבן זיך אויסבאַהאַלטן קליינע גרופּעס יידן מיט זייערע פאַמיליעס, און פון דאָרט פלעגן זיי פון צייט צו צייט אָנפאַלן אויף היטלעריסטן, אָבער זיי האָבן אַלע געשטאַמט פון רייַשע, צודעץ אָדער ניעבילעץ. קיין סטריזובער זיינען צווישן זיי ניט געווען. איינע פון די גרופּן איז אָנגעפאַלן אין 1943 אויף דער סטריזובער פּאָליציי קאָמאַנדאַנטור און געמאַכט דאָרטן אַ חורבן. בעת דעם אָנפאַל איז דערהרגעט געוואָרן איין פּאַרטיזאַן ווילף, וואָס אפיציעל איז ער געווען אַ יידישער פּאָליציאַנט אין ריישער געטאָ, אבער אין דער ווירקליכקייט האָט ער דאָרט געהערט צו דער אַנטי דייטשער אונטער גרונד באַוועגונג און האָט פיל געהאָלפן זיינע ברידער.

אַ גרויסער טייל פון די באַהאַלטענע אין די וועלדער איז געבליבן לעבן און איז אַרויס פון די וועלדער מיט די משפחות ערשט נאָכן באַפרייען די סביבה דורך דער רויטער אַרמיי.

מיר ווילן אויך דערציילן וועגן אַ העלדנטאַט פון אַ סטריזובער, וואָס האָט זיך באַזעצט אין אַנ׳אַנדער שטאָט. דאָס איז געווען דער יונגערמאַן ר מנחם גראָסקאָפּף, דער זון פון עטרה מאַכער ר׳ שמואל משה, וואָס איז געקומען קיין סטריזוב פון סאַסאָוו (וואָס איז באַקאַנט געווען פון אירע עטרות פאַבריקאַציאָן), צוזאַמען מיטן רב ר׳ משה לייב שאַפּירא און האָט זיך באַזעצט אין סטריזוב (ער איז געהרגעט געוואָרן דעם 4 מאַי 1942).

דער ר׳ מנחם, אַ בית מדרש בחור פון סטריזוב האָט חתונה געהאַט אין בז׳אָסטעק ביי טאַרנוב, האָט געפירט אַ לעבן פון איינעם פון אַלטן דור, באַשעפטיגט מיט מסחר צוליב פרנסה, אודאי אויך מיט כלל ענינים און אין פרייע צייט געלערנט תורה.

ווען די דייטשן האָבן באַהערשט דאָס שטעטל האָבן זיי אים נאָמינירט אַלס פאָרזיצנדער פון יודנראַט, און דערנאָך האָבן זיי געפאָדערט ביי אים יידן צו שיקן אויף צוואַנגס אַרבעט. ר׳ מנחם, האָבנדיק אַ וואַרעם יידיש האַרץ האָט שטאָלץ געענטפערט אַז ער גיט ניט קיין יידן צו צוואַנגס אַרבעט און צו פייניגונקען, און אויב עס איז נויטיק קען ער אַליין גיין אויף אַרבעט. דאָס איז נאָך געווען אין די ערשטע טעג פון דייטשער מאַכט, און מעגלאַך אַז ווען ר׳ מנחם וואָלט זיי געפאָלגט וואָלט ער געבליבן לעבן. אבער פאַר זיין ווידערשטאַנד האָבן אים די היטלעריסטן דער־שאָסן אויפן אָרט.

אויף אַנ׳אַנדער אָרט דערציילט יצחק לייב ראָזען וועגן אַ אַקטיוון ווידער שטאַנד קעגן די יידישע קאַפּוס אין ריישער געטאָ און אין אַ לאַגער. ער איז ביי דעם געווען איינגעשטעלט מיטן לעבן. אָבער אויף די קאַפּוס האָט מען טראָץ זייער אכזריות און דינען די נאַציס, געקענט האָבן אַנ׳איינפלוס דורך קרובים אָדער די יידישע אינערע פאַר־וואַלטונג, און אַ דאַנק דעם איז ער לעבן געבליבן. (זעה אין יידישן טייל פון דעם ספר זיין אַרטיקל „אין גראַנגל מיט יידישע קאַפּו׳ס״).

נאָך די אַלע אַקציעס זיינען שוין מער קיין יידישע משפחות אין געטאָ ניט געבליבן. בלויז יונגע מענער וואָס מען האָט געשיקט צו דער אַרבעט גרופּנווייז אויסער דעם געטאָ און אַ טייל אין די צוואַנגסלאַגערן וועלכע זיינען געווען — ביי די דאָרט הערשנדע באַדינגונגען — פאַר־ניכטונגסלאַגערן. נאָך זייענדיק אין געטאָ האָבן די סטריזובער זיך באַמיט ווי ווייט מעגליך צו האַלטן צוזאַמען, זיינען געוועזן באַפרייַנדעט און געוווינט צוזאַמען, אַזוי לאַנג ביז מען האָט זיי באַזונדער צושיקט אין די לאַגערן. ס׳האָבן געוווינט צוזאַמען די ברידער רוזן: יחיאל, יצחק לייב און שמואל, אלעזר לוס, יעקל אדעסט, נחמיה פעלבער, די צוויי זון פון ר׳ לוי קאַלב, מנחם ליבערמאַן נפתלי דיאַמאַנט און אַנדערע.

נפתלי דיאַמאַנט האָט זיך איינמאַל ניט גוט געפילט, און האָט ניט געקענט אַרויסגיין צו דער אַרבעט. דאָס פלעגט אָפט ביי אַנדערע אויך פּאַסירן, אבער דאָס מאָל ווען די אַנדערע זיינען צוריק געקומען פון דער אַרבעט, איז ער שוין ניט געווען. אויף זיין בעט האָט מען געפונען אַ קויל און בלוט פלעקן. בשעת אַ קאָנטראָל האָבן די מערדער אים ניט מוחל געווען אַז ער איז ניט אַרויס צו דער אַרבעט און האָבן אים אויפן פלאַץ דערהרגעט.

די ברידער רוזן, פון די געציילטע סטריזובער וואָס זיינען לעבן געבליבן, האָט מען געשיקט פון לאַגער צו לאַגער, פון ריישע האָט מען זיי געשיקט אין אַרבעטס־לאַגער הוטא קאַמאַראָווסקאַ, וואָס האָט געהערט און אָנגעפירט געוואָרן דורכן אָרטיגן ריישר געטאָ, דאָרט זיינען זיי געווען צוזאַמען מיט נחמיה פעלבער און די 3 זון פון ר׳ דוד ליבערמאַן. אַ טאָג פאַר זייער קומען אין לאַגער איז דאָרט דערשאָסן געוואָרן מרדכי דער זון פון ר׳ לייבוש בייטלער, ווען ער האָט געפּרוּווט אַנטלויפן. די ברידער יצחק און לייבוש ליבערמאַן זיינען קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, האָט מען זיי צוריק געשיקט אין ריישער געטאָ און מער האָט מען זיי שוין ניט געזען. די ברידער רוזן זיינען פון דאָרט געשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט מענדל ליבערמאַן און נחמיה פעלבער אין לאַגער קאָכאַנאָווקע, דערנאָך אין פּוסטקאָוו. יחיאלן האָט מען פון דאָרט געשיקט אין אַנ׳אַנדער לאַגער און די איבעריגע קיין פּלאַשאָוו נעבן קראָקע, דערנאָך קיין מיעלעץ. דאָרט איז געווען אַ ריין יידישער לאַגער וואו 3 טויזנט מענשן האָבן געאַרבעט ביים בויען אַעראָפּלאַנען. ווען די רוסן האָבן זיך דערנעהנטערט האָט מען די 4 אויבן דער־מאָנטע סטריזובער געשיקט אין זאַלצגרובן קיין וויעליטשקאַ

און צום סוף קיין אושוויץ. צו זייער מזל איז דארט פאר זייער טראנספּארט קיין פּלאַץ ניט געווען, האָט מען זיי געשיקט דורך דעם לאגער פלוסנבורג קיין לייטמעריץ אין סודעטן געביט. מנחם ליבערמאַן איז פון דארט געשיקט געווארן קיין דאכאו און מער האט מען אים שוין ניט געזען. נאכדעם האט מען די 3 געשיקט קיין מאוטהאוזן, אין די נעבן לאגערן גוזין 1 און גוזין 2. דעם לאגער מאוטהאוזן האבן די ווערכטער אליין גערופן מארדהאוזן, און גוזין 2 איז נאך געווען דער ערגסטער פון אלע 3. גוזין 2 האבן די אמעריקאנער פארברענט תיכּף ווי זיי זיינען דאָרט אריין, זיי האבן געוואָלט אפּמעקן פון דער וועלט דעם סימן פון אזעלכע גרויל מעשים. מיט דעם האבן זיי אבער אַ טובה געטאָן די היטלעריסטן, וועלכע זיינען אויך געווען פאראינטרעסירט אז מען זאל פארגעסן זייערע שוידערליכע טאטן. דאָרט האָבן זיי באגעגנט נאָך 2 סטריזובער וואָלף מאנדל און נחמיה הויבן, דיביידע מיט נחמיה פעלבער זיינען אומגעקומען שוין אין די לעצטע טעג פאר דער באפרייאונג. נאָך אזוי פיל יאָרן פון פּיין, הונגער, קלעפּ און שווערע אַרבעט זיינען זיי צוזאמען געבראכן ביים לעצטן שרעקליכן קלאַפּ. דאָס איז געווען בשעת דער אזוי גערופענער אנטלויזונגס אקציע וועלכע איז געמאכט גווארן אין אכזריות דיגר פארם. טויזנטער מענטשן האָט מען געלאזט שטיין נאקעט, אין דרויסן 36 שעה אין קעלט 30°, און פון צייט צו צייט האט מען זיי דורך געפירט שורות ווייז אונטער אַ קאַלטן דוש. יעדע 4 מענשן האבן געהאט איין דעק און ווייניג גליקלעכע האבן געהאט צוריסענע שיך אויף די פיס.

ביי דעם קלאַפּ זיינען דאמלסט אומגעקומען מער ווי 3 טויזנט מענשן, צווישן זיי די 3 סטריזובער. אין דעם צוואנגס לאגער שעבנא איז אויך אומגעקומען יעקב פעלדער, וואס איז דאָרט געשיקט געווארן פון ריישע, נאכדעם ווי זיין פאַמיליע איז נאך פריהער געשיקט געווארן אין אַ פאַרניכטונגס לאגער.

די צוויי ברידער רוזן זיינען באפרייט געווארן דורך די אמעריקאנער דעם 5 מאי 1945 און האבן זיך דערנאך באגעגנט אין איין אמעריקאנער מיליטערישן שפּיטאָל מיט אַ סטריזובער אייזיק געטנבערג—וועליש, וועלכער האָט די לעצטע יארן געוואוינט אין ז'מיגראד. היינט וווינט ער אין אמעריקע.

פון דער סטריזובער יידישער באפעלקערונג וועלכע האָט געלעבט אונטער דער נאצישער הערשאפט זיינען לעבן געבליבן אין גאנצן 8 מענשן.

דריי ברידער רוזן, יחיאל יצחק לייב און שמואל, זייער שוועסטער פערל רוזן, אלעזר לוס, הינדע פייט ראובן גרינבאום און דוד שעפלער. ווען די סטריזובער ארבעטער האָבן געארבעט אין די שטיינ־האקעריי פון ז'ארנאווא האָט מוליק פייט און די קינדער רוזן פערזארגט 2 קריסטליכע געבורטס שיינען און דערמיט ערמעגליכט זייער שוועסטער און מוליקס טאכטער צו אנטלויפן קיין קראקע, אבער ווען אהין האָבן אנגעהויבן צו קומען יונגע קריסטן פון סטריזובער געגענט און זיי האבן מורא געהאט מען זאל זיי ניט דערקענען, זיינען זיי אוועק קיין דייטשלאנד און אין בערלין האבן זיי זיך געהאלטן פאר פאליאקן ביזן סוף מלחמה, געפינענדיג זיך ניט איינמאל אין סכנה דורך די באמבארדירונגען.

אלעזר לוס, וועלכער איז דורכגעגאנגען אזוי פיל צרות אין די דייטשע לאגערן, און איז בעפרייט געווארן אין טערעזיענשטאט, האט נאָך באזוכט נאך דער מלחמה אין סטריזוב, אבער זיין געזונד איז שוין געווען אונטער געריסן, נאָכדעם וואס ער האט דורך געלעבט, און האט ניט זוכה געווען צו פארווירקליכן זיין חלום צו קומען קיין ישראל און זיך טרעפן מיט זיין שוועסטער. ער איז געשטארבן אין דייטשלאנד אין פליטים־לאגער לאנדסבערג.

ראובן גרינבאום שרייבט ווייטער וועגן זיין יסורים־וועג.

וועגן דוד שעפלער שרייבט זיין שוועסטער שושנה גינסבערג.

פון סטריזובער וואס האבן זיך געפונען אין די דייטשע אקופּירטע געביטן פון מזרח זיינען חוץ די אויבן דערמאנטע געבליבן לעבן: גיטל שלאסמאן—גוזא, וועגן וועלכע איך האב שוין אויבן געשריבן, יוסף רייך, דער אייניקל פון ר' לייזער לוס, שמעון מאנדל — דער אייניקל פון ר' ישעיה מאנדל יוסף וויינבערג און ד"ר הערש אייזנער.

יוסף וויינבערג וועלכער האט געוווינט ביז דער מלחמה אין לעמבערג איז געווען אין לאגער פון יאנאוו נעבן לעמבערג, וואו עס איז געווען די שולע פון די מערדערס, ווייל דאָרט האָבן זיך געלערנט די ס.ס. און געסטאפּו די מארד מלאכה. מ'האט דערציילט אז דער קאמאנדאנט פון לאגער פלעגט שטיין אויף דעם באלקאָן פון זיין הויז צוזאמען מיט זיין משפחה, זיינע העלפער פלעגן ווארפן אין דער לופטן יידישע קינדער, און פלעגט זיך באווייזן מיט זיין שיס קונסט און זיי הרגענען אין דער לופטן. זיין קליין טעכטערל פלעגט שטיין דערביי, הנאה האבן פון שפּיל און געבעטן דעם פאטער נאָך און נאָך. דער קאָמאנדאנט, שפּאצירנדיג אין לאגער, פלעגט אפטמאל הייסן סתם דורך גייענדע יידן אויסדרייען זיך מיטן רוקן צו אים, און ער פלעגט זיי — ווי דער נאצישער מנהג איז געווען — דערשיסן הינטערווייללעכץ. דער שרעק וואס ער האט אנגעווארפן איז געווען אזוי גרויס, אז קיינער האט זיך ניט געוואגט אנטקעגן צו שטעלן דעם באפעל, חאָטש מען האט געוואוסט אז דאס אויספירן דעם באפעל איז זיכערער טויט. יוסף וויינבערג האָט זיך איינגעחזרט, אז ער וועט ניט אויספירן דעם באפעל, און האט טאקע אזוי געטאן. ער האט באקומען פעטש פון קאמאנדאנט, אבער ער האט אים ניט געשאָסן. דער נאָך איז ער געווען אין אושוויץ, וואו ער האט פיל גוטס געטאן פאר זיינע ברידער לויט די עדות פון איינעם פון זיי, דעם ארכיטעקט מ. קובוביצקי. אמאל איז ער אראָפּ

געשפּרונגען פון באַן וואָס האָט זי געפירט אין אַ פאַר־ניכטונגס לאַגער, צום סוף שוין נאָך דער באַפרייאונג איז ער קוים מיט צרות לעבן געבליבן, ווען די רוסן האָבן אים מיט נאָך אַ גרופּע ייִדן, וואָס זיינען שוין געווען גליקליך מיט דער באַפרייאונג און געזוכט אַ מקום מנוחה, געוואָלט דערשיסן אלס דייטשע שפּיאָנען.

יוסף רייך, דער זון פון אדעלא — די טאָכטער פון ר׳ לייזער לוס וואָס איז אריבער פון ריישע קיין יאַסלאָ, אין זיין פאָטערס געבורטס שטאָט — אין מלחמה צייטן האָבן אַ סך ייִדן געגלויבט אַז „משנה מקום משנה מזל״, און אַז מ׳וועט טוישן דעם וווין אָרט וועט מען בלייבן לעבן—. פון דאָרט האָט מען אים געשיקט צו דער ארבעט אויף דעם „אסטבאַן״ קיין פּשעמישל, וואו ער האָט באַגעגנט זיין פעטער ר׳ מרדכי פאפער, דער איידעם פון ר׳ לייזער לוס וועלכער איז ארויסגעטריבן געווארן פון דינוב. ביידע זיינען געשיקט געווארן מיט אַ טראַנספּאָרט קיין אוישוויץ. און דעם סביבה פון טאַרנאָ זיינען זיי צוזאַמען מיט 70 אנדערע ייִדן ארויס געשפּרונגען פון דער באַן, אבער געבליבן לעבן זיינען ווייניג, אויך זיין פעטער וואַרשיינליך ניט, ווייל מען האָט אים מער ניט געזען. יוסף רייך איז געווען צווישן די לעבן געבליבענע, און נאָך פאַרשידענע וואַגלענישן האָט אים און נאָך אַ יונגען ייִד, פון די וואָס זיינען געשפּרונגען, אויסבאַהאַלטן אַ פויער פון דאָרף לענקאָוויצע ביז נאָך דער מלחמה. זיין מומע — לאה לוס — האָט אים נאָכדעם געפונען אין איטאַליע, וואו זי האָט געדינט אלס פריי־וויליגע אין דער בריטישער ארמיי. ער לעבט היינט אין ישראל.

שמעון מאַנדל, דער זון פון ר׳ בנימין, האָט זיך געפונען ביים קריגס אויסברוך אין סטריזשוב ביי זיין זיידן ר׳ ישעיה מאַנדל. אים איז געלונגען, זייענדיג פאַרשטעלט אלס קריסטליך יינגל, אנצוקומען צו זיינע עלטערן קיין דאמבראווע ביי טאַרנאָוו. ער האָט זיך געוואַלגערט אין פאַר־שידענע לאַגערן און צום סוף באַפרייט געווארן אין טערע־זיענשטאָט, וואו ער האָט באַגעגנט אלעזר לוס. אויך ער איז אוועק קיין ישראל און זיך דאָ באַזעצט.

ד״ר הערש אייזנער, דער זון פון ר׳ יעקב אייזנער, וועלכער איז אויפגעוואַקסן ביי זיינע עלטערן אין סטריזשוב, האָט זיך אויסבאַהאַלטן בשעת די נאַצי־רדיפות אין אַ בונקער צוזאַמען מיט זיין פרוי. צום סוף איז ער פון דאָרט אַרויס און מיט אַרישע דאָקומענטן אלס קריסט, איז ער אוועק אין לאַנד פון שטאַרקסטער שנאת ישראל — אוקראַינע, און דאָרט לעבן געבליבן. היינט לעבט ער אלס אַרצט אין פּוילן.

אויך אין מערב אייראָפּע — פראַנקרייך. בעלגיען — איז גע־לונגען אַ טייל סטריזשובער זיך צו ראַטעווען פון די היטלע־ריסטן בעת דער אָקופּאַציע פון די לענדער. איינער פון זיי, משה מוסלער מיט זיין פאַמיליע איז דאָ אין לאַנד און העלפט מיט ביים שרייבן דאָס בוך. וועגן זיינע איבערלע־בענישן שרייבט ער אליין אין העברעאישן טייל פון ספר. אבער אויך דאָרט זיינען פיל סטריזשובער אומגעקומען אין די קריגס יאָרן.

**יצחק בערגלאס**

# די פאַרפאַלענע קינדער

אין דער צייט פון דער פאַרניכטונג האָט דאָס שטאַרקע געפיל פון משפּחה צוגעבונדנקייט ביי די ייִדן — געפונען זיין שטאַרקסטן אויסדרוק. קינדער האָבן ניט פאַר־לאָזן זייערע אַלטע עלטערן אליין אין דער היים, און ניט אַנטלאָפן ביים אַנקומען פון די דייטשן. בשעת דעם פאַרניכטן זיינען זיי מיטגעגאַנגען מיט די עלטערן צום טויט, טראָצדעם זיי האָבן נאָך געקענט בלייבן לעבן. עלטערן וועלכע האָבן אליין ניט געקענט אַנטלויפן פון נאַצישן גיהנום האָבן זיך באַמיט אַרויסצושיקן פון דאָרט זייערע קינדער כדי זיי צו ערשפּאָרן דעם ליידן און דערנידערונג. אין דעם ספר שרייבט ד״ר חנן לערמאַן, אַז ווען זיינע עלטערן האָבן געמוזט זיך צוריקקערן קיין גאַליציע נאָכדעם ווי היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, האָבן זיי געטאָן אַלץ כדי ארויסצושיקן פון דאָרטן זייער יינגסטע טאָכטער. שולמית גרינוואַלד — האָזענקאָפּף דערציילט ווי איר פאָטער, ר׳ מיכל האָזענקאָפּף, וועלכער האָט ניט געקענט פאַרלאָזן דייטשלאַנד, האָט איר געזאָגט: „בלייב ניט דאָ, פאַר שנעל אוועק פון דאַנעט!״. די איינציקע בקשה פון שמואל (מוליק) פייט, וועלכער איז געבליבן אין וואַגאָן ווען ס׳זיינען פון עם געשפּרונגען די ברידער יצחק לייב און שמואל רוזן איז געווען, זי זאָלן העלפן זיין טאָכטער הינא, וועלכע איז נאָך געבליבן אין ריישער געטאָ.

יענטל בערגער, די טאָכטער פון ר׳ ישראל גערטנער, איז געבליבן אין דייטשלאַנד ביז ס׳איז איר געלונגען מיט גרויסע אַנשטרענגונגען אַרויסצושיקן פון דאָרטן אין די מערב לענדער אירע דריי זון, און ערשט נאָכדעם איז זי געפאָרן צו איר מאַן קיין סטריזשוב, וועלכע האָט זיי אויסגעזען אַ צייטווייליק זיכערער אָרט. זייער לעצטן זון — חיים, האָבן זיי נאָך פריהער געשיקט אין ארץ ישראל וואו ער לעבט ביז היינט, און פון עם האָב איך באַקומען די פּרטים וועגן זיין משפּחה. איר יינגסטער זון זכריה איז אוועק מיט אַ גרופּע קינדער פון דייטשלאַנד קיין האָלאַנד. דעם 31

אויגוסט 1939, אַ טאָג פאר דעם אויסברעכן פון דער מלחמה, איז פון האפן הוק וואן האלאנד ארויס אַ האלענדישע שיף מיט 250 יידישע קינדער צום בריטישן האפן דאבר, ווען די שיף איז אין מיטן נאכט דארט אנגעקומען, האבן די ענגלענדער ניט געלאזט די קינדער אראָפגיין פון שיף. דאמלסט האָט דער האלענדישער שיפסקאפיטאן געדראט, אַז ער וועט דערטרינקען די שיף צוזאמען מיט די קינדער און מאנשאפט צו אַייביקער שאנד פון די ענגלענדער. ערשט נאָך דער דראהונג האט זיך דער לייטער פון האפן פארבונדן מיט זיינע פארגעזעצטע אין לאנדאן. וועגן דעם ענין האבן זיך דערוואוסט די יידישע מנהיגים אין ענגלאנד מיט לארד הערבערט סאמועל בראש, און זיי איז ערשט געלונגען צו באוועגן דעם בריטישן אינערן אמט ער זאָל דערלויבן דאָס אראָפגיין פון די קינדער אין דעם האָפן פון דאבר.

אין די טעג פון פארניכטונג האט מען אַ סך יידישע קינדער איבערגעגעבן גויים, כדי זיי צו ערשפארן די אוממענשלעכע ליידן פון די עלטערן און אויך כדי זיי מציל צו זיין פון טויט. איך שרייב דאָ וועגן 2 פאלן פון איבערגעבן סטריזובער קינדער צו פאליאקן.

דאָס ערשטע קינד אריה, דער זון פון מרדכי פופער און זיין פרוי וויטה די טאכטער פון ר׳ אליעזר לוס פון סטריזוב. ווען זיין מוטער וויטה איז טראגיש אומגעקומען — ווי איך האָב געשריבן — איז ער אלט געווען 4 יאר און געוווינט מיט זיין פאטער אין פשעמישל, וואו ס׳האבן געוווינט דער רוב פארטריבענע פון דינוב. ווען די דייטשן האָבן באזעצט די שטאָט און אנגעהויבן רודפ׳ן יידן, האט מען זיין פאטער געשיקט צו דער ארבעט ביי דער באן (אסטבאן) און האָט ניט געקענט האלטן דאס קינד ביי זיך. ס׳איז דאמלסט אויך שוין געווען אַ סכנה צו איבעגעבן דאָס קינד צו אַ יידישע משפחה, האט ער דערפאר איבערגעגעבן צו אַ פוילישער פאמיליע, וועלכע האָט פאר טייער געלט אים געהאלטן און די פוילישע פרוי פלעגט אים פון צייט צו צייט ארויסברייינגען אויפן גאס ווען דער פאטער איז אונטער וואך געגאנגען צו דער ארבעט, כדי ער זאל קענען זען זיין קינד. ווי ס׳דערציילט זיין שוועגערן לאה לוס אין איר ארטיקל „עם ישראל חי” האט מען מרדכי פופער געשיקט צוזאמען מיט זיין שוועסטערנזון יוסף רייך קיין אושוויץ. זיין זון אריה איז געבליבן ביי דער קריסטין, און מ׳ווייס ניט ביז היינט וואָס מיט עם איז געשען צו האָט מען עם איבערגיגעבן די נאציס און געהרגט, צו איז ער געשטארבן אַ נאטירלאכן טויט, אדער ער לעבט ערגעץ אלס אַ פוילישער גוי און ווייס ניט פון זיין אפשטאמונג, זיין פאָלק און משפחה.

דאָס צווייטע קינד איז ישראל, דער זון פון משה גערטנער און זיין פרוי נחמה. צוליב עם איז זיין מוטער ניט אוועק פון סטריזוב ביים דערנענטערן זיך פון די דייטשן, ווי זי האט געפלאנט, ווייל זי האט עם געוואלט ערשפארן די פלאג פון שווערן וועג נאכדעם ווי ער איז געווען שווער קראַנק ניט לאנג פאר דער מלחמה. זיין פאטער משה איז אוועק אליין, ער איז ניט פארשיקט געוואָרן דורך די סאוויעטישע באהערדן אין יוני 1940 און איז צוריקגעפארן קיין סטריזוב ווען די דייטשן האבן אין יאר 1941 איינגענומען מזרח־פוילן. דער גורל פוןביידע איז געווען דערזעלבער ווי פון אלע סטריזובער יידן.

ווען מיר זיינען אין יאר 1946 צוריק געקומען פון רוסלאנד האבן מיר געהערט — אַ ניט באשטימטע ידיעה — אז איידער מ׳האט געשיקט זיינע עלטערן אין ריישער געטאָ, האָט עם זיין מוטער — ער איז דאמלסט אלט געווען 6 יאר — איבערגעגעבן אַ געוועזענע קריסטלעכע דינסט פון אַ דאָרף נעבן נעבאליץ, וועלכע האָט עם געפלעגט אין דער קינדהייט.

אין סטריזוב וואו איך בין געווען זייער אַ קורצע צייט, האָב איך ניט געקענט דערגיין דעם אמת, און דאָס ארויס פאָרן אין פארוואָרפענע דערפער האָט דאמלסט, ביי דעם ווילדן אנטיסעמיטיזם, געקענט נאר ברייינגען דעם טויט. איך האב צוגעזאגט סטריזובער פאליאקן אַ סך געלט, זיי זאלן געפונען די שפורן פון קינד און האב מיך וועגן דעם געווענדעט אין יענער צייט און אויך שפעטער, ווען איך בין שוין געווען דאָ אין ארץ ישראל, צו יידישע אינסטיטוציעס אין פוילן —— אבער אָן דערפאָלג.

אין יאר 1966 האט באזוכט גאליציע אַ קוזין ישראל׳ס משה בערגער פון ניו־יארק, איינער פון די 3 זין יענטל בערגערס, וועגן וועלכע איך שרייב אויבן, און ניט קענענדיק די לאנדשפראך איז ער געקומען ביז אין דעם דארף נעבן נעבאליץ און געזוכט זיין פארלאָרענעם קוזין. פון שמועסן מיט די דארפסאיינוווינער איז ער דערגאנגען, אז דאָס קינד איז באמת איבערגעגעבן געוואָרן צו דער קריסטן, ער האָט אָבער עם ניט געפונען.

אויך דער גורל פון ישראל גערטנער איז ניט באקאנט.

יצחק בערגלאס

# נאך דער מלחמה און פארניכטונג

מאנכע פון די איבערגעבליבענע זיינען נאָך דער מלחמה געוועזן אין סטריזוב צוליב פארשידענע טעמים. די עיקר סיבה איז׳ געוועזן צו געזעגנען זיך פון דער אלטער היים וועלכע זיי האבן פארלאזן מיט זעקס יאר צוריק, כלומרשט אויף דער ווייל איבערלאזנדיק דאָרט די טייערסטע וואס זיי האבן פארמאגט. פאר זייער פארלאָזן די אַלטע היים כדי אנצוהויבן אַ נייע לעבן — האבן די מענשן געוואלט נאך אמאל זען די אלע ערטער וועלכע האבן זיי דערמאנט זייערע טייערע און זייערע גוטע קינדעריארן. איינער פון די באזוכער בין אויך איך געוועזן.

קיין סטריזוב זיינען מיר — איך און העניע פרידמאן, די טאכטער פון מיין שוועסטער נחמה — געפאָרן מיט אַ ביסל שרעק. אַ גרויסער טייל פון די פאליאקן האָבן זיך באצויגן צו די ווייניקע יידן, וועלכע זיינען ארויס פון זייערע באהעלטענישן און נאָך מער צו די, וועלכע זיינען צוריקגעקומען פון רוסלאנד — זייער צאל איז געוועזן גרויס אין זייערע אויגן צען מאָל אזוי פיל ווי אין דער ווירקליכקייט — מיט אפענער שנאה. ניט איין מאל האָט מען געקענט הערן בייסיגע באמערקונגען וועגן דער גרויסער צאל לעבנגעבליבענע יידן, און ס׳איז באקאנט געוועזן דאָס ווערטעל וואס איז ארומגעגאנגען צווישן די פאליאקן וועגן דעם טוישגעשעפט צווישן רוסלאנד און פוילן, אז די לעצטע גיבן רוסלאנד זייערע ברענקוילן, און די רוסן גיבן אָפּ פוילן די איבערגיבליבענע יידן.

ס׳זיינען געוועזן פאלן, אז מ׳האט פון דער באן ארופגענומען יידן, אויך פרויען, זיי געהרגעט, און אויך איינצעלנע יידן, וועלכע זיינען געפאָרן אין זייערע שטעטלעך צוליב דיזעלבע סיבות וואס מיר. די רוצחים האבן ניט געוואוסט אָדער זיך ניט גערעכנט דערמיט — אז די איבערגעבליבענע נאָך דער שחיטה פארלאזן מאסנווייז פוילן, און פאר דעם גרעסטן טייל פון די וועלכע זיינען צוריק געקומען פון רוסלאנד דינט פוילן — נאך פאר זייער קומען ובפרט נאך דעם — נאָר אלס דורכגאנגסלאנד צו דער ווייטער וועלט. אז פון שטעטין, וואו אהין מ׳האט געשיקט א סך טויזנטער צוריקגעקומענע, גייען נאכט נאך נאכט אויטאס און מיט דער קאנאל אדער — עלבע שיפן פול מיט יידן קיין מערב בערלין און פון דארט אין די פליכטלינגס־לאגערן אין מערב דייטשלאנד (דאס איז געשען מיט דער שטילער הסכמה פון די פוילישע מלוכה אנשטאלטן און צומאכן אנ׳אויג פון די רוסישע און דייטשע — באצאלטע־וואכן. מ׳האט זיך נאר געדארפט היטן פון די יידישע קאמוניסטישע מאכערס, ווייל די וועלכע אנטלויפן מאכן איבעריג די פארשידענע קאמיטעטן, וועלכע זיי האָבן געשאפן). די שונאי ישראל האָבן אויך ניט גערעכנט דערמיט אז איבער די צ׳עכישע גרענעץ, וועלכע איז כמעט לעגאל אָפן דורך אַ שטילן אָפּמאַך פוןביידע רעגירונגען, גייען כסדר מאסנווייז דורך פליטים קיין עסטרייך און איטאליען. ביי זייער ווילדער שנאה צו יידן האבן די רוצחים זיי געהרגעט, אפילו ביים דורכגיין די גרענעץ, טראָצדעם וואס זיי האבן געוואוסט אז אין אַ שעה ארום וועלן זיי ארויס פון פוילן אויף אייביג. דאָס איז געוועזן נאך פאר דער מאסנוואנדערונג דורך שטעטין און קלאדסקו ווען יידן האבן געזוכט אַ וועג כדי ארויס פון פוילן. ווען מיר זיינען נאָר וואס אריבער די גרענעץ ביים קומען פון רוסלאנד האט אונז דערציטערט די ידיעה איבער דעם מאָרד פון אַ גרופע יוגנטליכע וועלכע האָבן געפרובט אריבערצוגיין קיין סלאוואקיי, און פון דארט ווייטער ביז ארץ ישראל. אין ריישע אליין האָבן דאָרטיגע פאליאקן געמאכט אַ פאָגראָם אויף יידן נאָך אין יאר 1945, ווען ס׳האָבן זיך דאָרט באזעצט אַ ביסל יידן וועלכע זיינען ארויס פון די בונקערס און געפרובט זיך שאפן אַ פרנסה. אונטער דעם שוץ פון סאוויעטישן מיליטער האט מען די יידן פון דארט אריבער געפירט קיין קראָקע און דאָרט האָבן זיי ווידער געליטן פון פאגראם וועלכן פאליאקן האבן דאָרט געמאַכט אַ קורצע צייט נאכדעם.

פארנדיג קיין סטריזוב זיינען מיר געקומען קיין ריישע זומער 1946, אַ קורצע צייט נאָך דעם קיעלצער פאָגראָם. די אטמאספערע איז געוועזן פול מיט שנאה צו יידן אבער אין ריישע איז שוין געוועזן רוהיג. ס׳האָט זיך דאָרט באזעצט אַ קליינע צאָל איינצלנע פליטים וועלכע האָבן אין אַ געוועזן יידיש הויז ארגאניזירט אַ קליינעם קאמיטעט, וועלכער איז אונטערשטיצט געווארן פון יידישע הילפ־ארגאניזאציעס און אויסגעהאלטן אַ קליינעם רעסטאראן און שלאפערטער פאר באדערפטיגע. אַ חוץ זיי זיינען געוועזן אין ריישע א ביסל צוריק געקומענע יידישע פליטים פון די ארומיגע שטעטלעך ביז צום ערליידיגן זייערע ענינים. די פאליאקן, די נייע סוחרים — צווישן זיי אפשר אויך אזעלכע וועלכע האבן געלאכט אין פנים די יידן בשעת מ׳האט זיי אין יאר 1942 געפירט צום טויט און פאגראממאכער פון יאר 1945 — האבן געמאכט פרנסה פון אָט די יידן, וועלכע האבן שוין ניט געפרובט זיך באזעצן אויפן אָרט און זיינען געוועזן גוטע קונים אין די רעסטאראנען, געשעפטן און קליינע הויז האטעלס.

באלד ווי מיר זיינען אריין אין פרימיטיוון וואגאן פון דער באן ריישע — יאסלו וועלכע גייט דורך סטריזוב, האָבן מיר זיך אנגעשטויסן אויף דער שרעקלעכער שנאה צו יידן, וועלכע האט ניט אויפגעהערט אפילו ווען זיי זיינען שוין ניט געוועזן. אין וואגאן האָבן געשמועסט דריי פשוטע פויערטס וועגן יידן וועלכע זיינען אמאל געוועזן

— ס'איז זיי ניט געקומען אויפן געדאנק אז נעבן זיי זיצן יידן — און בשעת דעם שמועס זאגט איינע מיט אַ צופֿרידנקייט: „ס'איז געקומען זייער סוף" (Przyszło im na koniec) און די אנדערע ענטפערט „גאנץ גוט אויף זיי".

תיכף ביים אויסטשייגן אויף דער באנסטאנציע פון סטריזוב האבן מיר געזען דעם לעצטן בית עלמין וועלכער איז געווען ניט ווייט אויף דעם ז'ארנאווער בארג. פון דעם בעטאָן פארקאן, וועלכער האָט ארומגערינגלט דעם בית הקברות און אויך פון די מצבות איז קיין צייכן ניט פארבליבן, נאר אויף איין ארט וואו ס'איז געשטאנען דער אהל איבער דעם קבר פון רב ר' אלתר זאב הורוביץ ז"ל זיינען געבליבן ליגן אַ ביסל ציגל און צעמענט פון צעררייגטן אהל.

מיר זיינען געגאנגען אין שטאט אריין מיט דעם געפיל ווי מיר וואלטן געקומען אהיים. אויסערליך האט זיך גארניט געענדערט. אלץ איז אזוי נאָנט צום האַרצן, אַזוי היימיש, ס'וועקט זיך אָבער אויף דער שטארקער צער און די וואונד וועלכע האט זיך נאך ניט פארהיילט. דיזעלבע הייזער און הויף, דיזעלבע גאסן און געשעפטן, נאר אונזערע ברידער און שוועסטערן זיינען ניטאָ. פון די פאליאקן פעלן יחידים וועלכע זיינען געשטארבן אין משך פון די זיבן יאר, אָבער קיין איינציגער ייד. אין אלע געוועלבן זיינען דאָ נייע בעלי בתים, וועלכע האנדלען גרעסטנטיילס מיט דער זעלבער סחורה — אין אונזער גישעפט האב איך נאך געטראפן סחורה וועלכע איך האב איבערגעלאזן אינ'ם יאר 1939 — און אין די יידישע דירות זיינען דאָ נייע איינוווינער וועלכע נוצן אלטע יידישע מעבל.

איצט די אויסערליכע ענדערונגען אין שטעטל:

מ'האָט צערשטערט דאָס הויז פון ר' אהרן קאנער און ווייטער דעם בית מדרש מיט דעם קליינעם הויז אין וועלכן ס'האט געוווינט דער שבת־גוי פון די בתי מדרשים און מיט דעם האט מען חרב געמאכט דאס בית מדרש געסל, דעם אמאליגן „גייסטיגן צענטער" פון די סטריזובער יידן. אויף דעם אָרט האָט מען געמאכט אַ ברייטע גאס וועלכע פירט דורך דעם אלטן יידישן בית עולם ביז צו דעם בערגל נאך דער שטעטישער גימנאזיע. די ציגל און בעטאָן פארקנס פון די דריי יידישע בתי קברות אין צענטער פון שטאט זיינען צערשטערט. אויף דעם אלטן בית הקברות זיינען נאָך געבליבן די ריזן דעמבעס און די אנדערע צוויי זיינען גאנץ אפן און די שכנים באנוצן זיי אלס גרינצייג גערטנער. פון די מצבות איז קיין זכר. די אויף דעם אַלטן האָבן נאָך די יידן באגראבן אין די ערד אונטער דעם צוואנג פון די דייטשן, און פון די אנדערע צוויי האב איך ניט געקענט פון קיינעם דערגיין. יעדער האט געענטפערט אז ער ווייס ניט.

די אלטע שול שטייט אויף איר פלאץ אלס טרויעריגער עדות פון יידישן לעבן אין סטריזוב אין משך פון דורות. עדות צו דעם זיינען אויך די מתים אין זייערע קברים און אַ גרויסע צאל מצבות וועלכע מ'האט ארויסגעריסן פון נייעם בית הקברות און מיט זיי אויסגעפלאסטערט דעם מארק. דער פלאסטער איז געמאכט ווי אויף להכעיס מיט דעם קריצן פון די מצבות ארויף.

עדות צום יידישן לעבן זיינען אויך זייערע איבערגעבליבענע הייזער צוזאמען מיט דער קלויז פון ר' משה לייב שאפירא און זיין זון ר' נחמיה ז"ל און די צוויי קהלשע געביידעס, דאָס הויז פון תלמוד תורה און די באָד. גלייך ווי פריוואטע פאליאקן נוצן די יידישע פריוואט־הייזער — אזוי דער פוילישער כלל די יידישע כלל בנינים.

אלס ירושה פון די יידן געפינען זיך נאָך אין שטאָט די היינגלייכטער פון די בתי תפילה און די גרויסע מעשנע מנורה פון שול.

די אלע מנורות האָט די עסטרייכישע מאכט געוואלט קאָנפיסקירן נאָך בשעת דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען זי האט קאנפיסקירט אלע קופער און מעשזאכן, אפילו פון שולן און קירכן. אין סטריזוב האָט מען דאמלסט אראפגענומען דעם קופערדאך פון דעם גלאקן טורם און מ'האט אים צוגעדעקט מיט פארצינקטע בלעך. מיט גרויס מיה איז די יידן געלונגען צו פארהיטן דאס צונעמען פון די הייננגלייכטער און מנורה אלס תשמישי קדושה. ווען די דייטשן זיינען איצט אריין אין שטעטל האבן עטלעכע יונגעלייט באהאלטן די מנורות כדי זיי צו פארהיטן פאר קאנפיסקירן — די אונגליקלעכע האָבן ניט געוואוסט אז זיי דארפן קודם כל היטן זייער לעבן — און אין דעם באהעלטעניש האָבן זיי זיך נאָך אוודאי געפונען ווען מיר זיינען דארט געוועזן און אפשר נאָך היינט.

אין איינם פון די קריסטליכע בתי קברות געפינט זיך אַ קבר פון צוויי יידישע מיידלעך, וועלכע די דייטשן האָבן געבראכט קיין סטריזוב שוין נאָך דעם ארויסיאגן די יידן, געהרגעט זיי און דאָרט באגראָבן אָן אַ מצבה. מ'זאָגט אז מאנכע קריסטן ברייננען אין זייער נשמות טאג בלומען אויף זייער קבר.

אין דער קלויז פון די סאסאווער רבנים, וואס ביי איר בוי האָט ר' משה לייב ארייננגעלייגט זיינע כחות און פעהיקייטן, האט מען בשעת אונזער דארטזיין שטארק געארבעט כדי צו מאכן פון דעם אַ מאגאזין פון די שטעטישע פייערלעשער, און זי ווערט אויף דעם באנוצט ביז היינט.

אין דער מזרח זייט פון מארק האט מען צערשטערט די דריי הייזער וועלכע זיינען געשטאנען צווישן די הייזער פון גערטנער — גלאט — קולון, ווייל זיי זיינען ניט געווען גענוג שיין פאר די דייטשן.

אין מארק האבן מיר געטראפן אַ ברודער־קבר פון סאוויעטישע זעלנער וועלכע זיינען געפאלן בשעת'ן דער־

אבערן די שטאָט פֿון די דייטשן און ארום דעם קבר האָט מען געפֿלאנצט אַ גאָרטן, וועלכן מ'האט שפעטער פאר־גרעסערט אויף דעם גאנצן מארק. אין פארלויף פון יארן האבן די פוילישע באאמטע וועלכע זיינען געווען שטעטישע ראטמענער געוואָלט אריבערטראגן דעם האנדלסצענטער פון מארק און מאכן פון אים אַ גאָרטן. ס'האבן זיך דעם אנטקעגנ־געשטעלט די יידישע ראטמענער ווייל דער רוב סוחרים און בעלי מלאָכה האבן געוווינט ארום דעם מארק, און מיט הילף פון די ארטיגע פוילישע שטעטלער איז דאס זיי כסדר געלונגען. איצט שטערט שוין ניט דער גארטן ווייל דאס שטעטל שלאפט, ס'איז ניטא קיין האנדל און קיין באוועגונג, אדער דורך דער האלב — סאוויעטישער ארדנונג — דאמלסט — אדער ווייל ס'פעלט דער לעבעדיקער עלעמענט, די יידן.

אין שטעטל האָט מען אונז אויפגענומען העפליך. אין די ערטער וואו מיר האבן אלץ ערליידיגט כדי צוריק צו באקומען אונזער הויז — דאָס ווייניגע געלד וואס מיר האבן באקומען פאר אים איז גענוג געווען צום לעבן אין פוילן און אויף די הוצאות ביז צום קומען אין אונזערע איצטיגע וווינערטער — האָט מען אונז געהאָלפן שנעל דער־ליידיגן די פארמאליטעטן.

מיר זיינען געווען אין סטריזוב דריי טעג אָבער גענעכטיגט נאָר איין נאכט אין דער דירה פֿון ד״ר אדם פאטרין, דעם ברודערנזון פון באקאנטן ד״ר יוסף פאטרין. אזוי ווי זיין פעטער דער געוועזענער בירגערמייסטער, האט אויך ער מיט זיין פאמיליע זיך זייער פריינטליך באצויגן צו יידן. זיין מוטער, די פרומע קאטאלין, האט שוין אין דער צייט פון „אוושעם״ צוגענומען ר׳ העשל דיאמאנט פאר אַ שותף צו איר געשעפט און דורכדעם האָבן די קאטאָ־ליקן מבטל געווען דעם פייערליכן גאטעסדינסט וועלכן מ'האט צענדליגער יארן אבגערעכט פאר דעם געשעפט בשעת דער פראצעסיע פון „באז'ע צ'יאלו״ וועלכע איז הייליג פאר די קאטאליקן. ד״ר אדם האָט בשעת דער דייטשער אקופאציע באזוכט אַ קראנקן אָדער פארוואונדעטן יידן וועלכער אין געווען באהאלטן אין די וועלדער פון דער געגנט וואס איז געווען פארבונדן מיט סכנת נפשות.

מיר האָבן פארלאזט די שטאָט כדי ניט מער צוריק צוקומען, גלייך ווי די אלע סטריזובער וועלכע האָבן דאָרט באזוכט פאר און נאָך אונז. אין מאנכע שטעטליך פון גאליציע און קאנגרעספוילן זיינען צוריק־געקומען און זיך באזעצט נאָך דער מלחמה איינצעלנע יידן און דאביי וועגע־טירט כמעט ווי אנוסים כדי מ'זאל פארגעסן זייער יידישקייט. מאנכע פון זיי האבן באצאלט מיט זייער לעבן פאר זייער ביינקשאפט צו זייערע היימערטער. אין סטריזוב האָט זיך קיין איינציגער ייד באזעצט. דער יורש פון דער יידישער קהילה איז געווארן די שטאָט־פארוואלטונג, לויטן סאוויעטישן נוסח „דער שטאטישער נאציאנאלער ראָט״.

די לאגע בשעת מיין שרייבן:

די שמאלע גאס צווישן דער שול — בית המדרש און דעם אלטן בית עולם האָט מען פארברייטערט אויף דעם חשבון פון בית הקברות פון וועלכן מ'האָט געמאכט אַ שטעטישן גארטן. אויף דעם צווייטן און דריטן בית עלמין, וועלכע זיינען ניט ווייט פון אלטן און וועלכע זיינען פריהער נאָך דעם ארויסיאגן די יידן באנוצט געווארן פון די שכנים אלס גרינס־גארטנער, האָט מען אויפגעבויט אַ שולע פאר קינדער. אזיווי ס'זיינען דאָרט געווען קברים איינער ביים צווייטן און די פונדאמענטן דארף מען בויען טיף, האָט מען ארויסגענומען די מתים פון זייערע קברים און צוזאמען גענומען אין איין ברידערקבר.

פון דער שול האט מען געפלאנט צו מאכן אַ מיהל. די סטריזובער שטאטפארוואלטונג האט אין יאר 1946 דאָס שוין געהאט באשטעטיקט 2 דאברז'עכאווער גויים וועלכע האָבן דאָס געזאָלט אין שול בנין אינסטאלירן. ווען עטלעכע סטריזובער, פון דער שארית הפליטה אין קאטאוויץ האָבן זיך דערפון דערוואוסט, האבן יצחק דויטש, יוסף וויינבערג מיט הילף פון ד״ר חיים פרענקל, פראטעסטירט וועגן דעם ביי דער צענטראלער ליקווידאציאנס־קאמיסיע אין ווארשע, וועלכע האָט געהאט די השגחה אויף די פארלאזענע פאר־מעגנס. דעם פראָטעסט בריוו צום ליקווידאציאנסאמט האָבן זיי אונטערגעשריבן אלס פארבאנד פון סטריזובער יידן און אויך האט אונטערגעשריבן שמואל מוסלער ז״ל פון ניו־יורק, אין נאָמען פון סטריזובער פארבאנד אין אַמעריקע. (ד״ר פרענקל האָט דאמלסט נאכגעזוכט אין אַרכיון און געפונען אז די שול אין סטריזוב שטייט שוין איבער 400 יאר).

אויף גרונד פון דעם פראטעסט האט די ליקווידאציאנס־קאמיסיע פארבאטן צו אינסטאלירן די מיהל אין בנין פון שול, ווי ס'האט די שרייבער פון בריוו באשטעטיקט די אפטיילונג פון ליקווידאציאנס־אמט אין סטריזוב. צום סוף האָט מען דאָרט געמאכט אַ מאגאזין פון דעם שטעטישן קאָא־פעראטיוו. אינ'ם יאר 1959 האָט דער שטעטישער נאציאנאלער ראָט באשלאָסן ארופצוריסן די שול און צו בויען אויף דעם אָרט צוזאמען מיט דעם שיינעם שולפלאץ — ער איז באקאנט אַלע סטריזובער יידן און ספעציעל די יידישע קינדער וועלכע פלעגן זיך דאָרט שפילן זייט דורות — אַ שטעטישן בנין. דעם פלאן האָט זיך אנטקעגנגעשטעלט דער אַנטיקן־קאנסערוואטאר פון ריישער וואיעוואדשאפט, באמער־קנדיק אז דער בנין איז שטארק, טראָצדעם וואס מ'פלעגט אים ניט צייט דעם יאר 1939 און מ'דארף אים האלטן אלס אנטיק געביידע. אויף דער ארגון יוצאי סטריזוב אין ישראל, וועלכער האט זיך דערוואוסט פון דעם האט זיך ענערגיש אנטקעגנגעשטעלט דעם פלאן פון צערשטערן די שול ווענדענדיק זיך צו ישראל'שע און פוילישע מלוכה'ישע אינ־סטאנצן, און האָט אויך מסכים געווען מ'זאל אין איר איינ־ארדנען אַ קולטורעלע אינסטיטוציע.

בשעת איך שרייב די שורות איז שוין באשלאסן צו באנייען דעם בנין פאר קולטורעלע צוועקן, אבער די אנ־העגנער פון צערשטערן פרווון נאָך אויסצופירן זייער פלאן. די שול דינט נאָך פארלייפיג אלס מאגאזין און דער גורל פון בנין איז אבהענגיק אָן דעם, ווער ס׳וועט זיין שטארקער. צו די צענטראלע פוילישע מלוכה אינסטיטוציעס וועלכע העלפן — בפרט אין די גרויסע שטעט — אפצוהיטן די יידישע אלטערטימליכקייטן, אדער די ארטיגע מאכט, וועלכע טוט וואס ס׳איז נאר מעגלעך — בפרט אין דער פארוואָרפענער פראווינץ — כדי אויסצורייסן יעדן זכר פון די יידן און טרעטן ניט צוריק פון צערשטערן אנטיקע געביידען און מחלל זיין בתי קברות, ווי דאס איז געשען אין אונזער שטעטל.

אין יאר 1959 האָט מען ארויסגענומען די מצבות פון מארק־פלאסטער און נאָכדעם ווי זיי זיינען געלעגן אַ לאנגע צייט אויף אַ הויפן ביי דער מזרח זייט פון מארק, האָט מען זיי אין יאר 1961 — חוץ די וועלכע זיינען צערברעקלט געווארן פון דינען אלס פלאסטער באלד 20 יאר — אנידערגעלייגט אויף אַ טייל פון לעצטן יידישן בית עולם אויף דעם ז׳ארנאווער בארג. די שטאָט פארוואלטונג האט דאָס געטאָן אויף אַ באפעל פון די העכערע מאכט און אויך צו דעם האָט אַ סך צוגעהאלפן דער ארגון יוצאי סטריזוב אין ישראל וועלכער האָט בשעת דער אקציע וועגן דער שול אויך שטארק פראטעסטירט געגן דער חרפה פון מצבות פלאסטער.

דער איבריגער טייל פון לעצטן בית הקברות ווערט באַארבעט אלס גאָרטן דורך פארשידענע מענשן, און בעיקר, שטעטישע אנגעשטעלטע.

אויף דעם בנין פון תלמוד תורה ולינת אורחים האט מען אויפגעבויט נאך אַ שטאָק פון האָלץ, און ער דינט איצט אלס היילצענטער פון סטריזוב.

צולעצט האט די שטאטפארוואלטונג אויך אוסגעבויט דאָס יידישע באָד, וועלכס דינט איצט אלס שטעטיש באָד.

תשכ״ז — 1967

צום סוף איז געווען שטארקער די צענטראלבאהערדע און מ׳האָט די סטריזובער שול ניט צערשטערט. אין יאָר 1966 האט מען דעם בנין רעסטאווירט, געמאכט גרויסע ענדע־רונגען און איינגעארדנט דארטן אַ שטעטישע ביבליאטעק. די ענדערונגען זיינען פאלגנדע :

פון די 2 אריינגאנגטירן צום פלוש אין דעם דרום־פראנט וואנט וועלכע האבן געדינט אלס אריינגאנג אין שול האָט מען געמאכט פענסטער, מ׳האָט צערשטערט די טרעפ וועלכע האבן געפירט צו דער ווייבערשער שול, און אויף דעם אָרט האָט מען געמאַכט 2 אריינגאנגען מיט קליינע געדעקטע קארידארן, איינס אין דער מזרח וואנט, וואו ס׳איז געווען דער ארון קודש, און איינס אין דער מערב וואנט וואו ס׳איז געווען דער אריינגאנג אין פלוש אונטער די טרעפ צו דער ווייבערשער שול. אין גרויסן זאל (היכל) האט מען געמאכט אַ גאלעריע ארום די ווענט מיט טרעפ פון אינערוויניק, און מיט דעם האט מען געטיילט דעם הויפטזאל אויף אַ פארטער און שטאָק. נאָר אין דעם מיטן ארום די 4 גרויסע זאלן האט מען ניט געטיילט, און אויף דעם ארט איז געבליבן הויך ווי פריהער. פאר דעם פארטער האָט מען געעפענט פענסטער פאַראלעל צו די פון אויבן. מ׳האָט אויך באַנייט די זייטן שטובן, דעם פלוש און דאָס קהל שטיבל, און פון דער ווייבערשער שול האט מען געמאכט אַ שיינעם זיצונגס־זאל. אויף דעם דאָך האָט מען געעפענט פענסטער איבער יעדן אריינגאנג, וועלכע באַלייכטן דעם גרויסן, אַמאל טונקאלן, שול בוידים.

די שול האָט מען אויסגעמאלן מיט געוויינלאכע פארב, מיט וועלכן מ׳האט צוגעדעקט די מאלערייען פון דער פאמיליע גארפונקל און די שריפט פון די תפילות און תהלים־מזמורים וועלכע זיינען נאָך געבליבן פון 18 יאָר־הונדערט. ס׳איז נאר געבליבן די מאלעריי פון פיש (לויתן) וועלכע איז געווען אין דער מיטן פון דעם געוועלב צווישן די 4 זאלן, און די שיינע ארנאמענטן אויף די ארומיקע בויגנס. די ארנאמענטן האָבן געמאָלן ר׳ שמואל גארפונקל און זיין זון ר׳ אהרן און די מאלעריי פון פיש איז פון פאר 200 יאר, און אויפגעפרישט האבן זי איצט פוילישע מאלער.

בייביידע אריינגיינג אין שול האָט מען אנגעשלאגן טאוולען און געשריבן אויף פויליש: „די אלגעמיינע, עפנטליכע שטעטישע ביבליאטעק אין סטריזוב״. ס׳איז ניטא קיין זכר דערפון, אז דער בנין איז געווען אַ יידישע שול אין משך פון 400 יאר, ווייל אין סטריזוב האט קיינער פאר דעם ניט געזארגט ווי אין קראקע אָדער אפילו אין לאנצוט.

מ׳האט שוין צערשטערט 2 הייזער וועלכע שטייען נעבן דער שול דאָס הויז פון ר׳ ראובן סאפיר, פון דער רעכטער זייט, און ר׳ יעקב קאנער פון דער לינקער, און אויף דעם ארט פון די ביידע הייזער צוזאמען מיטן שולפלאץ וועט מען שטעלן אַ גרויסן האַנדלסבנין, וועלכער וועט פאַר־שטעלן די געוועזענע שול און פארשטיפן איר אין אַ הינטער געסל.

בשעת מ׳האָט באַנייט די שול האָט מען צערלעגט די ציגלווענטל, וועלכע האט פארמאכט דעם לינקן פענסטער אין דעם דרום־וואנט פון דער ווייבערשער שול און דערמיט געעפענט דעם אריינגאנג צו די טרעפ אין דעם מויער, וועלכע האָבן געפירט צום שולבוידעם. דאמלסט האָט מען געפונען דעם בוידעם פול צערשפרייט מיט העברעאישע ספרים. דאָס זיינען געווען די „שמות״, וועלכע איך געדיינק נאָך אלס קינד, און צו וועלכן מ׳האט כסדר צוגעגעבן. אויף דעם גרויסן שולבוידעם איז געווען פאר זיי גענוג

אָרט און צוליב דעם האָט מען זיי ניט באגראבן, ווי דער מנהג איז. די „מציאה" האט געמאכט אַ רעש צווישן פוילישע געלערנטע, וועלכע ווילן פארשן היינט דאס לעבן פון די יידן, ווען זיי זיינען שוין ניטא. אויך מיר האבן דא געהערט פון 400 ספרי קודש, וועלכע מ'האט געפונען אויף דעם סטריזובער שול־בוידעם, אבער מ'האט באלד פעסט־געשטעלט דעם כאראקטער פון די ספרים.

דער זכר פון די יידן ווערט מיט דער צייט פארגעסן אין שטאָט, נאר טיילמאל קומט אהין ווער פון די ווייניקע יידן, וועלכע לעבן נאך אין פוילן ווי אנוסים, כדי צו קויפן יידישע ספרים, לייכטער און היינגלייכטער, וועלכע געפינען זיך נאך אין גוישע הייזער אלס ירושה פון די יידן. אין דער לעצטער צייט איז דארטן געוועזן וועגן דעם דער ברודער פון ר' ראובן סאפיר פון סטריזוב.

ס'איז פארשטענדלעך אז עס רייסט זיך איבער אונזער קשר מיט סטריזוב, וועלכע שטייט פאר אונזערע אויגן אלס יידישע שטאָט, און מיר האבן קיין שום ענין אין גוישן סטריזוב.

## זכרונות פון דער צייט פון חורבן

**יחזקאל לאנגזאם**

# מיין לעצטער שמחת תורה אין סטריזוב אינם יאר 1939

די לעצטע ימים נוראים פאר מיין אנטלויפן אויף דער רוסישער זייט זיינען געווען אמת׳דיג ימים נוראים׳דיג. פול מיט שרעק פאר די נאצישע חיה וועלכע האט נאר וואס געהאט פארנומען פוילן.

ווען די מלחמה האט אויסגעבראכן בין איך געווען אין אַ שטעטל נעבן טארנא, ווארטנדיג אויף אַ באריכט פון מיין פאטער ז״ל. ניט דערווארטנדיג זיך אויף קיין שום ידיעה און זייענדיג באזארגט וועגן זיין גורל האב איך הול המועד סוכות באשלאסן זיך אוועקלאזן קיין סטריזוב צופוס, ניט קוקנדיג אויף די סכנה וואס האט דאמלסט געלויערט אַ יידישן בחור, וואנדערנדיג איבער גויישע דערפער.

דער וועג פון טארנא קיין סטריזוב איז מיר געווען גוט באקאנט נאך פון פאר דער מלחמה ווען איך פלעג פארן דעם וועג מיט אַ פערד און וואגן צוזאמען מיט ר׳ לייבוש דיאמאנט ז״ל. איך האב זיך פארשטעלט אין פויערישע קליידער און זיך געלאזט גיין. איך בין געגאנגען צופוס פון טארנא קיין פילזנא, דאן קיין בז׳אסטיק, פריסטיג און סטריזוב, אַ מהלך פון העכער 70 קילומעטער. דער וועג איז דורך בערך בשלום.

אויפן וועג צווישן פילזנא און בז׳אסטיק האָב איך גינעכטיקט ביי אַ באקאנטן דאָרפס ייד. ער האָט מיך פון אנהויב ניט געוואלט ארייַנלאזן ווייל די געסטאפא האט פארבאטן איבערצונעכטיגן פרעמדע. איך האב אבער קיין ברירה ניט געהאט ווייל נאָך 7 אַ זייגער ביינאכט האָט מען ניט געטאָרט זיין אין דרויסן — האָט זיך דער ייד אַיינגעשטעלט. פרייטיג פארטאָג, הושענא רבה, בין איך אנגעקומען קיין בז׳אסטיק און גלייך אַריין צו אַ בן עיר ר׳ מנחם גרוסקאפף, *) דארט האבן מיר געדאווענט בצבור און געזאגט הושענות. דאָס האַרץ האָט געשניטן ווען ר׳ מענדל האָט אַוועקגעלייגט א פאריאריגן טרוקענעם לולב אויפן טיש, אלס אַ זכר פון בעסערע צייטן

כ׳בין אנגעקומען קיין סטריזוב ארום 3 אַזייגער נאכמיטאָג. אויף דעם דאבז׳עכאווער וועג האָב איך שוין געהאַט דעם ערשטן ברוך הבא. אַ גרופע יידישע יינגלעך, מיינע חברים, האבן פאריכט דעם וועג און דער משגיח אויף זיי איז געווען דער באדינער פון בית מדרש און קלויז, סיבירצא, וועלכער האָט געלעבט פון ארבייט ביי יידן.

מיין פאטער האט זיך, פארשטייט זיך, מיט מיר זייער דערפרייט און מיט די ידיעות וואָס איך האב עם געבראכט פון די אנדערע קינדער

שמיני עצרת ביינאכט האָבן מיר זיך צוזאמענגעקליבן ביי ר׳ מיכל שיץ ז״ל. מ׳אָט געדאווענט מעריב און געמאכט די הקפות, וועלכע זיינען ענלאך געווען צו א תפילה ביי אַ אבל ר״ל, דאָס האַרץ האָט וויי געטאָן ווען איך האב זיך דערמאנט אן די הקפות פון די פריהערע יארן, די קינדער מיט די פאנעס וואס אין יעדן האָט אין רויטן עפל געשטעקט אַ ברענענדיג ליכט, דאָס התלהבות מיט וועלכע ר׳ נחמיה׳לה זצ״ל פלעגט מאכן די הקפות, ווען די קינדערלעך פלעגן זיך שטופן צו געבן אַ קוש דאָס קליינע ספר־תורה׳לה, און ער פלעגט זיך אראבבויגן צו יעדער קינד מיט אזאַ ליבשאפט, מיט אַזאַ איבערגעבנקייט, אויפפאסנדיג ניט צו פארזען וועלכן פון די קינדער. דאָס קליינע ספר־תורה׳לה האָט ער שטארק ליב געהאט און פון אים זיך קיינמאל ניט געשיידט, ער האט געמאכט אַ ספעציעל רענצל, און וואו ער פלעגט פארן האט ער עס מיט זיך מיטגענומען.

מיר האָבן געשפירט אז אונטער דער אכזריות׳דיגער הערשאפט פון די דייטשן, וועלכע האבן אונז פארגאסן מיט אַ ים פון שנאה, וועלן מיר ניט קענען לעבן. מ׳האט אונז אויך פריער ניט איבריג ליב געהאט, אָבער איצט זענען מיר געוואָרן אינגאַנצן הפקר. צוליב דעם האבן מיר באשלאסן תיכף נאָך יום־טוב צו פארלאָזן די פארשאָלטענע לאנד און אוועקוואנדערן צו דעם באזעצטן טייל פון די רוסן, פון וואנעט עס זיינען געקומען ידיעות אז דער ייד איז דאָרטן ניט אונטערדריקט.

ווען מיר האָבן געפרעגט אנ׳עצה ר׳ נחמיה׳לה — ער האָט זיך דאמלסט אויסבאהאלטן אין אַ פרעמדע דירה ביי ר׳ שלמה אורהאן — האָט ער אונז געענטפערט בזו הלשון: קיין עצה האב איך ניט אבער השי״ת זאל אַייך שומר און מציל זיין.

דינסטיג דעם 24 אוקטובער 1939 האָבן מיר, איך און מיין ברודער שמחה, פארלאזט די היים, אונזער געבורטס שטעטל מיט דער האפנונג אז אין קורצן וועלן מיר זיך צוריקקערן און געפינען אלעמען געזונט.

---

*) וועגן זיין העלדנטויט אויף קידוש השם שרייב איך אין דעם ספר, (יצחק בערגלאס).

בשעת אונזער אוועקגיין האָט גערעגנט אין דרויסן ווי חשוון צייט. ס'האָט אויסגזען אז די נאַטור וויינט מיט אונז. איך האָב זיך אומגעקוקט געוואָרפן דעם לעצטן בליק אויף דעם הייזל וואו איך בין געבאָרן, אויף דעם בלאָטיגן געסל, און זיך געזעגנט אין אין דער מחשבה, מיטן שטעטל, מיט איר שיינער נאַטור, בערג, וועלדער און וואַסער, אירע יידן און ווייניג גוטע גוים.*) איך האָב אויך געמאַכט אַ חשבון הנפש דערמאָנט זיך אָן די יסורים וועלכע איך בין דורכגעגאַנגען און אויך די גוטע, פריילעכע מאָמענטן — זייער ווייניגע — וואָס מיר האָבן צו זיי זוכה געווען.

מיר האָבן זיך געשראָקן פאַר דעם אונבאַקאַנטן וועג ביי דער דייטשער הערשאַפט, וואו די טויט סכנה איז געווען אַזוי גרויס, און פאַר דעם לעבן אין אַנ'אַנדער לאַנד אונטער דעם שטרייַנגען סאָוועטישן רעזשים, און דערביי געשאָלטן וועמעס אכזריות ברענגט צו אַלץ.

אונזער פאָטער, וועלכער האָט אונז באַגלייט, האָט מיט זיין ווייכער שטימע זיך מיט אונז געזעגנט און געזאָגט: ווי אַ טאַטע קען איך ניט זאָגן צו מיינע קינדער, גייט, ס'איז אָבער דאָך אַ סכנה. טו גייט, נאָר היט אָפּ דאָס יידישקייט, זייט מצליח און האָפנטלאָך וועלן מיר אויף פסח איה"ש זיין ווידער צוזאַמען ביים סדר.

ליידער האָבן מיר דעם טאַטן און די משפחה, וועלכע זיינען איבערגעבליבן אונטער דער דייטשער הערשאַפט מער שוין ניט געזען.

*) ווי די גרויסע משפחה פאַטרין, וועלכע האָט אַלעמאָל אַרויס געוויזן איר פריינדשאַפט צו יידן.

יצחק לייב רוזן

# זכרונות פון דער שרעקלעכער צייט

## דאס שפרינגען פון טויט-צוג

ס'איז געווען אין מיטן נאַכט פון 15/11 — 16/11 1942. אונזער טראַנספּאָרטצוג וועלכער האָט געפירט צו פאַרניכטונג, איז באַשטאַנען פון 21 וואַגאָנען, 14 זיינען אָנגעקומען פון באָכניע און טאַרנאָוו, 7 האָט מען צוגעגעבן פון ריישער געטאָ, אין יעדן וואַגאָן זיינען געווען בערך 150 מענשן. אין זעלבן צוג זיינען געפאָרן די לעצטע פון סטריזשובער יודנראַט אברהם בראַוו און שינאַגל, און צוזאַמען מיט אונז אין וואַגאָן זיינען געווען שמואל (מוליק) פייט און חיים אַדעסט.

ווען מיר זיינען דורכגעפאָרן דעם דאָרף קראַסנאַ, 13 קילאָמעטער פון ריישאַ, איז אויפגעשטאַנען אַ עלטערער ייד פון באָכני, וועלכער האָט שוין געהאַט אַ נסיון און געשפּרונגען פון פריהערע טראַנספּאָרטן, און מיט די ווערטער: נאַראָנים, וואָס שטייט איר, וואָס מיינט איר, וואו אַהין פירט מען אייך?". האָט ער זיך מיט כח צוגעשטופּט צום פענסטערל און מיט אַ צווייַנגל, וועלכן ער האָט געהאַט באַהאַלטן ביי זיך אין שטיוול, האָט ער איבערגעשניטן די שטעכלדראָטן פון די פענסטערלעך אין וואַגאָן, און איז אַרויסגעשפּרונגען. אַ דאַנק דעם ייד זיינען מיר אויך געשפּרונגען.

עס טריפט מיר מיין האַרץ ווען איך דערמאָן זיך די סטריזשובער אין אונזער וואַגאָן, מוליק פייט און חיים אַדעסט, אַ יונג ווי אַ בוים. איך האָב זיך ביי זיי געבעטן „שפּרינגט!" זיי האָבן אָבער ניט געוואָלט, זיי האָבן נעבעך ניט געגלויבט אז מען פירט צום טויט. איך אַליין האָב אויך מורא געהאַט צו שפּרינגען, נאָר אינצווישן האָב איך דערהערט אַ געשריי פון דרויסן פון מיין ברודער שמואל'קן, וועלכער איז שוין אינצווישן אַראָבגעשפּרונגען, בין איך נאָך עם. מוליק פייט האָט מיר נאָך נאָכגעשריען, איך האָב דאָס גוט געהערט, אז מיר זאָלן אַכטונג געבן אויף זיין קינד. זיין ייִנגערע טאָכטער הענאַ איז דאַמאָלסט נאָך געווען אין געטאָ.

צוזאַמען מיט אונז איז געשפּרונגען ריטער, אַ ייִנגל פון לוטצ'אַ און אַ צודעצער יונגערמאַן יפה, ריטער האָט זיך באַלד פון אונז אַוועקגעדרייט און איך האָב שפּעטער געהערט אז ער איז אַוועק צוריק קיין לוטצ'אַ און דאָרט נעבעך אומגעקומען. מיר זיינען פאַרטאָג אַריין צו אַ פּויער אין סטאַדאָלע, עם געגעבן 500 זלאָטעס, האָט ער אונז געגעבן אַ ביסל פּאַליווקע מיט אַ פלשעל סאַמאַגאָנקע (רויען בראָנפן. נאָך מיטאָג האָט ער זיך אויף אונז געבייזערט מיר זאָלן אַרויס פון אים, ווייל די דייטשע פּאָליציי איז דאָ אין דאָרף. ס'איז ניט געווען אמת, אָבער מיר האָבן קיין ברירה ניט געהאַט און געמוזט פון אים אַרויס. מיר האָבן באַשלאָסן צוריק צוגיין אין געטאָ. ער האָט אונז ביינאַכט, אין דער פינסטער צוגעפירט צום לעמבערגער וועג און דאָרט זיינען מיר געגאַנגען אין דער ריכטונג פון געטאָ. צו אונזער מזל האָט אונזער קיינער ניט באַמערקט.

יפה האָט געוואָלט פריהער גיין צו זיינעם אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט געוווינט הינטערן געריכט ווי מ'קומט אַן פון סטריזשוב. מיר זיינען אַריין צו דעם באַקאַנטן אין שטוב, אָבער דעם בעל הבית ניט געטראָפן אין דער היים. זיין פרוי האָט מורא געהאַט און אונז געהייסן אַריינגיין אין חזירים־שטאַל, זייער אַ נידריגן, וואו מיר זיינען געלעגן עטלעכע שעה. אינצווישן האָט זי אויפגעזוכט איר מאַן

וועלכער איז געווען אין אַ שיינק און אהיים געקומען טויט שיכור, ער האָט אונז ארויסגערופן פון חזירים־שטאל און געהייסן זיך לייגן אין זיינע בעטן, אבער מיר האבן דאָס ניט געטאָן. מיט טויטשרעק זיינען מיר דורכגעקומען די נאכט, און פארטאג האָט דער פאליאק ארויסגעשיקט זיין פרוי מיט די 6 קינדער. זיי האבן אויסגעקוקט די גאסן, מיר זיינען נאכגעגאנגען און אריינגעשפרונגען אין געטא אריין דורך אַ פלויט פון אַ הויז וועלכע האט געהערט דעם ריישער יובעליר צוקער. אין געטא האבן מיר שוין געטראפן אפשר 150 מענשן פון די וועלכע זיינען געשפרונגען. ס'זעט אויס אז פון צוג זיינען געשפרונגען עטלעכע הונדערט יידן. דעם באכנייער ייד, וואָס אַ דאנק עם זיינען מיר געשפרונגען האָב איך דארטן ניט געטראפן.

אין געטא זיינען מיר געווען ביז מאי 1943. פון אונזערע צרות און ביטערן לעבן דארטן האב איך שוין מאנכעס געשריבן און נאָך מערער דערציילט. איך וויל נאָך איינס שרייבן.

אַ פוילישער אפיציר אין ריישא מיטן נאמען פאַסעק האָט אונז געהאָלפן האבן אַ קאנטאַקט מיט אונזער שוועסטער פערל, וועלכע האָט געלעבט אין בערלין אויף ארישע דאקרמנטן. אין דער צייט וואָס מיר זיינען געווען אין געטאָ האָבן מיר באקומען דורך דעם אפיציר בערך 10 בריף, אבער יעדער מאָל מיט טויטשרעק. און געדאנקט השי"ת אז די בריוו זיינען ניט אריין אין די הענט פון געסטאפא, צו אונזער מזל זיינען אין ריישער געטא ניט געווען קיין יידישע מוסרים.

איך שרייב דאָס אַלץ טראצדעם וואס עס איז מיר שווער נאכאמאל איבערצוחזרן די מעשיות פון אונזערע צרות. דער אנדער זייט ווערט אויך אַ ביסל לייכטער ווען מ'רעט זיך אביסל אַראָפּ פון הארצן.

## אין געראנגל מיט די יידישע קאפוס

סוף יאר 1942, שוין נאָך די גרויסע אויסזידלונגען פון ריישער געטא און פאר דער לעצטער וועלכע איז פארגעקומען דעם 15.11 1942, ווען מיר זיינען דאָרט געווען בערך נאָך 4000 יידן, האָבן מיר באמערקט צוריקקומענדיג פון דרויסן פון דער ארבייט אַ צוזאמענלויף פון מענשן אין אַ טייל פון געטא אויף דער אזויגערופענער „דרוקערובקא". די יידישע פאליציי די „קאפוס" האבן גענומען קאנטריבוציע ביי יידן פון טויטע און לעבעדיקע. ווען איך בין נאָר צוגעקומען זען וואָס ס'איז געשען האָב איך באקומען אַ שמיץ אין פנים פון אַ קאפו, אַ ריישר ייד מיטן נאמען קליינמינץ — דער רוב קאפוס זיינען אין יענער צייט שוין געווען לאדזער און קאלישער יידן, אָבער ווייניג אויך ארטיגע ניט קלערנדיג קיין סך און ניט בארעכנדיק וואס איך גיי טאָן, האָב איך עם דערלאנגט אַ שטארקן קלאפּ און ער איז תיכף אומגעפאלן. איך בין שנעל אנטלאָפן צו אונזער שטוב, נאָר איך האָב מיך טועה געווען און אַריין אין אַ הויז פריהער און נאָך מיט עטלאכע פאליציסטן. דער ערשטער פון זיי איז געווען דער טרויעריג בארימטער איטשאלע (מען האט אים גערופן דער „דער קליינער איטשאלע") פון קאלבישוב און אויך אים האב איך געגעבן אַ שטארקן קלאפּ ביז ער איז אראפּגעפלן פון די טרעפּ.

צום סוף האבן מיך פעסט גינומען עטלעכע פאליציסטן און געפירט צו דער דייטשער קאמאנדאטור וועלכע איז געווען אין זעלבן הויז וואו דער יודנראט.

דער גאנצער געטא איז דערווייל געגאנגען אויף רעדער. עס האָט אויסגעזען ווי אנ'אויפשטנד צו מיין מזל זיינען אין דעם מאמענט ניט געווען קיין דייטשן אין געטא.

בשעת די פאליציסטן האבן מיך געפירט איז אונטער געקומען ה. לובאש, אַ באקאנטער ריישער ייד וועלכער איז אויך געווען זייער באליבט אין געטא. ה. לובאש האט מיך געקענט נאָך פון פאר דער מלחמה, ער האָט א ביסל בארוהיגט די רוצחים און ניט אבגעטראטן ביז מען האט צוגעפירט צום יודנראט

דערווייל האָבן אַנדערע פאליציסטן געכאפּט מיין יינגרן ברודער שמואל, דאמלסט אַ אינגל פון 15 יאָר און אויסגעלאזט זייער נקמה אויף אים, שלאגנדיג עם מכות רצח.

ווען מען האט מיר אריינגעפירט אין יודנראט האבן שוין דארט אבגעווארט אברהם (דאליק) בראוו און שינאגל, די צוויי לעצטע מיטגלידער פון סטריזובער יודנראט וועלכע זיינען שפעטער אין ריישער געטא געווען מיטגלידער פון דארטיגן יודנראט און האבן מיך אבגעראטעוועט פון זיכרן טויט, מיט דעם וואס זיי האבן מיך ארויסגענומען פון די הענט פון די פאליציי, און בפרט אז דאמלסט איז שוין געווען אנגעקומען אין געטא די דייטשע פאליציי

בראוו און שינאגל האָבן מיך פארשלאסן אין ביורא פון פארזיצנדער פון יודנראט ד"ר קליינמאן, וואו איך בין געזעסן בערך אַ שעה צייט ביז זיין אנקומען.

ד"ר קליינמאן האט זיך אויף מיר לפנים וועגן שטארק געבייזערט, און די פאליציי האט מיך אנגעקלאגט אז איך וויל ניט צאלן די קאנטריבוציע. איך האב באוויזן מיט א באשטעטיגונג אז איך האב די קאנטריבוציע שוין געהאט באצאלט און מיט דעם האט זיך גיענדיגט דער משפט.

ערשט נאך דעם האב איך געזען מיין צושלאגענעם ברודער און פארשטאנען אז מיר זיינען ניצל געוואָרן בנס.

דעם צווייטן סכסוך מיט אַ קאפו האָב איך געהאט אין לאַגער הוטא קאמאראבסקא.

דער לאַגר איז געווען אונטערוואָרפן דעם דייטשן געטאָ קאמענדאנט שובקע, וועלכער איז ניט געווען קיין שלעכטער מענש. ער האט אונז, די סטריזבער גרופע ארבייטער וועלכע האָט געארבעט אין סטריזוב ביי פאנאנדערנעמען מי־

ליטער באראקן און דערביי געביטן קליידער אויף עסן, אַרעסטירט, מורא האבנדיק אז די גויים אין סטריזוב װעלכע האבן אונז דארט געמסרט װעלן װידער מסרן צו די העכערע מאכט, װען ער האט זיך אבער איבערצייגט, אז זיי האבן פון אונז נאר צוגענומען דאס עסן און טוען װייטער גארניט, האט ער אונז תיכף באפרייט.

אבער אויפן אָרט אין הוטא קאמאראַבסקא איז געװען קאָמאנדאַנט דער טרויעריג בארימטער שמידט, װעמענס פּראָצעס קומט איצט פאר אין דייטשלאנד, און געהאָלפן האבן עם יידישע קאָפּוס: די ברידער ריבנער, שטרויכער, אלימלך קירשנבוים און נאָך אַנדערע.

דאָרט האבן מיר זייער שווער געארבייט אין װעלדער ביים האקן בוימער, און דער קאמאנדאנט מיט די פאליציסטן האָבן אונז דערביי געפייניקט.

אמאל האָבן מיר פארמסרט אונזערע פייניקער ביים דייטשן קאמאנדאנט שובקע, װעלכער האָט זיי גערופן און געמוסערט װעגן דעם שלעכטן באהאנדלען אונז.

די קאפוס האבן זיך דערפאר אן אונז נוקם געװען און תיכף דעם צווייטן טאג און נאָכדעם כסדר אַ טאָג נאָך אַ טאָג איינגעפירט שטראפטעג. ד.ה. — מיר האבן געמוזט ארבייטן זייער שנעל, אָן עסן און אָן העמדער, בשעת די קאמארעס האבן אונז שרעקלאך געביסן.

װער ס׳האט געפרובט זיך אויסגלייכן אדער איין מינוט אויפהערן האקן מיט דער האק, האט באקומען קלעפּ מיט אַ שטעקן איבערן נאקעטן רוקן.

מער פון אלעמען האט געשלאָגן דער קאפּו אלימלך קירשנבוים — עם האבן שפּעטער די רוסן געשאָסן — און ער איז אויך צוגעקומען צו מיין יינגערן ברודער שמואל און אויפגעהויבן אויף עם דעם שטעקן דאמלסט בין איך צו עם צוגעשפרונגען מיט דער האק און געזאָגט: „מיילעך, װען דו רירסט אָן מיין ברודער איז דיין טויט אויף׳ן אָרט".

מיין אויפטריט האט געװירקט. ער האט זיך דער־שראָקן און אבגעלאזט מיין ברודער, אבער גלייכצייטיג מיר געסטראשעט אז ער װעט זיך מיט מיר אפּרעכענען נאכן צוריקקומען אין לאגער.

גייענדיג פון װאלד צום לאגער האָבן מיר זיך ניט געקענט קיין עצה געבן. מיר האָבן מורא געהאט פאר די נקמה פון קאפּו און געװאלט צוהערן די עצה פון אונזער עלטערן ברודער יחיאל און מענדל ליבערמאן — דוד ליבערמאנס זון פון סטריזוב — צו אנטלויפן און ניט צוריקגיין אין לאגער, פון דער אנדער זייט האט דער ברודער פון קאפּו. אַ אנ׳שטענדיגער און פיינער בחור — װי מיר שיינט לעבט ער אין ישראל — אונז צוגערעדט מיר זאלן ניט אנטלויפן, און אין אמת׳ן איז ניט געװען װאו אהין צו אנטלויפן, װייל די פּאליאקן האָבן אונז אויף טריט און שריט פארפאלגט. ער, דער ברודער האט אויך דעם קאפּו געזידלט און געמוסערט בשעת דעם גאנצן װעג פון װאלד אין לאגער און ביי עם געפועלט אז ער האט זיין חרפה אראפּגעשלונגען און צוריקקומענדיג אין לאגער ניט דערציילט דעם קאמאנדאנט װאס עס איז פארגעקומען אין װאלד

מיט דעם האט זיך דער ענין גיענדיגט און מיר זיינען אויך דאסמאל ניצול געװארן.

## יידישקייט אין די דייטשע לאגערן

**אַ טייל פון אַ בריף, געשריבן אין ס. פּאלו — בראזיל, י׳ כסלו תשכ״ה 15.11.1964**

היינט איז זונטיג און דא ארבייט מען נישט און דערצו איז דער 15 נאװעמבער. אין דעם טאג פייערט בראזיל איר אונאבהענגיקייט. איך האָב זיך אויך דערמאנט אז מיט 22 יאר צוריק, דעם 15 נאװעמבער 1942, האָט מען פון ריישער געטא ארויסגעפירט 1050 יידן, צװישן װעלכע ס׳האבן זיך געפונען: איך, מיין ברודער שמואל, שמואל (מוליק) פייט, אברהם (דאליק) בראוו און נאָך עטלעכע סטריזוב׳ר. פון דעם טראנספּארט, װעלכער איז געגאַנגען דעם לעצטן װעג, זיינען אראפּגעשפּרונגען פון דעם לויפנדן באן, 150 יידן, צװישן זיי מיין ברודער שמואל און איך.

יאָ, מיינע פריינט, מען פארגעסט ניט, און מיר — ספּעציעל די געליטענע — װעלן שוין קיינמאל ניט פארגעסן, דאָס װאָס מיר האבן מיטגעמאכט און צוגעזען. די ירושה בלייבט אונז שוין ביז 120 יאר.

איצט װעגן די תפילין װאָס איר פרעגט מיר, כ׳געדיינק זייער גוט. דאס זיינען געװען מיינע תפילין, װעלכע כ׳האב באקומען צו בר־מצוה, און כ׳האב זיי מיטגעהאט אין ריישער געטא. אין מאי 1943 האָב איך זיי מיטגענומען אין ערשטן לאגער קיין הוטא קאמאראװסקא און פון דאָרט קיין קאכאנובקה, אַ פארלאַגער פון פּוסטקוב. דאָרט האָט מען געמוזט ביי דער אנטלויזונג דורכגיין נאקעט און ליידיג, נאָר די שיך האָט מען געמוזט האלטן אין דער הויך. האָב איך די תפילין פארשטעקט אין די שפּיצן פון מיינע שיך און אזוי זיי אריינגעבראכט אין דעם לאגער אין בלאק 2, װאו מיר זיינען געװען 250 יידן אין יעדן בלאק, צוזאמען 500 יידן איןביידע בלאקן.

אין אונזער בלאק האבן כמעט אלע געװאלט לייגן תפילין. ריזיקירן האט קיינער ניט געװאלט — אבער דאװנען יאָ. האָבן מיר בערך אַחודש גאנצע נעכט געלייגט תפילין, כדי יעדער זאל זוכה זיין צו דעם. װייל ביז צום אפּעל, 6 אַ זייגער אין דער פרי האט ניט געטארט בלייבן קיין שום שפּור פון עפּעס. ביז אַ געװיסן מאמענט האט מען באמערקט פון דרויסן אז עפּעס רודערט זיך אין בלאק, האט מען אונז אלעמען ארויסגעטריבן און געזוכט ביז מען האָט געטראָפן דעם פארברעכן. קיינער האָט אבער ניט געזאָגט אז דאָס זיינען מיינע תפילין.

פון דאמלסט אָן — דאָס איז געווען אין יענע טעג פון 1944 — ביז צום סוף, ביז צו דער באפרייאונג האָבן מיר כמעט פארגעסן דעם חשבון פון יידישקייט.

פון פוסטקוב האט מען אונז ארויסגעפירט קיין פלאשוב, פון פלאשוב קיין באכניע, פון באכניע קיין מיעלעץ און פון מיעלעץ קיין וויעליצקע. די רוסן האבן שוין צוגעיאגט די די דייטשן, זיי אָבער האָבן פון זייערע קרבנות ניט נאכגעלאָזט. אין וויעליצקע האָבן מיר געארבייט ביי ארעאפּ־לאנען, אין די זאלצגרובן אונטער דער ערד, עס האט זיך אבער ניט איינגעגעבן.

פון וויעליצקע זיינען די דייטשן מיט אונז ווייטער־געלאפן ביז פלאסנבורג אין מעהרן און פון דארט קיין לייט־מעריץ אין טשעכיען, נישט ווייט פון געטא טערעזיענשטאט. דאָרט זיינען מיט אונז געוועזן די סטריזובער מענדל ליבער־מאן און נחמיה פעלבער. דעם ערשטן האָט מען געפירט קיין דאכאו, און מער האב איך עם ניט געזען. דעם צווייטן, נחמיה פעלבער, האב איך געטראפן אין לעצטן און ערגסטן לאגער, גוזין 2, ביי מאוטהאוזן צוזאמען מיט די סטריזובער וואלף מאנדל און נחמיה האובן, די אוביגע אלע דריי זיינען אומגעקומען ביי דער לעצטער שרעקלאכער מארד־אקציע, דער אזויגערופענער „ענטלויזונג".

מיר האבן דארט געפילט, אז די הייליגע טעג, די ימים נוראים רוקן אן מיר האבן אבער ניט געוואוסט דעם חשבון. האָב איך געוואגט און גיפרעגט אַ ס.ס. מאן צו ער וויס ניט ווען אונזער ניי־יאר פאלט אויס, האט ער מיר געזאגט אז ניט ווייט ארבייטן יידן פון געטא טערעזיענשטאט פון ועלכן מיר האבן איבערהויפט ניט געוואוסט.

אין אַ געוויסן טאָג האָב איך ריזיקירט און אהינגעקראכן אויף אלע פיר, ביז איך בין צוגעקומען צו דער גרופע יידן פון געטא און געפרעגט ועגן אונזערע ימים טובים, איך האָב אָבער קיין תשובה ניט באקומען. איך האָב אבער ניט רעזיגנירט און ביים דריטן מאל האב איך פון די געטא יידן באקומען אַ קליין צעטאלע אז מארגן איז יום כפור. אזוי ארום זיינען מיר געוואר געווארן וואו מיר האלטן אין דער וועלט, און ווייטער געפירט דעם חשבון צוזאמען מיט די צרות וועלכע האבן זיך ערשט אויפסניי אנגעהויבן, ווייל פון דאָרט האט מען אונז געפירט קיין מאוטהאוזן — („מארדהאוזן")...

יוסף ווייינבערג

# „כל נדרי" אין אושוויץ

**ד**י טריבע הארבסט־טעג ברענגען מיט זיך אַ שרעקלעכע מגיפה: איין „סעלעקציע" נאָך דער אנדרער. ווי נאר די מנטשן קומען אין לאגער אריין, פאלט אויף זיי באלד דער גורל. פון די „עלטערע" נומערן זענען מיר שוין זייער ווייניק געבליבן. אַ ווילדר שגעון האָט באהערשט די דייטשן. וואָס ערגערע ידיעות זיי האבן פון די פראָנטן, אלץ ווילדער און בלוטדורשטיקער ווערן זיי; ווי זיי וואלטן וועלן זיך נוקם זיין אויף די אומגליקלעכע פאר די מפלות אויף די פראנטן. יעדע פאָר טעג הייסט מען אונדז לויפן נאַקעטערהייט און מען קלויבט די שוואכערע אין אויוון אריין. רעזיגנירט לויפן די אויסדערווײלטע קרבנות אין דעם באראַק, פון וואנען מען פירט זיי צום פארברענען. אַפּאַטיש און אָן גלויבן שלעפּן זיך די אנדערע צו דער ארבעט: מארגן וועט אויף זיי פאלן דער גורל! יעדן טאָג קומען נייע אין לאַגער אַריין; פון גאנץ אייראָפּע ברענגען זיי דאָ אַ הער אומגליקלעכע אומצוברענגען, מען האָט זיך שוין צוגעוויינט צו דעם שרעקלעכן גערוך פון געברענטע ביינער. מען באַטראַכט שון דעם גרוך אלס באשטאנדטייל פון דער ארומיקער ווונדעבארער נאַטור: פון די שיינע בערג, וואס רינגלען ארום ווי אַקרוין דעם לאגער; פון דעם טוי, וואס באַדעקט יעדן פרימארגן די ארומיקע געגנט; פון דעם טייך, וועמענס וואסער עס מורמלט אין די שטילע נעכט די סודות פון די ווייטע וועלטן; פון די שטערן אויפן הימל און פון די ציטערדיקע בלעטערלעך אויף די ביימער; פון די תבואות אויף די דערבייאיקע פעלדער, וואָס באוועגן זיך אין טאקט פון ווינט און פון די העלע וואָלקנס, מיט וועלכע דער רויך פון דעם גרויסן קרעמאַטאָריום־אויוון גיסט זיך צוזאמען.

ווי אַ ווייטיק פיל איך די הערלעכע נאטור, דאָס אַלץ איז אויף יענער זייט דראטן, מיר אבער זענען אויף דער זייט, וואו אלץ איז טויט.

מיט פארדרוס קוק איך זיך צו צו דעם פאנטאסטיש שיינעם זון־אונטערגאנג. די פראכט פון דער נאטור שפּאָט פון אונדזער גורל.

אזוי פארגייט איין טאָג שרעקלעכער נאָכן צווייטן. דאָך שטעקט ערגעץ אין הארץ באַהאַלטן אַ האָפנונג: אפשר דאָך? איך האלט זיך מיט די לעצטע פעדים ביים לעבן. נאָך נישט אינגאנצן איז פארשווינדן דער ציטער פאר דעם טאָג, וואָס קומט.

זינט אַ פּאָר טעג רוימט מען זיך איין אין אויער דעם סוד פון פרויען־לאגער. די פרויען פירט מען נישט ארויס צו דער ארבעט. זיי זיינען אָפּגעשלאָסן צווישן די דראָטן. מען דערציילט זיך, אז אַ סך פרויען האָבן באקומען קרעץ און ס'איז דאָרט געווען אַ גרויסע סעלעקציע. ביינאַכט הערן זיך ווילדע יללות, ווי מען וואָלט טויזנטער מענטשן מיט איין מאל געשאָכטן. די דייטשע „קאפּאָס", וואָס ווייסן

אלץ, דערציילן, אז מען האָט אויסגעקליבן פיר טויזנט פּרויען צום פאַרברענען און זיי אַלע נאַקעטערהייט צוזאַמענ־געדריקט אין אײן באַראַק. שוין פיר טעג ליגן זיי דאָרט איינע אויף די צווייטע אָן עסן, אָן טרינקען; דעם דאַך האָבן זיי מיט זייערע לייבער ארויסגעשטופּט; די ס״ס שיסן אויף זיי ווי אויף האָזן.

ביינאַכט קאָן קיינער נישט איינשלאָפן. מאָרגן איז ערב יום־כיפּור. טראַגיש זענען די ימים נוראים־טעג!

אין דער פרי, האָט מען זיך דערוויסט, אַז פון בערלין איז געקומען אַ באַפעל נישט צו פאַרברענען די פּרויען, נאָר זיי צו היילן פון די קרעץ. אַ קליינע האָפענונג גנבעט זיך אַריין אין מיין האַרץ :: אפשר דאָך?

נאָך דעם אָוונט־אַפּעל גייט מען צו כל נדרי.

שוין זייט אַ לענגערע צייט האָט מען זיך צוגעזאָגט, אַז הײ־יאָר וועט מען דאַווענען כל נדרי. אַ יידישער בלאָק־עלטסטער האָט דערלויבט צו דאַווענען ביי אים אין בלאָק. עמעצער האָט פון דער קליידער־קאַמער געבראַכט אַ טלית. אין לאַגער פילט זיך די ערנסטקייט פון דעם מאָמענט. עס זעט אויס, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך געגרייט צו כל נדרי.

אין דער פרי איז געלעגן אַ דיקער נעפּל און פאַר־שטעלט דעם גאַנצן הימל. צו מיטאָג האָט זיך דער נעפּל אויפגעהויבן און עס האָט גערעגנט. די זון האָט זיך באַהאַלטן ערגעץ הינטער די וואָלקנס. דער הימל האָט אַ גאַנצן נאָכמיטאָג געוויינט. איצט, צו כל נדרי, האָט ער זיך אַ ביסל באַרויִקט; דער רעגן האָט אויפגעהערט. טריב ליגט די וועלט אַרום. די זון פילט זיך שולדיק: זי וואַגט זיך נישט צו באַווייזן.

פון אַלע בלאָקן קומט מען זיך צוזאַמען אין דעם באַראַק פון דעם יידישן בלאָק־עלטסטן. די מענטשן לייגן זיך אויס אויף די פּריטשן. שטייען געדריקט נעבן דעם צווייטן, הענגען איינער אויף דעם צווייטן, אַלץ, וואָס פילט אין זיך אַ יידיש האַרץ, איז געקומען צו כל נדרי, — אפילו די בלאָק־עלטסטע און קאַפּאָס. שטענדיק זענען זיי די גרויסע מיוחסים. איצט שטייען זיי אויסגעמישט מיט די פּשוטע „העפטלינגע״. אָן אימה איז אויף זיי געפאַלן. אפילו די דייטשע בלאָק־עלטסטע און קאַפּאָס, די שרעקלעכע מערדער, זענען פאַרשוויגן. אין אַ גרויסן האַלבקרייז מיידן זיי אויס דעם באַראַק. היינט האָבן זיי עפּעס מורא באַקומען פאַר די יידן.

דער רב דאַוונט.

ערשט נישט לאַנג האָט מען אים געבראַכט אין לאַגער אַריין. באַקאַנטע האָבן אים געהאָלפן און געשטיצט ווי ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. שוין אַזויפיל רבנים אומגעקומען; נישט געבליבן קיין איינציקער רב! דעם איינעם וויל מען העלפן: זאָל ווייניקסטנס איינער בלייבן!

איינגעהילט אין טלית זאָגט ער „תפילת זכה״. קלאָר הערט מען זיין שטים. אַלץ ארום איז פאַרגליווערט. „כאלו הקרבנו את גופנו על גבי המזבח ותקבל לפניך לריח ניחוח כקרבן וכעולה״.

דורך די אָפענע ברעטלעך אין באַראַק קוק איך אויף דעם אויוון פון קרעמאַטאָריום, אַרום וועלכן ס׳טראָגט זיך אַ רויך ביז גאָר הויך אין טריבן הימל אַריין.

און איך הער דאָס קול פון רב, ווי ס׳וואָלט איצט נישט מער געקומען פון זיין האַרץ, נאָר ווי דאָס האַרץ זיינס וואָלט זיך געפּענט און געוויינט.

„ובמעוט חלבנו ודמנו״.

ער פאַרהאַלט זיך און זאָגט נאָך אַ מאָל; אָבער איצט בלוטיקט זיין האַרץ, ער לאָזט אויס דעם „ובמעוט״; די פאַרזאַמלטע זאָגן נאָך: „ובחלבנו ודמנו״. ווי פאַרכישופט איז מען ביי די צוויי ווערטער שטיין געבליבן. דער רב קאָן נישט ווייטער. וואָס אַמאָל העכער האַלט אים דער עולם אונטער: ובחלבנו ודמנו.

עמעצער שרייט אויס: חלב ודם הורינו, ילדינו וקרובינו!

טרערן רינען פון אַלעמענס אויגן. ווי אַ טייך גיסט זיך צוזאַמען דאָס שרעקלעכע געוויין. די פאַרשטיינערטע הערצער האָבן נישט אויסגעהאַלטן.

איך וויין נישט. איך קאָן נישט אָפּרייסן די אויגן פון דעם העלן רויך פון קרעמאַטאָריום. כ׳פיל אַ שרעקלעכע מידקייט אין די ביינער. אין באַראַק איז הייס נישט צום אויסהאַלטן.

ווען דער רב זאָגט: „על דעת המקום״, ווער איך אַריבער געטראָגן ווי אין אַנדערער וועלט. מיר דוכט זיך, אַז כ׳זיץ ערגעץ אין קאַטאַקאָמבעס אין שפּאַניען. כ׳זע די שייטער־הויפנס, דעם שרעקלעכן טאָרקוועמאַדאַ, די אומגליקלעכע יידן, וואָס ווערן פאַרברענט על קדוש השם. גלייך הויבט זיך דער רויך פון די פאַרברענטע אין הימל אַריין. איך הער דעם „שמע ישראל״, וואָס ער נעמט מיט זיך און שפּעטער שוואַרץ־איינגעוויקלטע מענטשן, וואָס קומען מיט פאַרשטעל־טע פּנימער אין די קאַטאַקאָמבעס.

„להתפלל עם העבריינים!״ —

שרײַען די אין שוואַרץ איינגעהילטע געשטאַלטן. אַ שרעקלעך געשריי הויבט זיך אויף פון די בילדער. כ׳הער נאָך ווי דער רב זאָגט:

מיום כיפורים זה.

און פּלוצים פאַרשוויגט אַלץ. אַ טויטע שטילקייט הערשט אין באַראַק; קיינער דאַוונט נישט, קיינער וויינט נישט מער. ווי מ׳וואָלט די אַלע מענטשן דאָס לשון אָפּגענומען.

נאָר פון דרויסן טראָגן זיך שרעקלעכע יללות. אויפן וועג נעבן די דראָטן פירט מען די פּרויען צום פאַרברענען. די מאָטאָרן פון די אויטאָס ווערן פאַרהילכט פון די יאָמערלעכע קולות פון די נאַקעטע פּרויען. אין באַראַק געפינען זיך אַ סך, וואָס האָבן צווישן די אומגליקלעכע זייערע נאָענטע. אַלע ליגן שטיל, ווי מ׳וואָלט וועלן צווישן די יללות דערקענען דאָס קול פון די אייגענע. דורך די אָפענע טויערן זעט מען ווי די קרבנות ציען אויס די הענט

צום הימל און בעטן רחמים. די פרויען דערזעהן די מענער אין באַראַק. זייערע געוואַלטן ווערן שטארקער. ווי פארשטיינערט זענען אלע אינעווייניק.

דער ערשטער וועקט זיך דער רב פון דער פארגליווערטקייט.

ער רייסט איבער דעם כל נדרי און הויבט אָן:

ונתנה תוקף קדושת היום.

אין דער שטילקייט פון באַראַק הערט זיך זיין שטים, ווי זי וואָלט אָפגענטפערט די שרעקלעכע יללות פון די פרויען. קלאָר קלינגט זיין קול, און ווען ער קומט צו די ווערטער: ומי באש —

רייסט זיך פון אלע העלדזער ארויס אַ געיאָמער: ומי באש!

ווי פון יענער וועלט קומט דער ומי באש.

דער רב זאגט ווייטער, אבער זיין שטים ווערט פארהילכט פון דעם טראַגישן ומי באש, ווי די יידן אין באראק וואָלטן געוואָלט מיט זייערע ווערטער אויפהאלטן דאָס שרעקלעכע פייער.

אָבער די מאָטאָרן הערן נישט אויף צו ברומען. אלץ מער און מער פירט מען קרבנות צום פארברענען.

ומי באש! הערט דער עולם נישט אויף צו שרייען. די קולות פון די אומגליקלעכע מישן זיך אויס מיט דער אייציקער תפילה פון די מענער. ווי פארהיפנאָטיזירט שרייט דער עולם ומי באש! ווי זיי וואָלטן געבעטן, אז דאָס פייער זאָל אויך זיי מיטנעמען.

אין מיטן דעם געיאָמער פון דער תפילה רייסט זיך אריין דאָס קול פון שופר. עמעצער בלאָזט שופר.

תקיעה, שברים תרועה.

תקיעה גדולה.

דער שופר האָט די מענטשן ווי פון חלום אויפגעוועקט. צוערשט ווערט אין באַראַק שטיל. כ'הער דאָס קלאַפן פון מיין האַרץ. באלד וויינט דער גאנצער עולם. ביז צום הימל טראָגן זיך די קולות פון די נאַקעטע פרויען. שטיל וויינען די מתפללים.

דער „גאָנג" דערמאָנט, אז מען מוז צוריקגיין אין די באַראַקן. מען איילט זיך, מען זאָל נישט קומען צו שפעט.

אין בלאָק, וואו מען האָט געדאַוונט, נעבן דעם אויוון, וואָס מען האָט אין אן עמוד פאַרוואַנדלט, ליגט איינגעהילט אין טלית דער רב. דער רופא צאָן האָט די נשמה אויסגעהויכט.

אין וועלדל נעבן קרעמאַטאָריום ברענט אַ גאנצע נאכט; דער אויוון איז צו קליין.

**ראובן גרינבאום**

# מיין ייסורים וועג

אונטער דייטשער הערשאפט אין סטריזוב האב איך געליטן צוזאמען מיט מיין פאמיליע און מיט אלע יידן האט מען אונז אװעקגעשיקט אין ריישא אין געטא. אין איינעם פון די טראנספארטן האָט מען מיינע עלטערן און די פאמיליע געשיקט קיין בעלזעץ — ווי איך ווייס דאָס היינט — צו דער פארניכטונג. איך וועל געדיינקען מיין גאנץ לעבן די מינוט פון געזעגענען, ווען די טייערע מאמע ה.י.ד. האָט מיר געגעבן איר צירונג פון איר מוטער גאלדענע האגל צווישן אנדערע די לאנגע גאלדערנע קייט מיטן גאלדערנעם זייגערל, וועלכע זי האבן באקומען צו איר חתונה, און דאָס שטערנטיכל פון דער באבן פארצירט מיט פערל און דיאמאנטן. זי האָט מיר מיט דעם אפשר מציל געווען פון טויט, ווייל פאר די צירונג האָב איך שפעטער געקויפט ברויט אין די פארשידענע לאגערן אין וועלכע איך בין געווען.

פון בעלזעץ האָט מיר אַ ס.ס.־מאן געבראכט אַ בריוואלע פון מיין שוועסטער. איך בין עם געווען דאנקבאר דערפאר און באלוינט מיט דעם וואס איך האב געהאט. מעגלאך אז איך בין געווען נאאיוו און דאָס ברייננגען דעם בריוו איז געווען לויט דעם סדר פון די נאצ'יס, כדי צו באַרוהיגן די קרובים פון די געהרגעטע און פארדעקן זייערע אמתע מעשים.

פון ריישר געטא האט מען מיך אוועקגעשיקט נאָך איידער די נאציס האבן דארטן גיענדיקט זייער פארניכטונגסארבעט.

צוערשט האט מען מיך געשיקט אין ביעשאדקא, פון דאָרטן קיין פוסטקוב, פון פוסטקוב קיין אושוויץ, ווייטער קיין גלייוויץ, גראסראזן און פון דאָרט קיין מאוטהאוזן, איינער פון די ערגסטע לאגערן. צום מזל איז דארטן ניט געווען קיין פלאץ, האָט מען אונזער טראנספאָרט אהין ניט אריינגעלאזן און געשיקט קיין לייטמעריץ. גיענדיקט האָב איך מיין יסורים־וועג אין טערעזיענשטאט, וואו איך האָב געטראפן אלעזר לוס. דארטן בין איך באפרייט געווארן.

צולעצט בין איך געווען אין בוכנוואלד, וועלכער איז שוין דאמלסט געווען אַ אמעריקאנער לאגער פאר באפרייטע. איך בין נאך געווען יונג, אויף דעם שוועל פון דעם עלטער אין וועלכן מ'האָט נאך דער מלחמה ארייננגעלאזן קינדער אין דער שווייץ. פון דאָרטן האָב איך עמיגרירט אהער קיין אמעריקע וואו איך לעב ביז היינט.

# צום אנדענקען

פנחס קלאץ — אלוני

## די מאמע

דאָס באַקאַנטע האַרציקע פאָלקסליד „אַ אידישע מאַמע״ דערמאַנט מיר שטענדיק מיין מאַמען. יעדער האָט דאָך געקענט זיין מאַמע ווייל זי איז די זעלבע וואָס דיין מאַמע וואָאס איר מאַמע, וואָס אייערע אַלעמענס מאַמע. ווען איך גיב אַ טראַכט וועגן נאָך אַ האַרציק פאָלקסליד, „אַ בריוועלע דער מאַמען״, דאַכט זיך מיר אַז מ׳מיינט מיך, ווייל איך ווייס אַז איך האָב געזינדיגט. איך האָב זייער ווייניק בריוואַלאַך מיין מאַמען געשריבן.

ווען איך האָב פאַרלאָזן מיין מאַמען, מער ווי אַ דרייסיג יאָר צוריק, בין איך געפאָרן מיטן גאַנצן ענטוזיאַזם פון מיינע צוואַנציג יאָר — אַ נייע וועלט דעראָבערן, אַ נייע וועלט אויפבויען. איך האָב ווייניק געטראַכט וועגן דעם, אַז איך האָב איבערגעלאָזן אין דער אַלטער היים אַזאַ טייערע מאַמע וואָס בייַנקט נאָך מיר און וואַרט אויף אַ בריוועלע. און היינט, ווען איך וואָלט שוין געשריבן אַ בריוועלע, וואו זשע איז מיין מאַמע?

אַמאָליקע מאַמעס זיינען כאָטש געקומען צו קבר ישראל, האָט מען געוווּסט וואו דאָס שטיקאַלע ערד געפינט זיך, וואו ס׳שטייט איר מצבה אויף וועלכער איר הייליקער נאָמען איז אויסגעקריצט, אָבער מיין מאַמע, ווייס איך דען וואו איר בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן? און אפשר איז איר בלוט גאָרניט פאַרגאָסן געוואָרן, אפשר האָט מען איר אין גאַז אויוון דערשטיקט, אָדער גאָר לעבעדיקערהייט פאַרבערנט, און דערפאַר איז דער ווייטאָק נאָך גרעסער אַז מ׳ווייס ניט ווען און וואו איר געביין איז אַהין געקומען.

און פון די זכרונות קומען אַרויס בילדער פון אַמאָל, פון די קינדער־יאָרן ווען מיין מאַמע פלעגט מיר אַרויס ווייזן איר ליבע, ווי זי פלעגט מיר אָפּהיטן פון די שטראָפן פון שטרייַנגן טאַטען ז״ל. זי פלעגט אַלץ פאַרשטעלן, אַלץ נעמען אויף זיך און האָט געוואוסט פאַר דעם טאַטען צו פאַרענטפערן מיינע עבירות וואָס זיינען גאָר קיין עבירות ניט געווען. בסך הכל בין איך נאָך געווען אַ קינד און האָב געוואָלט לויפן מיט אַנדערע קינדער זיך באָדן אין טייך, אָדער לויפן אין וואַלד זיך שפילן און שפּעטער אַמאָל אויך לייענען אַ ביכל. דאָס אַלץ האָט מיין טאַטע ניט געוואָלט פאַרשטיין. אַ יידיש אינגל דאַרף זיצן אין חדר און אין בית־המדרש, לערנען און ניט אין זינען האָבן קיין נאַריש־קייטן.

אָט די נאַרישקייטן האָט די מאַמע יאָ פאַרשטאַנען, איך האָב אָבער דאַמאָלסט ניט געוואוסט אָפּצושאַצן די גרויס־קייט, די גוטהאַרציקייט פון מיין מאַמען. און היינט ווען איך פאַרשטיי דאָס שוין גוט — איז מיין מאַמע ניטאָ. עס העלפט שוין קיין חרטה און ניט קיין שלאָגן על חטא, עס בלייבט נאָר איבער אין מיין זכרון די ליכטיקע געשטאַלט פון מיין מאַמען וועלכע כ׳וועל ניט אויפהערן צו פאַרעהרן אַזוי לאַנג ווי מיינע אויגן וועלן זיין אָפן.

דו זעסט, ליבע מאַמע, איך האָב געוואָלט דיר ווידמען די פּאָר באַשיידענע שורות אַלס אַ קדיש און האָב זיי גאָר געווידמעט אַלע יידישע מאַמעס. ווייל אַלע יידישע מאַמעס זיינען געווען ענלאַך, אַלע האָבן געהאַט די זעלבע מעלות און די זעלבע אייגנשאַפטן.

זאָלן די ליכטיקע געשטאַלטן פון די יידישע מאַמעס אויפגיין פאַר אונז פון דער שוידערליכער פאַרגאַנגענהייט ווי אַ לייכט־טורעם אין שטורמישן ים און באַלייכטן אונזער ווייטערדיקן וועג אין לעבן.

# געדאנקען און רעפלעקסען

הרב ישראל פרנקל (טורונטו — קנדה)

## אונדזער כח געגן א וועלט פון שונאים

מיט פארשידענע מעטאדן פרוון די אומות העולם צווינגן אונדז אפצוזאגן זיך פון אונדזער קיום. מיט אויסגעט־ראכטע, פאראדאָקסאל־קעגנזעצליכע פארלוימדונגען אָף אונ־זער אַדרעס, מאטיווירן די פעלקער, אין יעדער עפּאָכע, מיט אַ אנדער פאַרב, זייער שנאה צו אונדז, נעבן דעם ווילדן געשריי „נעמט נקמה" פאר דעם כלומר'שטן ריטואלמאָרד פון'ם קריסטליכן קינד ביים קעלצער פּאָגראָם, האָט זיך אויך געהערט דאָס חיה'שע ברילן וועגן דער „זשידא קאמונע". פון לינקס ווערן מיר באטיטולט מיט אונטער־נאציאנאלן קאפיטאליזם, און פון רעכטס — מיטן אונטער־נאציאנאלן קאָמוניזם. נישט קיין חילוק צו די פאלוימדער זענען גלויביקע אדער אומגלויביקע; קאָנסערוואטיווע אדער פּראָגרעסיווע, בלייבן מיר, דאָס שוואכע, איידעלע פאָלק, תמיד דער שעיר לעזאזל, דער בליץ־אפלייטער וועלכער דאַרף אָפּלענקען דעם פאָלקסצאָרן, דעם כעס אויסגוס פון זייערע פאלקס פירער, אָף דעם אומבאהאלפענעם ווערלאזן אידישן מיטבירגער.

אָבער דער שטארקער לעבנס־ווילן פונ'ם אידישן פּאָלק, דער עם קשה עורף, וויל זיך ניט און וועט זיך ניט אָפּזאגן פון זיין היסטאָרישן קיום, אויך ניט פון זיין האפ־נונגספולן, ליכטיקן עתיד. די יסורים ועינויים, וואָס דער אידישער פאָלקס־ארגאניזם האט אויסצושטיין פון זיינע פייניקער, האָבן אים נישט געבראכן און ניט אָפּגעשוואַכט זיין עקזיסטענץ־טריב אָון לעבנס־דראַנג זיין ווידער־שטאנד־לוסט בחומר וברוח איז דורך די ערליטענע וואונדן נאָך מער געשטיגן — „וכאשר יענו אותו כן ירבה וכן יפרוץ".

נאָכן צווייטן חורבן, האָט רוים געיובל'ט ביים טיטוס טויער, די ליקווידאציע פון יהודה, טראכטענדיק אז עס איז שוין דער סתימת הגולל פונ'ם אידישן פּאָלק — „נפלה ולא תוסיף קום". האָט אָבער באלד אויפגעשיינט די זון פון סורא, נהרדעא און פומפבדיתא, די תלמודישע אוניבער־סיטעטן, וואו דער צעבלוטיקטער ארגאניזם פונ'ם פּאָלק איז געהיילט געווארן און די פּאָלקס־נשמה איז אויסגע־פּאָרעמט געוואָרן, באזעלט מיט אַ פרישן כח חיים צו קוקן אינ'ם עתיד מיט האפנונג און נישט מוותר צו זיין כמלא נימה פון דער אמונה אין נצח ישראל. אין דער צייט ווען פון מלכות רומא איז שוין ניט געווען אַ שריד ופליט, האָבן מיר אויפגעוואַכט צום גייסטקן לעבן דורכ'ן שאפן דעם תלמוד בבלי וירושלמי און צעמענטירט די אברים מדולדלים פון אידישן פארפייניקטן פאלק פון בבל און ארץ ישראל לחטיבה אחת.

בשעת די מסעי הצלב (קרייצצוגגן) האבן, מיט זייערע פּראגראמען און רציחות, געצילט צו ברעכן אונדזער עקשנות צו לעבן אלס פאָלק — האָט אויפעשיינט דער ליכטיקער שטערן פון חכמי ספרד, די באקאנטע גאלדענע תקופה, וואָס האָט אופגעדעקט נייע האריזאנטן פון חכמה און אידיש דענקען פאר דער אידישער נשמה, וואָס האָט זיך קריסטא־ליזירט אין די י"ג עיקרים פון ר' משה בן מימון, וועלכע האָבן דערפרישט מיט האָפנונג דעם שה פזורה ישראל און געשטארק דעם גלויבן אין אַ גוטע צוקונפט.

ווען דער אוקראינישער הקטלר—כמעלניצקי ימ"ש האָט געמאכט דעם אכזריות'דיקן בלוט־שטורץ אין דעם אידישן קערפער, האָבן די פעלקער געמיינט אז מיר זיינען שוין פאריאושט און אונדזער קיום־עקשנות איז שוין געבראכן -- האָט זיך באלד באוויזן אין דער פינסטערקייט דער שיין פון גרויסן ליכט: דער חסידיזם פון בעל שם טוב ז"ל וואס האָט אריינגעשיינט אין דערנידערגעשלאגענעם איד התרוממות הנפש, פון וועלכער ער האָט געשעפּט כח צו בלייבן גאנץ ביי דער אמונה און בטחון אין אַ ליכטיקן מאָרגן און צו קוקן מיט ביטול אָף די פייניקער.

נאָכ'ן מבול הדמים — דער לעצטער גרויזאמער קאטאס־טראָפּע פון די אידן אין אייראפּע — האָבן אונדזערע שונאים געטראכט אז „אבדה תקוותם"; נאָך דעם שרעקליכן בלוט־אפרין פון אידישן פאלקס־קערפער וועט ער בלייבן אנמעכ־טיק און דאָס שטרעבן צו זעלבסטשטענדיקייט וועט ביים פאָלק פאראליזירט ווערן — — — זענען להכעיס אונדזערע שונאים, בעזרת ההשגחה העליונה, ווידער אויפגעוואכט געווארן אין די אייניקלך פון די חשמונאים דער אונפארגלייכליכער העראָאיזם און גבורה פון די מכבים און מיט התלהבות פון מלחמת מצוה געשפרינגן אין קאמפף פאר'ן קיום און המשך פון נשמה און גוף פון אידישן פאלק, נישט שרעקענדיק זיך פאר'ן טויט. ווייל דאָס שטארבן פון די גיבורי ישראל, האָט א הייליקן זין און אַ הויך אידעאלן אינהאַלט. אונדזערע היינטיקע מכבים האָבן מיט זייער מסירות נפש'דיקע גבורה, אראפגענומען פון אידנטום די גלות־חרפה, צו ווערן געפירט ווי אַ שאף צו דער שחיטה.

דאָס שטילע, יאָמערליכע גערויש און געשריי פון די טייכן אומשולדיק פארגאסן בלוט, פון אונדזערע הייליקע קרבנות אין אייראפע האָט ניט געלאָזט רוען דאָס געוויסן פון אַ טייל פון די חסידי אומות העולם, וועלכע האָבן געזינדיקט מיט פאסיוויטעט אינ׳ם אידישן אומגליק. די מיליאנען נשמות פון אונדזערע קדושים האָבן געזוכט אַ תיקון און אַ טעם אין זייער אומקום. האָבן די גיבורי ישראל מיט זייער פארגאסענעם בלוט אף די שלאכטפעלדער פון דער מלחמת השחרור, געגעבן אַ תיקון און אַ אינהאלט צום אומקום אין אייראפע. דמים בדמים נגעו.

## אַ טיילווייזע תשובה[1]

**דאָס הארץ פון יעדן ייד פון דער שארית הפליטה איז פול מיט איוב׳ס צרות און צומאל אויך מיט איוב׳ס תרעומת כלפי מעלה. זאל דער גלויביקער לעזער פון די שורות געפונען, פון זיין אח לצרה, אַ טיילווייזע לעזונג צו זיינע תרעומת׳ן אף דער השגחה עליונה.**

### א.

ווי באקאנט איז דער מהות פון מענטש אַ סינטעז פון חומר און צורה, פון מענטשלעכן שכל און אינסטינקט. ער שטייט תמיד „על פרשת דרכים" צווישן צוויי וועגן. ער קאָן זיך פריי וועלן גוטס אדער שלעכטס, ווי די חז״ל זאגן: „בדרך שאדם רוצה לילך מוליכין אותו". אויב דער חלק אֱלוקי, דער שכל, שטייגט איבער דעם אינסטינקט — ער באקעמפט דאָס חיה׳שע — איז ער א בן חורין, נישט משועבד צו די קערפערליכע ליידנשאפטן. דאמאלט איז ער אַ עטיש דענקענדער, אַ אדם השלם. ווען אָבער דער אינס־טינקט באהערשט דעם שכל, איז ער אַ קנעכט צו די חיה׳אישע ליידנשאפטן. זיין גייסט ווערט מגושם, ער פאלירט דעם צלם אלוקים און ער שטייגט מיט זיין ווילדקייט אפילו אריי־בער די חיה, ווייל זיין שכל העלפט אים אויסצופירן זיינע חיה׳שע ליידנשאפטן.

אָט די בחירה חפשית זיך אויסצוקלויבן אַ וועג אין לעבן, איז איינס פון די גרונדזאצן פון תורת משה, וועלכע באזירט אף יש דין ויש דיין. ד״ה: אז די העכערע לייטונג פון דער השגחה עליונה פירט אָן מיט אלץ, וואָס איז ארום אונדז. אנדערש איז עס אבער מיטן מענטשנס מעשים — גוטע אדער שלעכטע — זיי אונטערליגן נישט דעם דיקטאט פון דער השגחה. „מאתו לא תצא הרעות והטוב". דער מענטש קאן אויספירן אומגעשטערט גוטע אדער שלעכטע מעשים, לויט זיין אייגענעם ווילן, פאר וועלכע ער איז אליין פאראַנטוואָרטלעך. דאָס איז דער הימלישער יושר צו שטראָפן דעם מענטש פאר זיינע מעשים רעים און אים באלוינען פאר זיינע מעשים טובים. דאס איז דער עיקר הדת וואָס ווערט אנגערופן: שכר ועונש.

### ב.

ארויסגייענדיק פון אָט דעם שטאנדפונקט, אז דער מענטש איז פריי אין זיין בחירה, און ער האָט פרייע הענד צו טאָן הומאניאטרע טאטן און אויך פאַרקערט, ער קאָן רויבן און מאָרדן, קומען מיר צו דער מסקנא: אויב אַ מענטש געפונט זיך און אַ סביבה פון בעלי בחירה אין געפערליכע אומשטענדן — מוז ער אליין טראכטן און טאָן אלעס, כדי זיך צו היטן פון דער סכנה וואָס לויערט אָף אים, און נישט פארלאזן זיך אָף נסים. דאָס איז פארמולירט געווארן דורך די חז״ל: „הכל בידי שמים חוץ מצינים פחים... צנים פחים בדרך עקש שומר נפשו ירחק מהם" (כתובות ל׳). ד״ה: אַלעס איז באשטימט פון גאָט, חוץ אַ מקום סכנה, דאמאלס טאָר מען זיך נישט פארלאזן אף אַ נס. דאָ קומען מיר צו דער טיילווייזער לעזונג צו אונדזער פראגע: ווי קאָן נאָך זיין אַ גרעסערע סכנה, ווען אַ קליינע מינדרהייט לעבט צווישן א באפעלקערונג וואָס איז איר אַ פארביסענער שונא, וואס איז גרייט זי צו פארניכטן? ביי אזא מסוכנדיקן מצב איז דאָך אַ עלעמענטארער און רעליגעזער געבאָט צו טון עפעס אַ פעולה זיך צו באפרייען פון דעם אָרט. ווען יעקב זעט אז פני לבן איננו עמו כתמול שלשום, אז לבן קוקט אף אים קרום, זאָגט אים גאָט: „שוב אל ארץ אבותיך", אנטלויף פון מקום סכנה אין דיין היימלאנד, אין לאנד פון דיינע עלטערן. דערפון איז געדרינגן אז ווער עס פארמאכט זיינע אויגן אף דער סכנה, איז בבחינת מתחייב בנפשו ווען די סכנה קומט אָן. דער יחיד אדער דער כלל געפונען זיך דאמאלסט אין דער לאגע אז די געטלעכקייט האָט אפגעטון איר פנים פון אים.

ביים מבול המים האָט גאָט געזאָגט נח׳ן ער זאָל בויען אַ תיבה 120 יאָר פריער. אזוי האָט אויך די השגחה עליונה, במשך פון א האלב יאָר הונדערט, געשיקט אַ מלאך אַ שליח, ווי ירמיה פארן חורבן בית המקדש. דאָס איז די שיבת ציון באוועגונג צו וועקן די יידן אין אייראפע פון דעם שיינבארן זיסן שלאָף אף דעם סיר הבשר; די וואס האבן נישט געוואלט זען, אז ארום זייער עגל הזהב שטיין גרייט די חיות אין מענטשלעכער געשטאלט, וואס וואַרטן אפן פאַסיקן מאָמענט זיי צו פארניכטן. ווען אַ טייל פון די נאציאנאַלע וועקערס זיינען צו אונדז געקומען פון אַ וויטן וועג — פון אסימילירטע קרייזן — האבן מיר פון דער דערשיינונג געקאָנט זען אז מאת ה׳ היתה זאת,

---

1) געווידמעט דעם טראגישן אומקום פון מיין מוטער חנה טורנער אין געטא קאזאווע און מיין ברודער צבי און זיין פרוי, הדסה, און זיין זון ברוך יוסף, ה.י.ד.

וואָס דאָס התעוררות פון שיבת ציון האָט אויך ארומגענומען אסימילירטע משפחות, ווען עמעס קינדער זיינען געוואָרן קעמפענדע חלוצים קול המון כקול שדי. דאָס איז אגעטלעכער רוף צו ראטעווען זיי פון די קומענדע קרעמאטאָריעס. דער ישוב אין ארץ ישראל איז טאקע געבליבן אומבארירט ביים בלוט מבול, ווי נח׳ס תיבה ביים וואסער מבול.

אין דען נישט געווען אויך דאָס אַ געטלעכער וואונק, ווען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת, מיר האבן געבלוטיקט מער ווי אנדערע, האָט דער אלטער באלפור געגעבן אַ כורש דעקלאראציע אף א״י מיט עבר הירדן — אַ רייע יארן זיינען די טירן פון ארץ ישראל געשטאנען אָפן, אָבער ליידער האָבן מיר נישט געוואָלט אפלאזן דעם עגל הזהב און סיר הבשר.

ג.

נישט אַקליינעם חטא זיינען באגאנגען אַ טייל פון די ראשי העדה, וואָס האבן זיך אויסגעקליבן דעם באקוועמען אבער ריזיקאלישן וועג פון „שב ואל תעשה עדיף״ פאר־געסנדיק דעם דרך התורה פון „וברכתיך בכל אשר תעשה״ און האָבן נישט געוואלט זען אין דער השתלשלות העניני׳ם דעם אצבע אלוקים.

היוצא מדברינו: דאָס אומגליק, וואס האָט אונדזער פאלק געטראָפן, איז ניט ווי מאנכע פון אונדז אינטערפרעטירן אַ גאָט שטראָף. עס איז א ו י ך אונדזער אביעקטיווע שולד, וואָס דרינגט ארויס פון דער פּאסיוויטעט לגבי דער דראָענדער סכנה, ווי אויך פון אַ בלינדן צוגאנג צו היסטארישע דערשיינונגען, וואָס ווערן דורך דער השגחה געשאפן... [1])

1) די לעצטע 2 מאמרים, ווי אויך דער מאמר : „יהדות ולאומיות״ (זייט 150), זענען געשריבן געווארן מיט 20 יאר צוריק.

# די ארומיקע געגנטן פון סטריזוב

יצחק בערגלאס

## די שטעטלעך

אין סטריזובער קרייז זענען געווען דריי שטעטלעך געבונדן מיט איר אלס קרייזשטאָט.

דאָס גרעסטע פון זיי איז געווען פרישטאָק — אויף יידיש פריסטיק — אויפן וועג סטריזוב — יאסלו, סטריזוב — קרוסנו. די צאָל פון אירע יידן איז געווען גרעסער ווי פון סטריזוב, און זיי זיינען דאָרט געווען אַ שטארקער רוב. אין פריסטיק און די פאָרשטעט זיינען כמעט ניט געווען קיין גויים און אין משך יארן ביז דער אנטיסעמיטיזם איז געוואָרן די אפיציעלע פאליטיק פון דער סאנאציע, איז אין פריסטיק געווען אַ יידישער בירגערמייסטער, דער לעצטער פון זיי איז געווען ר׳ הערש יארע.

ווירטשאפטליך זיינען די פריסטיקער יידן צוריקגעשטאנען פון די סטריזובער. די פויפעריזאציע צווישן די קליינע סוחרים וועלכע זיינען געווען דער רוב צווישן יידן אין די גאליצישע שטעטלעך איז גרעסער געווען ווי ביי אונז און אַ סך פריסטיקער סוחרים — אפשר גאר דער רוב — זיינען געווען יריד־פארערס וועלכע האָבן געוואנדערט אַ גאנצע וואָך פון איין יריד צום צווייטן. אויך די פארמעגליכע פון זיי זיינען ניט געקומען צו דער מדרגה פון די סטריזובער.

איינער פון די פרנסה קוואלן אין דער שטעטל איז געווען דער וועכנטליכער יריד פון יעדן דאנערשטיק בעיקר אויף בהמות. צו דעם יריד פלעגן קומען פויערן און סוחרים קונים און מוכרים, פון נאָנט און ווייט.

אין איר גייסטיקן לעבן איז פריסטיק געווען אנדערש ווי סטריזוב מיט דעם, אז ס׳איז געווען פאנאטיש פרום און מ׳האָט דאָרט נישט געלאזט אויפוואקסן קיין ציוניסטישע באוועגונג, וועלכע איז אלע יאָרן געווען שוואך, טראָץ די אנשטרענגונגען פון איר פארזיצענדען שלמה שמידט. (אויף אַן׳אנדער ארט שרייב איך, און אויספירליכער — משה מוסלער, וועגן דעם ברענען ביכלעך אין פריסטיק).

דאָס צווייטע שטעטל לויט דער גרויס איז געווזן צ׳ודעץ — אויף יידיש צ׳יטש — אופן וועג פון סטריזוב קיין ריישע. צ׳יטש איז געווען ענליך, גייסטיג און ווירטשאפטליך צו סטריזוב נאר קלענער אין אלעם. קלענער איז געווען איר האנדל און מלאכה, קלענער די עשירים, למדנים, חסידים און אויך די ציוניסטישע באוועגונג.

עיקר פרנסה פון אירע יידן איז געווען פון האנדל מיט די רייכע פויערן פון שטעטל און דער אומגעגנד, און פון פארשידענע פארבינדונגען מיט דעם גרויסן גוט וועלכס האט געהערט צו פוילישע פריצים.

די יוגענט האָט זיך געפירט פרייער ווי אין סטריזוב און אין דער ציוניסטישער באוועגונג איז געווען בולטער דאָס געזעלשאפטליכע אין איר. אין צ׳יטש איז געווען אַ דראמאטישער קרייז, וועלכער איז ניט געווען אין סטריזוב, ס׳איז אָבער אויך געווען אַ חלוצישע באוועגונג וואָס אַ דאנק איר געפונען זיך צ׳ודעצער יידן אין ישראל.

דאָס דריטע שטעטל איז געווען ניעבילעץ — יידיש נעבאליץ. ס׳איז דאָרט געווען אַ יידישע קהילה מיט אַ רב און גאנצן כלי הקודש און אין לעצטן דור אויך יידישע בעלי בתים, סוחרים, למדנים, און חסידים, ווי אין אלע גאליצישע שטעטלעך — און די לעצטע יארן איז אויך געווען אַ יידישער דאקטאר — אבער צווישן די פיר שטעטלעך פון סטריזובער קרייז איז נעבאליץ אממייסטן געווען ענליך צו אַ דאָרף. אמאל זיינען געווען דער רוב פון אירע יידן, פשוטע פרימע דארפסלייט, פערד און בהמות סוחרים מיט אייגנ־ארטיקער גאוה און נייגונג צו קריגערייען, ווי אמאל די פוילישע קליינע שליאכטע. אויך ביז די לעצטע צייט זיינען דאָרט געווען אַ סך בהמות און פערד סוחרים וועלכע האָבן זיך אנגעזען אויף דעם פריסטיקער יריד.

דאָס אַייגנארטיקע פאר דעם שטעטל איז געווען דאָס גריסע גוט — אמאָל איז געווען אַ גוט אין יעדן שטעטל און דאָרף אַ איבערבלייבניש פון שטארקן פוילישן פעאדאליזם — פון ר׳ יוסף אשר וואלאך דעם עלטערן זון פון ר׳ יחזקאל וואלאך וועגן וועלכן איך שרייב ווייטער און דער גרויסער צלם, וועלכער איז געבליבן שטיין אין גארטן פון הויף פון פריהערן פוילישן אייגנטימער. ר׳ יוסף אשר וואלאך אַפרומער ייד, האט אים זעלבסטפארשטענדליך ניט געקענט ארויסנעמען פון גארטן און האָט זיינע אלע יארן געלעבט אין זיין שאָטן.

### די דערפער

אויך אין די דערפער ארום סטריזוב האָבן יידן געוווינט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, טראָץ דער שטארקער אויסוואנדערונג אין די לעצטע יאָרן, וועלכע איז געווען אַ פאלגע פון דער אפיציעלער טענדענץ מרחק צו זיין די יידן פון די דערפער. על פי רוב זיינען דאָס געווען משפחות

איינגעלעבטע זייט דורות אין זייערע ערטער א זון נאך א פאטער. זייער פרנסה איז געווען פארשידן. קליינע גיוועל־בערס און בעלי מלאכה, הויזירערס, מעקלערס, שענקערס, סוחרים מיט דארפספראדוקטן, צווישן זיי אויך גרויסע, און וואלד־סוחרים וועלכע האבן געהאנדלט בעיקר מיט די גוטסבאזיצער. שטעטס האבן די לעצטע ערלעדיגט זייערע גישעפטליכע אנגעלעגנהייטן נאר דורך דעם היימישן, פאר־טרויטן ייד. די גרויסע סוחרים האבן א סך מאל געפירט גישעפטן וועלכע האבן ארומגענומען א גאנצע געגענד און האבן מאנכסמאל געוואקסן ביז צום דינגן די שטעטישע פראפינאציע, די העכסטע מדרגה פון יידישן האנדל אין יענער צייט. צ. ב. ר׳ שלמה דיאמאנט גערופן ר׳ שלמה זיזנובער און ר׳ הערשל רעסלער גערופן ר׳ הערשל טילקאר־ביצער פון די דערפער ווי זיי האבן געוווינט —.

חוץ דעם האנדל האט יעדער ייד אין דארף געהאט א ווירטשאפט מיט הויזבהמות און א סך פון זיי האבן געלעבט נאר פון דער ווירטשאפט ווי זייערע גויישע שכנים. יידן האבן אויך געהאט גרויסע ווירטשאפטן, פארמען, גערופן אויף פויליש „פאלווארקן" ווי צ. ב. דער פאלווארק רוזאנקא, וועלכער האט אין משך פון דורות געהערט צו דער משפחה דיאמאנט און דער פאלווארק גליניק, וועלכער האט א מאל געהערט צו ר׳ אברהם מענדל בערגלאס דעם פאטער פון די פאמיליען גערטנער און דויטשער אין סטריזוב. ר׳ אברהם מענדל איז געווען א בעל צדקה און אנגעזען אין סטריזוב ווייל ער האט יעדס יאר נאך דעם ארופנעמען פון פעלד געשענקט א סך פראדוקטן פאר ארמע אין שטאט. אויך זיין פאלווארק איז שפעטער אריבער צו איינעם פון דער משפחה דיאמאנט און צום סוף זיינען ביידע געקויפט געווארן דורך פאליאקן.

אין שטעטל האט מען געקענט יעדן ייד אבער יעדער איז געווען א טייל פון כלל, בשעת אין דארף האט זיך יעדער איינציקער ייד אויסגעצייכנט. צו אים האבן זיך געווענ־דט די קריסטליכע פויערן וועגן א עצה אדער הילף און שטעטס האבן זיי אים מער געגלויבט ווי זייערע קריסטליכע ברידער. די שטעטישע יידן האבן גערופן די דארפסיידן מיט זייערע פריוואט און דארפסנעמען, כמעט קיינמאל מיט זייערע פאמיליענעמען.

אין זייער גייסטיגן לעבן האבן זיך אויך די דארפסיידן אונטערשידן איינער פון צווייטן. ס׳זיינען געווען צווישן זיי פשוטע מענטשן וועלכע האבן נאר געקענט דאווענען און זאגן א פרק תהלים — אויך גאנץ גראבע וועלכע האבן קוים עברי געקענט — און ווייטער אזאלכע וועלכע האבן געקענט א פרשה חומש און א פרק משניות ביז צו בעלי תורה, למדנים און חסידים ווי שטעטישע יידן. אין דערפער פלעגט מען ארגאניזירין מנינים שבת און יום־טוב אין אויך אויף די ימים נוראים פלעגן שוין וועניגע צו קומען אין שטאט אריין — ווי ס׳איז אמאל געווען דער מנהג. אויף ימים נוראים האבן זיי גרעסטנטיילס געבראכט בעלי תפילה פון שטאט.

אין כלל זיינען ביז די לעצטע צייט די דארפסיידן געווען ניט וועניגער יידיש און פרום ווי די שטעטישע, טראץ דער פאראיינזאמקייט — טיילמאל איין משפחה אדער צוויי אין א דארף און יעדנפאלס איינער ווייט פון צווייטן — האבן זיי זיך ניט אויסגעמישט צווישן די גויים און זייער הויז איז געווען אין גאנצן יידיש. כשרות, שבתים, ימים־טובים און בכלל אלע מצוות האט מען שטרענג אפגעהיטן און די קינדער האט מ׳געשיקט אין די שטעטישע „חדרים" צו לערנען עברי, חומש און מאנכסמאל אויך ווייטער ווי די שטעטישע קינדער.

דער פאל פון די צוויי מיידלעך אין ברזעזאנקא (ברעז׳ינקע) מיט א דור פריהער וועלכע האבן זיך געשמדט און חתונה געהאט מיט גויישע יונגעלייט האט זיך ניט מער ווידערהאלט. אין דער לעצטער צייט זיינען צווישן דער יוגענט געווען אויך חברים אין די ציוניסטישע ארגאניזאציעס וועלכע האבן זיך געחברט מיט דער שטעטישער יוגנט און האבן אויך געהערט צו די חלוצישע ארגאניזאציעס.

יעדנפאלס האט כמעט יעדער דארפסייד, וועלכער האט ניט עמיגרירט אין אנדערע לענדער געשטרעבט זיך צו באזעצן אין שטאט און א סך האבן אזוי געטון. א גרויסער טייל פון די סטריזובער יידן זיינען געווען דארפסלייט אדער זייערע קינדער וועלכע האבן זיך באזעצט אין שטאט.

## דאס דארף לוטצא

אנדערש ווי אנדערע דערפער איז געווען לוטצא מיט דעם אז דארט האבן געוווינט מער יידן — און שבת און יום־טוב האט מען געמאכט עטליכע מנינים — און מיט דעם אז דאס גוט האט געהערט צו א ייד ר׳ יחזקאל וואלאך און שפעטער צו זיינע קינדער ביז צו דער צייט פון חורבן. דאס גרויסע גוט וועלכעס איז גרעסער געווען אין שטח פון גרויסן איבריגן דארף מיט טויזנדער איינוווינער, איז געווען אין משך א לאנגע צייט פערנאכלעסיגט דורך זיינע אייגנטימער די פוילישע פריצים און געווארט אויף א קונה. בעפאר ר׳ יחזקאל האט געקויפט דאס גוט איז עס געווען פארפאכטעט צו א ייד ר׳ אליהו בילוט. ר׳ אליהו א הייסער דינובער חסיד האט זיך געפירט ווי א פוילישער פריץ, האט זיך געהאלטן גרויס קעגן זיינע ארבייטער און פויערן פון דארף און זיי אלע וועלכע זענען געווען ערצויגן אין גייסט פון פעאדאליזם האבן עס אנגענומען פאר נאטירליך פון זייטן פון גוטס בעל־בית. ענליך ווי מאנכע פוילישע פריצים פלעגט ר׳ אליהו צו פערנאכלעסיגן די ווירטשאפט און אורעקפארן א לענגערע צייט. נאר בשעת די פאליאקן זיינען געפארן אין די גרויסע שטעט אדער אין אויסלאנד צו מאכן א לעבן, איז ער געפארן צום רבי׳ן קיין דינוב און שפעציעל אין די חדשים אלול — תשרי, די

הייליקע טעג און ימים טובים וועלכע זענען אבער אויך די ברענענדע סעזאן — דאָס ארופנעמען פון פעלד און זייען פאר דעם ווינטער — אין דער פוילישער לאנדווירטשאפט. דער קלוגער סטריזובער ייד ר׳ פייבל אדעסט האט באצייכנט ר׳ אליהו בילוט „אַ חסידישער לומפ״. אין סטריזוב האָט מען געזאגט אז דער דינובער רבי האָט מבטיח געווען ר׳ אליהו׳ן אז ער וועט זוכה זיין צו קויפן דאָס לוטצער גוט, אבער מיין טאטע וועלכע האָט עס מיר דערציילט האָט עס ענערגיש אפגעלייקנט זאָגנדיג, אז ווען דער רבי וואָלט אים צוגזאָגט וואָלט ער געקויפט און דאָס איז דאָך ניט געשען. ווי דער רוב יידן האָט ער געגלייבט באמונה שלמה, אז ווען דער צדיק איז גוזר, הקב״ה מקיים —.

צום סוף איז ר׳ אליהו ארויס פון לוטצא נאקט און בארפוס און ר׳ יחזקאל וואלאך האָט געקויפט דאָס גוט. ר׳ אליהו בילוט און זיינע קינדער האָבען געהיטן אַ אייביגע שנאה צו ר׳ יחזקאל און זיין משפחה און זיי שלעכט געטון ווי ס׳איז נאָר געווען מעגליך.

ר׳ יחזקאל וואלאך אַ טיכטיגער ייד, האָט געמאכט אַ אמעריקאנער קאריערע. אין דער יוגנט האָט ער זיך באשעפטיגט מיט וואס עס האָט זיך געלאזט און האָט אנגעהויבן וואקסן נאכן פלעצליכן טויט פון זיין עלטערן ברודער, וועלכער האָט מצליח געווען אין וואלד גישעפטן. ער האָט געפירט די גישעפטן צוזאמען מיט דער אלמנה פון ברודער און איז כסדר געוואקסן אין עשירות ביז צום קויפן דאָס לוטצער גוט.

ר׳ יחזקאל איז געווען אנדערש פון ר׳ אליהו׳ן. ער האָט זיך באנומען מיט זיינע ארבייטער און די דארפספויערן פשוט אָן גדלות, האָט געהיטן זיין ריזנווירטשאפט און געלעבט באשיידן ווי אַ דורכשניטסייד. דער איינציגער לוקסוס וועלכען ער האָט זיך דערלויבט זענען געווען די שידוכים וועלכע ער האָט געטון מיט זיינע קינדער. איידעמס האָט ער גענומען לערנערס, זין פון מיוחסדיגע הייזער און דאָסזעלבע אויך שנורען. די זין און איידעמס האבן זיך געשטיצט אָן אים. ער האָט אַוודאי געהאָלפן זיין זון ר׳ יוסף אשר קויפן דאָס נעבאליצער גוט און זיין איידעם ר׳ יהודה־יידל שיף — דעם גרויסן לאנקער פאלווארק. די אייניקלעך, יונגלעך און מעדלעך האָבן אין דארף באקומען אַ ענליכע ערציהונג ווי די בעסטע שטעטישע קינדער. מ׳האָט געהאלטן צו זיי מלמדים פאר יידישע לימודים און לערער פאר אלגעמיין וויסן. איינער פון זיינע איינקלעך, יוסף, דער זון פון זיין איידעם ר׳ זישא הירשפעלד איז געווען טעטיג אין אונזער ציוניסטישער ארגאַניזאציע אין לוטצא און די ארומיגע דערפער.

ר׳ יחזקאל האָט זוכה געווען צו אַ גוטע עלטער און איז נפטר געווארן נאָך אין דער צייט פון שלום. ער איז געקומען צו קבורה אין נעבאליץ, ווייל צו יענער קהילה האָט געהערט דאָס דאָרף לוטצא.

איינצעלהייטן איבער דעם וואָס ס׳האָט געטראָפן די יידן פון די דערפער און שטעטלעך ארום סטריזוב אין דער צייט פון פארניכטונג, וויפיל, ווער און אויף וואס פאר אַ אופן זיי זיינען ניצול געווארן, ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר אז די דריי קהילות זיינען פארניכטעט געווארן גלייך ווי סטריזובער און די פון גאנץ פוילן און אַז פון זיי און פון די דארפסיידן האָבן זיך זער ווייניגע געראטעוועט. איך שרייב דא אַ ביסל פרטים וועלכע זענען מיר באקאנט.

אין דאָרף גאדאווא נעבן סטריזוב האָט זיך אַ באשטימטע צייט אויסבאהאלטן דער ייִנגערמאן יעקב דיאמאנט, דער זון פון ר׳ לייבוש דיאמאנט, וועלכער האָט דאָרט געוווינט. צום סוף האָבן אים ארטיגע פויערן געכאפט און איבערגעבן דער דייטשער פאליציי אין סטריזוב וועלכע האָט אים געהרגט אויפן אָרט.

אין לוטצא איז געהרגט געווארן דער יונגער ריטער, אַ אייניקל פון הערלד פון בלבול וועגן וועלכן איך האָב געשריבן. ער איז געווען איינער פון די וועלכע זענען געשפרונגען פון צוג וועלכער איז ארויסגעשיקט געוואָרן פון ריישער געטא 15.11.42 — פון דעם צוג זיינען געשפרונגען די ברידער רוזן ווי איך האָב געשריבן — און האָט זיך שפעטער באהאלטן אין זיי היימדארף ביז באקאנטע פאליאקן האָבן אים געהרגט.

אין לוטצא איז אויך געהרגט געווארן ר׳ אברהם וואלאך, דער יונגערער זון פון ר׳ יחזקאל און דער הויפטיורש פון גוט וועלכער האָט שטאביל געוווינט אין קראקע און איז געקומען זיך באהאלטן אין זיין דאָרף. פון אלע קינדער און אייניקלעך פון ר׳ יחזקאל וואַלאך זיינען נאָר לעבן געבליבן זיין אייניקל ר׳ שלמה ווילנער, דער זון פון זיין איידעם ר׳ ישראל ווילנער, וועלכער האָט זיך אויסבאהאלטן אין לוטצא, עטליכע אייניקלעך וועלכע זיינען אנטלאפן און פארשיקט געווארן אין רוסלאַנד און אַיין אַייניקל, די שוועסטער פון ר׳ שלמה ווילנער, וועלכע איז מיט איר פאמיליע נאָך צייטליך געקומען פון וויען קיין ארץ ישראל און דא אויפגעבויט איר היים.

אין רוזאנקע האָט זיך געראטעוועט ר׳ חיים רעסלער צוזאמען מיט א טייל פון זיין משפחה אויסבאהאלטנדיק זיך ביי אַ באַקאנטן פויער. פון זיין משפחה זיינען געהרגט געווארן זיין פרוי און איין זון וועלכע אַ פויערטע פון דאָרף א קרובה פון דער משפחה וועלכע האָט זיי אויסבאהאלטן האָט זיי ארויסגענארט כדי צו פירן צום טויט... זי האָט געוואוסט אז זיי זיינען דאָרט באהאלטן, האָט אבער ניט געקענט צווויסן טוען וועגן דעם דער דייטשער פאליציי כדי ניט צו באדראהען דאָס לעבן פון אירע קרובים. זי איז אָבער געווען צופרידן צו פארניכטן ווייניגסטענס א טייל פון דער יידישער משפחה.

**שלמה יהלומי** (דיאמאנט)

# די דארפסלייט – דער זאל פון גמילות חסדים

**דאָס** וווינען פון יידן אין דערפער, איז געווען אַ וויכטיקער פאקטאר, ניט נאר צוליב דעם באטייליקן זיך פון יידן אין אלע שטחים פון לעבן אין פוילן, און זוכן פרנסה ניט נאָר אין די שטעט, נאָר אויך אין די דערפער — עס איז אויך געווען נויטיק און געווינשן לטובת די יידן וואָס האָבן געוווינט אין די שטעט און שטעטלעך. ווער ט׳איז באקאנט אביסל אין דער געשיכטע פון חסידות אין גאליציע, ווייסט אז ס׳זענען געווען רבי׳ס וואס האבן געוואָלט מבטל זיין דאָס וווינען פון יידן אין די דערפער. הן צוליב דער מורא פאר דעם לעבן פון די יידן, וועלכע זענען געווען צווישן 99% גויים, און הן צוליב דער מורא אז די גויאישע סביבה זאָל ניט אויסווירקן אף זיי, זיי זאָלן אסימילירט ווערן צווישן זיי. אין דער עיקר: די קינדער זאָלן ניט אָפּלערנען זיך פון די גויאישע קינדער. דאגעגען זענען געווען צדיקים וואָס האָבן געהאלטן פארקערט. אדרבה, עס איז זייער געווינשן אז יידן זאָלן יאָ וווינען אין די דערפער. זייער טעם איז געווען, דאָס היות אין יענע צייטן — און אַ געוויסע מאָס אויך ביז די לעצטע צייטען — האָבן פיל יידן זיך מפרנס גווען פון גיין אין די דערפער און פארקויפן סחורה די פויערים. איז דעריבער גלייך אז עס זאָל אין יעדן דאָרף זיין לפחות איין יידיש הויז, וואו דער שטאָטישער ייד זאל האָבן ווי ארייגצוגיין, דאווענען און עסן, און אמאל אויך שלאפן. דער באוווסטער צדיק ר׳ שלמה זלמן פרענקעל פון וויעלאפאָלע, האָט געראָטן ר׳ לייביש דאבז׳עכובער, נעבן סטריזוב (זיין פאמיליע נאָמען דיאמאנט, איז געווען באוואוסט נאָר צו יחידים) — אז זיינע זון זאלן זיך באזעצן אין דערפער. יעדער איינער אין אַנ׳ אנדער דאָרף. די פיר ברודער, יעקב (יעקל וויסאקער) אברהם סטרונגובר, משה ריזינקער, און עקיבא קאזלובער, האָבן אף זיך גענומען מקיים זיין דעם רבין׳ס געבאָט און האָבן זיך באזעצט יעדער איינער אין זיין דאָרף, אף וועמענס נאָמען מ׳האָט זיי גערופן און מ׳רופט זיי ביז׳ן היינטיקן טאָג, זיי זענען ניט געווען די איינציקע וואָס האָבן דאָס געטון — עס זענען געווען א זעלכע אין אסאך גאליצישע ערטער, וואָס האָבן ערפילט אַ הייליק שליחות און האָבן זיך מפרנס געווען בכבוד ובריוות. געווען אַזעלכע וואָס האָבן דערגרייכט עשירות און אפילו די וואָס האָבן ניט דערגרייכט — עס זענען דאָך דאָ אביונים אומעטום — אבער אלע כמעט האָבן מקיים געווען די מצווה פון הכנסת אורחים מיט זייער גאנץ פארמעגן און נפש.

אין דער צייט, און אביסל שפעטער, האָבן געלעבט אין דער סביבה פון סטריזוב און פריסטיק: ר׳ אברהם מנדל גליניקער (בערגלאס), ר׳ אליהו בילוט, און נאָך אים ר׳ יחזקאל וואלאך פון לוטשא; ר׳ עקיבא שמואל דיאמאנט און נאָך אים זיינע זון: ר׳ שלמה זיזנובער, (מיין פאטער׳ס פאָטער); ר׳ הירשל באנאראווקער (דער שווער פון ר׳ אברהם טענצער און ר׳ אלתר נעכעמיע) ר׳ אריה לייב דיאמאנט, פון לוטשה (דער פאטער פון די ברודער ר׳ משה יעקב דיאמאנט פון סטריזוב; ר׳ יוסף שווילצער און ר׳ שלמה פון ברעזוב). ר׳ שלמה זלמן וויסאקער; ר׳ שמעיה לוטשער און נאָך. אלע זענען געווען טייערע יידן, גומלי־חסדים און מכניסי־אורחים, צווישן זיי אויך תלמידי־חכמים, יראים ושלמים. ס׳איז זעלבסט־פארשטענדלעך דאָס עס האט ניט געפעלט צווישן די דארפ׳ס יידן אויך עמי־ארצים, אבער זיי האָבן געוווסט זייער ארט און ניט געשפרינגן צו זיין די ערשטע — און אוודאי האָבן זיי זיך ניט געהאלטן פאַר מיוחסים... דאמלסט איז נאָכניט געווען די פאלשע דעמאָקאטיע, וועלכע האָט אויסגעמקט דעם כלל פון: „דרך ארץ קדמה לתורה" — אפילו די תורה פון דעמאקראטיע...

אין דער אבטיילונג: „משפחות וותיקות בעיירה" (אין העברעאיש), האָב איך געשריבן פארשידענע פרטים וועגן עטליכע פערזענליכקייטן פון די ארומיקע דערפער פון סטריזוב. דאָ וועל איך צוגעבן וואָס כ׳האב דאָרט פארפעלט.

## ר׳ אליהו בילוט, פון לוטשה

ער איז געווען דער פאכטער פון דעם דארף לוטשה און האָט זיך געפירט אין זיין גוט ווי אַ „פריץ" פון דור דורות. ער האָט ליב געהאט הערשערישע מאניערן, געענוי ווי זיינע זון האָבן עס ליב געהאָט. זיין זון יארצי (יאיר?) פלעג לערנען די פויערים זיי זאָלן רופן: „יארצ׳א פאן, יאיצא פאן" (יארצי איז אַ הער, יענצי איז אַ הער)... דאָך איז ר׳ אלי אויך געווען אַ חסיד פון די גאליציאנער צדיקים: ר׳ חיים צאנדזער, ר׳ אייזיקל זידטשויבער און אנד. ער איז געווען אַ גרויסער פזרן אף צדקה. אומעטום וואו ער איז געקומען האָט ער געוויזן זיין ברייטע האנד און זיין כבוד. ער האָט מיין זיידן ר׳ שלמה דיאמאנט (זיזנובער) געלערנט אין דער יוגנט זיין אַ חסיד, און אים מיט־גענומען קיין צאנדז און זידיטשויב. אף אַ צווייט אָרט אין אונדזער ספר, וועט דער לייענער געפונען א אינטערעסאנטע מעשה וואס איז פארגעקומען, בעת׳ן באזך פון מיין זיידן און ר׳ אלי בילוט, אין צאנדז. טראָץ דעם גרויסן רעספעקט וואס מיר האָבן צו ר"א און זיין חסידות — איז ער אבער געווען גאָר אַ קנאפער בעל בית און האָט ניט געוווסט וויאזוי צו פירן די ווירטשאפט. דער סוף איז געווען אז ר׳ אלי האָט געמוזט פארלאָזן דאָס גוט, אין לוטשה, און שפעטער זענען זיינע קינדער געוואָרן אָרימע לייט און געמוזט אָנקומען צו אנדערע נאָך שטיצע. איך האָב געקאָנט איינעם פון זיינע קינדער, וואָס טראצדעם וואס ער איז געווען, לא עלינו, א מקבל,

האָט ער געוואָלט אַז דער נותן זאָל פאַר אים שטיין ווי אַ קנעכט פאַר זיין ברויטגעבער...

## ר׳ יחזקאל וואָלאַך (לוטשער)

נאָך ר׳ אלי בילוט האָט געקויפט דאָס דאָרף לוטשה ר׳ יחזקאל וואָלאַך (פון זיין פאָטער׳ס צד איז ער געווען א משפחה פון דער פאַמיליע דיאַמאַנט). ער איז געווען דער דער גרעסטער עושר אין דער גאַנצער סביבה. געווען אַ גאַנץ פשוטער מענטש, אָבער קלוג און פעהיק. אַ רעיעלער מענטש אין פולן זין פון וואָרט. האָט געגלייבט אַז ס׳איז דאָ אַ בורא עולם, וואָס פירט אָן מיט דער וועלט. ווען ר׳ יחזקאל האָט געדאַווענט האָט ער זיך פאַרשלאָסן אין זיין שטוב און קיינעם ניט אַריינגעלאָזט, מ׳ זאָל אים ניט שטערן זיין דאַווענען. דאָס האָבן אויך געוווסט די אַרומיקע פריצים און זענען ניט געקומען אים באַזוכן בשעת׳ן דאַווענען. ס׳איז געווען אַ פאַל אַז איינער פון די ראָפשיצער אייניקלעך אַ באַוווסטער רב, איז געקומען צו ר׳ יחזקאל׳ן, ווען ער האָט געהאַלטן אין מיט׳ן דאַווענען, האָט ער אויך געמוזט וואַרטן. ווען ר״י האָט זיך פאַר אים ענטשולדיקט שפּעטער — האָט דער רב געזאָגט אַז אַדרבה, דאָס געפעלט אים זייער.

פאַרשידענע אינטערעסאַנטע סיפורים האָט מען דער־ציילט וועגן ר״י חכמה. אָט איז איין סיפור (דערציילט פון יצחק דייטש): צווישן ר״י אַרבעטער און משרתים, איז געווען אַ יידישע טאָכטער, וואָס איז ניט געווען צו שיין און אויך ניט יונג. איר עיקר אויפגאַבע איז געווען צו היטן דאָס כשרות אין הויף. אַזוי ווי זי איז ניט געווען רייך, איז איר שווער געווען אַ מאַן צו געפינען. מאַכט זיך אַז ר׳ יחזקאל׳ן איז פאַרלוירן געגאַנגען 1.000 דאָלער — אַ סכום וואָס אפילו פאַר אַזאַ עושר ווי ר״י איז עס אויך געווען אַ שאָד... עטליכע טעג שפּעטער האָט די דינסט געפונען דאָס געלט. ר״י האָט געוווסט ווי געהעריק אָפּצושאַצן דעם טאַט פון דער משרתת וואָס טראָץ איר אָרימקייט איז זי ביי׳געשטאַנען דעם נסיון. ער האָט אָבער באַשלאָסן זי באַשטראָפן פאַר איר „נאַרישקייט״... וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט אַריינ־גערופן זי. און איינעם פון זיינע שקצים, און געזאָגט: „יאַשעק, נעם אַ שטעקן און שלאָג גוט אָן די משרתת״... נאָכהער האָט ר״י אַרויסגענומען די 1,000 דאָלער און זיי גיגעבען דער משרתת... דאָס געלט איז געווען דער יסוד פון דעם נדן פון דעם מיידל און זי האָט שפּעטער חתונה גיהאַט.

ר׳ יחזקאל האָט געהאַט קינדער, זון און טעכטער, האָט זיך משדך געווען מיט גרויסע מיוחסים. איינער פון זיינע איידעמס, ר׳ זישא הירשפעלד, דער זון פון ר׳ משה׳קע הירשפעלד פון ראַזוואַדאָב, איז געווען אַ גרויסער למדן, ניט איינמאָל האָב איך געטראָפן ווי ער אָט שפּאַצירט ביי זיך אין שטוב און געלערנט אויסענווייניק „קצות״ (דער באַוווס־טער לומדישע ספר „קצות החושן״). רוב קינדער און אייניק־לעך פון ר״י זענען אומגעקומען און עס זענען גיבליבען פון אים נאָר איינצעלנע.

## די פאַרצווייגטע משפחה דיאַמאַנט

וועגן דער משפחה דיאַמאַנט האָבן מיר שוין געשריבן, אין דעם אָפּטיילונג: „משפחות וותיקות בעיירה״. דאָ, וועלן מיר צוגעבן עטליכע פרטים. כמעט אַלע חשובע מיטגליגער פון דער משפחה האָבן געהאַט ספרי תורה, וואָס זיי האָבן געלאָזט שרייבן פאַר זיך. מיין זיידע, ר׳ שלמה זיזנובער, האָט געהאַט 2 ספרי תורה און עס איז ביים אים אין הויז געווען אַ מנין. ר׳ אברהם סטרונגובער (דיאַ־מאַנט) האָט געשריבן 4 ספרי תורה און איז געווען מפורסם מיט זיין צדקה. ווען די רוסן האָבן פאַרנומען גאַליציע, אין יאָר תרע״ה, האָט מען אויסגעטראַכט אַ בלבול אָף ר׳ זלמן וויסאַקער אַז ער האָט שפּיאָנירט לטובת די עסטרייכער. נאָר בנס איז ער ניצול געוואָרן. ווען עס האָבן אויסגעבראָכן פּאָגראָמען אין סטריזוב, צוליב דער עלילת דם (זע די רשימה פון יצחק בערגלאַס) איז ר׳ זלמן געווען איינער פון די ערשטע קרבנות און זיין דאָרף. איינעם פון ר׳ זלמן׳ס קינדער, יעקב (יעקל) האָבן די פּאָליאַקן אַיינגעזעצט אין שטוב און אים געוואָלט הרגענען. יעקל האָט מצליח געווען צו באַהאַל־טן זיך אין אַ וואַסער מיל, ער האָט זיך איינגאַנצן אַריינ־געשטעלט אין וואַסער, ביז צום האַלדז און מען האָט אים ניט אַרויסגעזען... אַזוי איז ער געווען אין וואַסער אַ גאַנצע נאַכט — — — אינדערפרי איז ער אַריינגעשפּרינגען אין אַ פאַרענדיקן צאַג, קיין יאַסלאָ (אַ באַקאַנטע שטאָט אין גאַליציע). פון דאָרטן איז ער געפאָרן קיין דייטשלאַנד. היינט געפינט זיך ר׳ יעקב אין ישראל, צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער ר׳ זלמן איז נפטר געוואָרן כ״ט כסלו תרצ״ז. זיין פרוי, חנה רחל, און זיינע 5 קינדער (פון 8) זענען אומ־געקומען. ה׳י׳ד.

# דער חורבן פון פריסטיק[1]

מנשה אונגער

## ווי נאציס האבן אומגעבראכט א חסידיש שטעטל

ר׳ שלמה שמידט פון שטעטל פריסטיק, מערב גאליציע, האט איז זיין טאג־בוך, וואס געפינט זיך אין מיין רשות און איז נאך אין כתב־יד געשילדערט מיט אלע איינצעלהייטן ווי אזוי די טמאהדיגע דייטשען האבן ביסלעכווייז פארניכטעט די אידישע באפעלקערונג אין שטעטל ביז עס איז געקומען דער יום־הדין, דעם 3טען יולי 1942, ווען דאס „הערען־פאלק״ די דייטשען, ימח שמם, האבען באשלאסען אנטגילטיג לייזען די „אידען־פראגע״ אין פריסטיק, ווי זיי האבען אנגערופען דאס אומברענגען אלע אידען פון שטעטעל.

אבער אויך דאס האבען די דייטשע מערדער געטאן מיט א פינקטליכקייט. יעדע אידישע גרופע האט געדארפט שטיין באזונדער אויפ׳ן אומקום פלאץ, טארגאטווע.

און אט ווי ר׳ שלמה שמידט פארצייכענט דעם דאזיגען שווארצען טאג אין זיין טאג־בוך:

„אגאנצע נאכט בין איך נישט געשלאפען, געטראכט וועגען יום הדין, וואס גייט אויף אונז.

איך האב מיינע קינדער ביינאכט געבאדען, אנגעטאן פרישע וועש, אפגעשוירען די נעגל, טאמער וועט מען, חלילה זיי הרג׳נען, האב איך זיי פריער מטהר געווען.

פריידע גיטל קופערבערג גייט פארביי אונזער הויז, זי ווייזט אז זי האט זיך אנגעטאן די תכריכים. יצחק און נעכי טעפער האבען אויך אזוי געטאן.

יעדער גייט משפחה׳ווייז איך גיי מיט מיין פיר־און־אכציג יאריגער מוטער, מיט מיין פרוי און קינדער אויף טארגאווע (מארק פלאץ).

לויט׳ן באפעל פון דער געסטאפא האט יעדע גרופע געדארפט שטיין באזונדער. די וואס ארבעטן ביי דער פירמע אלברט, באזונדער; ביי דער פירמע טאט, באזונדער; קהל (יודנראט) באזונדער; אידישע סאציאלע זעלבסטהילף באזונדער; די פרויען מיט זייערע קינדער, וואס זייערע מענער ארבעטן ביי פירמעס באזונדער, מיין פרוי מיט די קינדער האבען זיך געשטעלט צוזאמען מיט דער גרופע פון דער אידישער סאציאלער זעלבסטהילף.

מיין זון צבי מיט די ארבעטער פון דער פירמע אלבערט; מיין זון משה, נישט ווייט פון מיר, מיט די אנגעשטעלטע פון ארבעטס־אמט (ביידע זין אומגעקומען).

די ארדענונגס־פאליציי קאנטראלירט צי עס פעלט נישט עמיצער.

דער שעף פון דער ארדענונגס־פאליציי, טעפער, קומט צו צו שמואל באלדינגער און מעלדעט אים, אז חיים בראנער פעלט. ער הייסט אים גיין ברענגען טאמער, חלילה, פעלט ווער, קאן מען אלע אידען אויסשיסען...

ווייזט אויס, אז ביז דער לעצטער רגע האט ר׳ שלמה שמידט און מסתמא אלע אנדערע אידען נישט געגלויבט, אז דאס איז שוין דער סוף...

אין פינף מינוט ארום קומען צוריק טעפער און הענעך מיזלער און זיי דערציילן: מיר קומען צו חיים מאיר׳ן אין שטוב. ער איז נישטא. מיר גייען ארויף אויפן בוידעם, טרעפען מיר אים זיצען און זאגען תהלים, ער טראגט נאך די בארד און פיאות, מיר זאגען אים ער זאל גיין אויפ׳ן פלאץ, ענטפערט ער:

„איך גיי נישט!״

מיר קלערן אים אויף, אז אויב די דייטשען וועלען אים טרעפען אויפ׳ן בוידעם, וועלען זיי אים דערשיסען.

ענטפערט ער:

„איך גיי נישט! איך וויל טאקע מ׳זאל מיך שיסעןביים זאגען שערי ציון...״

„מיין גאנץ לעבען האב איך מיר נישט געקאנט פארשטעלען קיין שענערן טויט. איז דען פאראן א שענערער טויט ווי ביים זאגען „שערי ציון״ — ג׳הרגעט צו ווערען אויף אזא אופן על קידוש השם״...

פוילישע פאליציי שטעלען זיך ארום דעם פלאץ, כ׳דערקען באלד ס׳איז ביטער מ׳מיינט נישט צו נעמען בלויז צו ארבעט, נאר אויך דאס לעבען.

זעקס אין דער פרי פארט צו דער קרייזהויפטמאן דר. געגס, דער געסטאפא שעף ראשוויץ, זיין פארטרעטער מאטעאוס אויגוסטין, ראמייז און 12 דייטשע פאליציאנטען מיט שטעקענס און רעוואלווערן אין די הענט.

דער שעף פון דער געסטאפא און קרייז־הויפטמאן קומען צו צום קהל (יודנראט). זיי פרעגען שמואל באלדינגער און זיין פארטרעטער ישראל אהרן בערגלאס, צי אלע אידען זיינען אויפ׳ן פלאץ.

---

1) מיר געפונען פאר ריכטיק מפרסם זיין אין ספר סטריזוב די ארטיקלען מיט פרטים וועגן חורבן פריסטיק וועלכע זיינען געווען געשריבן אין אמעריקאנער צייטונגען און געבליבען אינ׳ם ארכיון פון אונזער אומפארגעסליכן סעקרעטאר פון סטריזובער פארבאנד אין אמעריקע ר׳ שמואל מוסלער ז״ל.

דער קרייז־הויפּטמאַן גיט אַ באַפעל, אַז אַלע עלטערע פון 60 יאָר זאָלן אָפּטרעטן, אַראָפּגיין פון פלאַץ. אויך מיין מאַמע טרעט אָפּ. ער זאָגט אַז די עלטערע אידען גייען אַהיים ס'וועט מיר לייכטער אויפ'ן האַרץ, מיינענדיג אַז אַלע גייען אַהיים. אין דעם דערזע איך ווי אַ דייטשער פּאָליציאַנט האָט מיט זיין שטעקען אַרומגענומען יעקב רעסלער'ס האַלז און ער שלעפּט אים אויף דער ערד אַראָפּ פון פלאַץ. אַצווייטער פּאָליציאַנט טוט דאָס זעלבע און שלעפּט אויף אַזאַ אופן בצלאל לעוו, אַ דריטער — פּייוול גראָס קראַנקען זון, מרים גיטל גאָטליב איז ביים אַראָפּגיין פון פלאַץ געליימט געוואָרן. זי ליגט אויף דער ערד, אַ פּאָליציאַנט שטייט ביי איר און האַקט מיט'ן שטעקן איבער איר קאָפּ. דער פּאָליציאַנט שלאָגט זי ביז זי בלייבט באַוואוסטלאָז. אַ דייטשער פּאָליציאַנט נעמט זי אָן מיט זיין שטעקען ביים האַלז און שלעפּט זי אַזוי אַרום אַראָפּ פון פלאַץ. ביי דוד משה עפּשטיינ'ס שוויגער שטייט אַ דייטשער פּאָליציאַנט און רייסט איר אַראָפּ מיט'ן שטעקען דאָס טיכל פונ'ם קאָפּ. דאָס טיכל פאַלט איר אַראָפּ, זי בלייבט אין בלויזען קאָפּ, זי בייגט זיך אַראָפּ הויבט אויף דאָס טיכל. דער פּאָליציאַנט שלאָגט זי מיט'ן שטעקען אויפן קאָפּ. זי טוט ווידער אָן דאָס טיכל. דער פּאָליציאַנט רייסט עס נאָכאַמאָל אַראָפּ. זי בייגט זיך נאָכאַמאָל אַראָפּ אויפ־צוהויבען דאָס טיכל, דער פּאָליציאַנט שלאָגט זי ווידער איבערן קאָפּ, אַזוי עטליכע מאָל ביז זי פאַלט אין חלשות...

דער קידוש השם פון דער דאָזיגער פרומער פרוי דערמאָנט די סלאַוויטער שפּיראָס אין פּרץ'עס „דריי מתנות".

ר' שלמה שמידט דערציילט ווייטער:

„דר. גענס איז צוגעקומען וואו קהל איז געשטאַנען ער האָט מיט זיין שטעקען אָנגענומען גאָלדפּישער'ן ביים האַלז, ער שלעפּט אים אַרויס ווי מ'שלעפּט אַ הונט. ער זאָגט אַז ער איז געווען קאַסירער ביים יודענראַט. ער הייסט אַרויסטרעטען זיין שוועסטער מיט פינף קינדער, ער רייסט אַראָפּ איר שייטל מיט'ן שטעקען. ער האָט זיי אַראָפּ־געשיקט פון פלאַץ צו די אַלטע. ביים דורכגאַנג האָט די פּאָליציי געשלאָגען מכות רצח. עס ווערן צעשלאָגען וואָלף ריגער'ס פרוי, יוסף שפּערבער'ס פרוי מיט אירע דריי קינדער.

ראַשוויץ האָט צוגענומען בראַון'ן, מוזלער'ן, פּאָדער־בייטל, זיי געשטעלט אין אַ באַזונדער גרופּע. דר. גענס פרעגט: „וואו איז שמידט מיט זיין פאַמיליע?"

איך מאַך מיך נישט וויסענדיג איך האָב זיך אוועק־געדרוקט פון אָרט. אינצווישען האָט ראַשוויץ מיך געש־טעלט צווישען די אַרבעטער. מען האָט צו אונז צוגעשטעלט נאָך 25 אידען.

מען האָט כסדר אַראָפּגענומען פון פלאַץ מענטשען. טייל האָט מען געשטעמפּעלט זייערע לעגיטימאַציעס צו דער אַרבעט און אַ טייל אידען געשיקט מיט'ן טראַנספּאָרט.

דער זייגער איז שוין עלף. עס פאָרען צו לאַסט אויטאָס מען לאָדעט אויף די אידען. די אידן פּאָליציי וואַרפט אַריין די קינדער, אַזוי ווי מען וואַרפט אַרויף קאַרטאָפל. די פּאָליציי ציילט אָפּ וויפיל מענטשען ס'איז אויפ'ן אויטאָ. דער ערשטער אויטאָ פאָרט אַוועק; דער צווייטער, דער דריטער, פערטער, מען הערט נישט קיין וויינען קיין שרייען די אידען זיינען ווי פאַרשטיינערט געוואָרען. ס'איז שטיל ווי אויף אַ בית עולם. פון צייט צו צייט הערט מען ביים אַרויפלייגן די מענטשען נאָר קלאַפּען. דאָס איז דער אָפּקלאַנג פון שלאָגען פון דער דייטשער פּאָליציי די אידן, וועלכע ווילען נישט אַליין אַריינגיין אויפ'ן אויטאָ. קודם שלאָגט מען זיי דערנאָך וואַרפט מען זיי אַרויף. איך זע פונדערווייטנס אויפוואַרפען קינדער. די דייטשע פּאָליציי ציילט נישט אין אויטאָ אַריין, נאָר אין די ווענט אַריין, אַזוי אַז די קינדער פאַלען צוריק אַראָפּ אויף דער ערד, האַלב אָדער שוין גאַנץ טויטע. מען וואַרפט זיי נאָכאַמאָל אַרויף. די אויטאָס פאָרען אַוועק.

דער קרייז־הויפּטמאַן קומט ווידער אַרויף אויפ'ן פלאַץ. ס'איז שוין צוועלף אַזייגער. די היץ ברענט ווי אַ פייער און מיר שטייען נאָך אויפ'ן זעלבען פלאַץ.

די פיר לאַסט־אויטאָס קומען צוריק, מיט זיי אַ פּאָר דייטשע פּאָליציאַנטען. מען לאָדט ווידער אויף מענשען. מ' ציילט איבער און זיי פאָרען אוועק.

דער קרייז־הויפּטמאַן גיט ווידער אַ באַפעל: „אַלע יתומים זאָלן אַרויסטרעטען".

די יתומים קינדער גייען אַראָפּ פון פלאַץ. צווישען די יתומים גייען מיין שוועסטער'ס קינדער, ביילע בראַנער'ס פיר קינדער, הערש, ישראל, חנה און שרה זייער פאָטער יעקב בראַנער שטייט צוזאַמען מיט מיר. זיין עלטסטער זון הערש, דרייצען יאָר אַלט,שרייט צום פאָטער, נישט הויך, פאַר מורא. „טאַטע איך האָב נאָך היינט נישט געדאַווענט", בין אויך הונגעריק. די קליינע חנה, זעקס יאָר אַלט שרייט נישט הויך: „טאַטע, טאַטע", אַזאַ יאָמערליך געוויין. ווי לאַנג איך וועל לעבען וועל איך הערען דאָס יאָמערליכע קול קלינגען אין מיינע אויערן...

עס קומען ווידער אָן די ליידיגע אויטאָס מען לאָדט ווידער אויף אידען. דער קרייז־הויפּטמאַן רופט אויס; שמואל באַנ־דינגער מיט זיין פרוי און קינדער; יעקב בראַוו, קלמן וואַגשאַל, וואָלף ריגער, ישראל אהרן בערגלאַס.

דער קרייז־הויפּטמאַן פרעגט ווער עס איז אַ באַרבער. עס מעלדעט זיך פייוועל זיידן. ער הייסט ביי אַ טייל אידען וואָס האָבען שיינע טשופּרינעס אויסשערן אויפ'ן קאָפּ אַ האַקן־קרייץ, ביי אַ טייל אויסשערן אין דער מיט קאָפּ, ווי ביי אַ גלח, ביי אנדערע אַ האַלבען קאָפּ האָר. ביי אנדערע אָפּערטל קאָפּ.

ער הייסט דערנאָך אָפּגעבען: זייגערס, רינגלעך, מעסער־לעך, שפּיגעלעך. אַלע לייגן אוועק, וואָס זיי פאַרמאָגן.

די אויטאָס פאָרען צו, מען לאָדענט אונז אויף הונדערט און פופציק מענטשען.

מיר קומען אָן קיין פּיסקאוו. דער ווײַצע שעף פון דער געסטאַפּאָ מאטעאוס זאָגט, מיר זענען אָנגעקומען צו שפּעט מיר פאָרען ווייטער. מיר מיינען, אז מען פירט אונז קיין וואזשיץ, דאָרט צו דערשיסען. מיר זאָגען ווידוי. בעטען איינער בײַם צווייטען מחילה.

אָבער אונזערע אויטאָס קומען צוריק קיין פריסטיק...

און אין דעם טאָג, פרייטאָג, דעם 3טען יולי, 1942, האָבען די דייטשע מערדער אומגעבראכט אין פריסטיק אַ דריי־פערטל פון דער אידישער באפעלקערונג״.

## דער קאלאשיצער רבי אין פריסטיק אין דער צייט פון חורבן

דער קאלאשיצער רבי איז אומגעקומען דורך די דייטשע רוצחים, ימח שמם, יום ב׳ דחול המועד סוכות, תש״ג. (1942).

עס ווערט נישט אנגעגעבען אין וועלכער שטאָט דער קאלאשיצער רבי איז אומגעבראכט געוואָרן און וואו ער האָט זיך געפונען ווען די נאציס האבן פארכאַפּט פוילן.

אָבער אין מיין רשות געפינט זיך אין כתב־יד אַ זעלטענער טאָג־בוך, וואָס עס האָט געפירט ר׳ שלמה שמידט פון פריסטיק פונ׳ם טאָג ווען די נאציס זיינען אריין קיין פריסטיק ביז דעם טאָג ווען כמעט אלע אידען פון די פיר הונדערט משפחות זיינען אומגעבראכט געווארען דורך די דייטשן. בלויז יחידים האָבן זיך געראטעוועט דורך אַ נס און צווישען זיי אויך ר׳ שלמה שמידט מיט זיין פרוי און טאָכטער, פרוי חיה ראפּאָפּאָרט.

ר׳ שלמה שמידט איז געווען דער פירער פון דער מזרחי אין פריסטיק און ער איז געווען אַ מיטגליד פון קהילה־ראט (ער איז געשטאָרבען מיט עטליכע יאָר צוריק אין ניו יארק). זיין טאָכטער, מר. ראפּאָפּאָרט, האָט מיר געבראכט דעם טאָג־בוך, וואָס איז אַ וויכטיגער היסטאָרישער דאקומענט און דאָרט האָבן מיר געפונען ידיעות וועגען קאלאשיצער רבי׳ן, ר׳ חנה האלבערשטאם, וועלכער איז אין אָנהויב פון דער מלחמה אנטלאָפען קיין פריסטיק, וואו זיין פאטער און ברודער זיינען געווען רבנים.

ר׳ שלמה שמידט שרייבט::

„דעם 5־טען סעפּטעמבער 1940. הרב ר׳ חנה האלבער־שטאם, דער קאלאשיצער רבי, קומט צופאָרען פון ריישע. איך גיי צו אים הערן נייעס און פארוואָס ער איז אַהער געקומען.

דער קאלאשיצער רבי דערציילט מיר, אז ער האָט געמוזט אוועק פון ריישע, ווייל ער האָט מער נישט געקענט צוקוקען די צרות, וואָס די דייטשען טוען דאָרט אָן די אידען. די דייטשען נעמען צו ביסלעכווייז די אידישע פאר־מעגענס, וואָס מען האָט באהאלטען צו האבען פון וואָס צו לעבען. מען ווארפט ארויס פון די וואוינונגען. מען נעמט צו דאָס מעבל, ואחרי ככלות הכל, שלעפּט מען יעדען טאָג טויזענטער אידן צו דער ארבעט הונגעריג, בארוועס און נאַקעט און לאָ די וואָס מען צאָלט נישט פאר דער ארבעט, מוטשעט מען די יידן און מען פייניגט זיי. האָב איך זיך מיישב געווען, אזוי ווי העלפען קען איך נישט צו וואָס זאל איך דאָרט זיצען, איך וועל ליבער זיין אין פריסטיק, אַקליין שטעטעל, און איך האָב אויך געהערט, אז דאָ פייניגט מען נישט אזוי שטארק די אידען, הגם צרות פעלען דאָ אויך נישט, אָבער צו די צרות פון די ריישער אידען קומט עס נישט. עס גייט איצט צו די ימים נוראים און דאווענען מיט אַ מנין דאָרט איז דאָך אומ־מעגליך. דאָ וועל איך קענן האָבן יעדן טאָג אַ מקוה, יעדען טאָג אַ מנין און לערנען במנוחה״.

אָבער אויך אין דעם שטעטל פריסטיק האָבען די דייטשען אנגעהויבען מורא׳דיג צו פייניגען יידן.

מיט אַ חודש שפּעטער, דעם 5טען אָקטאָבער 1940, פאר־צייכנט שמידט אין זיין טאָג־בוך, אז דאָס שטאָטישע בית־המדרש, דער בית הכנסת, איז פארשלאָסען״. די דייטשען האָבן דאָרטן זעהר פיל אידען דערשאָסען, האָבן די יידן מורא אריינצוגיין, מען מאַכט מנינים טייל אין פריוואטע וואוינונגען און טייל אין די קלויזען, וואָס זיינען אין די הינטערגעסלעך.

ווען עס איז געקומען ערב יום כיפור האָט קהל „אויס־גע׳פועל׳ט״ ביי דעם דייטשן טרופּען־פירער האנצעלדאָרף און ביים ביורא אָנפירער ראדעל, אז די אידען וועלען צושטע־לן הונדערט מענשען צו דער ארבעט אַנשטאָט פופציק, כדי מען זאָל קענען פאַרענדיגען די ארבעט ערב יום כיפור 12 אַ זייגער בייטאָג מען זאָל קענען גיין צו כל־נדרי. אָבער 10 אַ זייגער זיינען אָנגעקומען פרישע צען וואגאָנען מיט אייזערנע שטאנגען און דער דייטשער אנפירער האָט די אידען נישט געלאָזט אוועקגיין ביז די אידן וועלען נישט אויס־לאָדענען די וואגאָנען. איז ר׳ שלמה שמידט אוועק צום קאלאשיצער רבי׳ן זוכן אידן צו דער ארבעט. און ר׳ שלמה שמידט שרייבט:

„איך קום אריין צום קאלאשיצער רבי׳ן, דער רבי זיצט מיט אן עולם ביים טיש אין מיטען דער סעודה המפסקת איך מאך אַ געוואלט: הייתכן? אידן וועלען נאָך חלילה, מוזען אַרבעטען אין יום כיפור אויב יעדער איד אָן אויסנאם וועט נישט קומען העלפען אויסלאָדענען די וואגאָנן אייזן.

„דער קאלאשיצער רבי זאָגט אז איך בין גערעכט, און ער הייסט זיינע אייגענע קינדער גיין צו דער ארבעט.

„און אַז דער עולם האָט געזען, אַז דעם רבינ׳ס קינדער גייען צו דער ארבעט זיינען אלע שוין געגאנגען״.

אָבער די דייטשען האָבן די יידן נישט באפרייט — דערציילט ווייטער שמידט אין טאָג־בוך — און ווען די יידן וואָלטן געווען אַנטלאָפען פון דער ארבעט, האָט דער דייטשער אָנפירער געהאט א באַפעל צו דערשיסען יעדן אידן וואָס וועט אנטלויפען.

אויך יום כיפור האָבן די יידן געמוזט ארבעטן, און ווען מר. שמידט איז געקומען צום דאוונען האָט מען שוין געהאַלטן ביי מוסף. און ר׳ שלמה שמידט דערציילט ווייטער:

„דער קאַלאשיצער רבי פרעגט אונז וואָס מען הערט, מיר דערציילן וועגן אַלעם און אויך אין וואָס פאַר אַ סכנה די שטאָט איז געווען. דער קאַלאשיצער רבי זאָגט: איר קענט זיכער זיין, אז מיט אייער נישט־דאַווענען האָט איר מער אויפגעטאָן ווי די אידן וואָס האָבן געדאַווענט פון דער פרי אָן!"

דעם 4־טען מערץ 1943 פאַרשרייבט מר. שמידט אין זיין טאָג־בוך, אז דער שטורעם־פירער ערווין קלאַסן קומט צו אים און פרעגט אים וויפיל עס האָט געקאָסט אַ ספר תורה פאַר דער מלחמה. מר. שמידט זאָגט אים: פינף הונדערט זלאָטעס, זאָגט ער, אז אויב מר. שמידט וועט אים געבען פינף טויזענט זלאָטעס, וועט ער צוריקגעבן קהל די צוויי ספרי תורה, וואָס ער האָט צוגענומען ביי יוסף ענגלהאַרד. „איך זאָג אים, אז קהל איז אָרים, מיר האָבן נישט אַזויפיל געלט. פון דער שוהל גיי איך צום קאַלאָשיצער רבי׳ן, איך דערצייל אים, אז פאַר 5.000 זלאָטעס זאָגט דער שטורעם־פירער, וועט ער אפּגעבען די ספרי תורה, דער רבי זאָגט אז על פי דין איז מען מחויב אויסצולייזען ספרי תורה, אָבער אין דעם פאַל טאָר מען דאָס נישט טהאָן. ווייל ווען מען גיט אים אויסלייז־געלט, וואָלט ער ווידער צו־גענומען אַנדערע ספרי תורה און ווידער פאַרלאַנגט געלט אַזוי וואָלט ער געפּרעסט געלט ביי יידן, איז גלייכער נישט צו געבען".

אינ׳ם טאָג־בוך ווערט אויך דער־ציילט וואָסערע פייני־גונגען דער קאַלאָשיצער רבי איז אויסגעשטאַנען. ווי אַזוי ער אָט זיך אויסבאַהאַלטען און ווי אַזוי זיין זון איז אומגעקומען.

חיים ליבערמאן

# דאס הייליגע טיכל

אין די כראָניקעס פון אידישער מארטירערשאַפט איז דאָ אַ מעשה מיט אַ יארמעלקע, איבער וועלכער אַ איד איז געשטאָרבען אויף קידוש השם. אונזער גרויסער שריפט־שטעלער י.ל. פרץ האָט עס אריינגעוועבט אין אַ שענער דיכטונג, און דורך דער דאָזיגער דיכטונג איז יענע דער־הויבענע פּאסירונג אריינגעדרונגען און האָט זיך מיט ליבשאַפט איינגעבאַקן אין אַ סך אידישע הערצער.

און אפשר האָבן אידישע ווייבער, שטיל ביי זיך אין הארצען, מקנא געווען די מענער וואָס אויף זייער גורל איז אויסגעפאַלן אַזאַ אויסטערלישער אויסדרוק פון קידוש השם. אַ יארמעלקע איז דאָך אַמאַנסבילישער ענין.

נון, קענען איצטער די יידישע ווייבער זיך טרייסטען, זיי האָבן זיך אויסגעגליכען מיט די מענער, דאָס וואָס האָט אמאל געטראָפען מיט אַ אידען מיט אַ יארמעלקע, האָט איצט, אין דעם היינטיגען חורבן, געטראָפן מיט אַ אידענע און אַ טיכעל.

די מעשה מיט דער יארמעלקע האָט זיך פאַרלאָפען אַזוי. אין סלאָוויטע, אין צארישען רוסלאַנד זיינען געווען צוויי ברידער, די ברידער שאפּירא און זיי זיינען געווען דרוקער פון ספרים. צווישען די ספרים וואָס זיי האָבן געדרוקט איז געווען דער באַריהמטער „סלאַוויטער תלמוד". עס זיינען אמאָל אין דעם תלמוד געווען שטעלן, וואָס די קריסטען האָבן זיך געטשעפּעט צו זיי, געזאָגט אז זיי ריידען וועגן זייער קריסטוס און באליידיגען זייער גאָט, און קריסטליכע הערשער האָבן געצוואונגען די יידן ארויסצונעמען די דאָזיגע שטעלען פון דעם תלמוד. די יידן האָבן עס געמוזט טאָן. יענע ארויסגענומענע שטעלען רופט מען „השמטות".

נון, האָט די צארישע רעגירונג באשולדיגט די ברידער שאפּירא, אז אין געוויסע אויסגאַבען פון זייער „סלאוויטער תלמוד" האָבן זיי צוריק אריינגעשטעלט די השמטות און מען האָט זיי באשטראָפט מיט אַ גרויזאמער שטראָף: זיי טרייבן דורכ׳ן „סטראי".

און אָט ווערט די שטראָף דורכגעפירט. עס שטעהען אויסגעשטעלט צוויי לאַנגע שורות סאָלדאַטען מיט פרישע, אין וואַסער אויסגעווייקטע ריטער, די אידען האַלב־נאַקעטע, דאַרפן געהן דורך די צוויי שורות און די סאָלדאַטן דאַרפן זיי בייטשן מיט די ריטער.

געט איינער פון די ברידער דורכ׳ן סטראי, די ריטער פייפען אין דער לופט און פון יעדער רוט וואָס טרעפט זיין גוף ווערט אַ בלוטיגע וואונד. נאָר דער איד געט און געט. און אָט איז ער שוין ביים עק פון די צוויי שורות פון דעם סטראי, נאָך אַ טראָט, נאָך צוויי טראָט, און צו זיין אגאָניע וועט נעמען אַ סוף, נאָר פּלוצלינג כאַפּט ער זיך, אז ער האָט ניט זיין יארמעלקע אויפ׳ן קאָפּ: אַ רוט האָט אים אראָפּגעריסן די יארמעלקע פון קאָפּ! און אַ פרומער איד וועט דאָך ניט געהן בגילוי ראש. קערט ער זיך אום אַ שטיק וועג, בויגט זיך איין און הויבט אויף די יארמעלקע און טוט זי אָן, און דערווייל די ריטער שמייסען זיין גוף און רייסען פון איהם שטיקער לייב. דער איד געט נאָכ־אמאָל דעמזעלבען וועג צווישען די צוויי שורות, אָבער הײַנט־מאָל איז ער שוין ניט דערגאַנגען צום עק פון סטראי. ער איז געפאַלען טויט.

און י.ל. פרץ, אין זיינע „דריי מתנות,״ האָט אויסגעדיכטעט ווי אזוי אַזינדיגע נשמה פון אַ יידן וואָס איז געווען נע ונד, האָט אויפגעהויבען די יארמעלקע און האָט זי ארויפגעטראָגען אויפ׳ן הימעל, כדי דורך איר זוכה צו זיין אריינצוגיין אין גן עדן.

נון, צייטען בייטען זיך, נאָר אידישע צרות בייטען זיך ניט, און אָט האָט געגוי אזא געשיכטע געטראָפען אין אונזערע אייגענע טעג, נאָר דאָס מאָל איז דער קדוש ניט אַ איד נאָר אַ אידענע, און ניט אַ מאנסבילשע יארמעלקע, נאָר אַווייבעריש טיכעל.

פאַרלאָפן האָט זיך עס אין פריסטיק, אַ קליין, פרום יידיש שטעטעלע צווישען סאנז און קראָקע, אַ שטעטעלע פון לויטער חסידים און לומדים.

ווען די בלוטיגע נאצישע כוואליע האָט זיך אַ גאָס געטאָן איבער גאנץ פוילען, האָט זי אויך פארפלייצט דאָס כשר׳ע שטעטעלע פריסטיק מיט אירע בערך צוויי טויזענט יידישע נפשות. די נאצישע גרויזאמקייט אויף די יידן איז אומעטום געווען דיזעלבע אין שרעקליכקייט פון צאָרן, נאָר אין יעדען אָרט באזונדער איז זי אויסגעפירט געוואָרען אויף אַן אַנדער אופן, לויט דער באזונדערער פאַנטאזיע פון די פארשידענע רוצחים.

אין פריסטיק איז דער יום־הדין באשטימט געוואָרען אויפ׳ן אכצענטען טאָג אין תמוז, תש״ב, דעם דריטען יולי 1942. אַ באַפעל איז אַרויס פון דער געסטאפאָ, אַז אלע יידן מיט זייערע פאמיליעס זאָלען יענעם טאָג, זעקס אַ זייגער אינדערפרי צו דער מינוט, זיך צונויפקלייבען אויפ׳ן פי־פלאַץ, אויפ׳ן פלאַץ וואו די פויערים ברענגען זייערע בהמות און פערד צו פארקויפען און ווער עס וועט זיך ניט יאווען, וועט ווערען דערשאָסען.

אלע האָבען זיך געמוזט אויסשטעלען אין אָרדנונג, האנד־ווערקער מיט זייערע פאָמיליעס באַזונדער. שטיינברוך־ארבייטער באזונדער, קהל׳ס לייט באזונדער, און אַזוי דורך דער גאנצער באפעלקערונג. צו וואָס מען רופט זיי האָבן אידן ניט געוואוסט, נאָר אויף קיין גוטס רופט מען זיי ניט, האָבן זיי גיוואוסט.

ווען אלע אידן זיינען שוין געווען פאַרזאַמעלט, זיינען זיי ארומגערינגעלט געוואָרען פון פאָליציי, קיינער זאָל נישט אנטלויפען, פוילישע פאָליציי און געסטאַפּאָ לייט, און עס האָט זיך אנגעהויבן אַן אָפּקלייב, געווען איז עס אַן אָפּקלייב ווער צום טויט און ווער צו ארבייט — דערווייל צום טויט שפעטער.

און ווענמען מען האָט אָפּגעקליבען האָט מען ארויס־געפירט פון דער ריי און געהייסען אראָפּגען פון פלאַץ, און ארויסגעפירט האָט מען אזוי: מיט אַן אויסגעבויגענעם שטעקען אויפ׳ן האלז האָט מען ארויסגעשלעפט פון דער ריי, און פאר יעדען קער אָדער ריר האָט מען מיט די שטעקענעס געשלאָגען מכות רצח.

דאָס אַלץ ווערט געגוי באַשריבען פון איין אידען וואָס איז דאָרט געווען, ר׳ שלמה שמידט ראש הקהל, וואָס האָט זיך געראטעוועט און האָט עס אלץ באשריבען און האָט עס צוגעשיקט צו זיין לאנדסמאַן אין ניו־יארק, שמואל מוזלער פון סטריזוב.

געווען איז דאָרט אויפ׳ן פי־פלאַץ, אַן אַלטע אידענע, „דוד משה עפשטיינ׳ס שוויגער״. אכציג יאהר איז זי אַלט געווען, ווען מ׳האָט זי אָפּגעקליבען, און זי האָט ניט געוואסט צו וועלכען גורל, האָט מען איר געהייסען אראָפּגען פון פלאַץ. ווען זי איז געגאנגען האָט אַ דייטש מיט׳ן שטעקען איהר אראָפּגעריסן דאָס טיכעל פון קאָפּ. בכיוון האָט ער עס געטאָן. בויגט זי זיך איין דאָס טיכעל אויפצוהויבן. דער דייטש שלאָגט זי מיט׳ן שטעקן איבערן קאָפּ, איבער די הענט, לאָזט איר דאָס טיכעל ניט אויפהויבען. זי הויבט עס אָבער אויף, טיט זיך עס אָן, ער רייסט עס איהר ווידער מיט׳ן שטעקען אַראָפּ. זי בייגט זיך אראָפּ, וויל עס ווידער אויפ־הויבען ער שלאָגט ביז זי פאַלט באַוואוסטלאָז צוזאמען. און דער דייטש טוט איהר אָן דעם שטעקען אויפ׳ן האלז און שלעפט זי אראָפּ...

דערנאָך האָט מען זי ארויפגעוואָרפען אויף אַ לאַסט־וואגאָן און מיט אנדערע אוועקגעפירט אין וואלד צום טויט. דאָס טיכעל איז געבליבען ליגען, דער דייטש האָט אויס־געפירט זיינס.

און אויב עס האָט דעמאָלט אַ פארוואָגעלטע אידישע נשמה אומגעשוועבט איבער דעם פלאַץ, אַזוי ווי אין פרצ׳עס מעשה׳לע, האָט זי געוויס אויפגעהויבען דאָס הייליגע טיכעל און איז דערמיט אַוועקגעפלויגען אין הימעל אַריין און האָט דערפאר זוכה געווען אויף אייביג שוין אַריינצוגעהן אין גן עדן.

נאָר די הייליגע אלטיטשקע איז ניט געווען די איינציגע אין איהר הייליגקייט יענעם טאָג אין פריסטיק, די גאנצע עדה אין געווען הייליג, נאָר אזוי ווי די רוצחים זיינען געווען טריף יעדער אויף זיין אופן, אזוי זיינען די יידן געווען הייליג יעדערער אויף זיין אופן.

געווען אין פריסטיק אַ כשר׳ער איד, ר׳ חיים מאיר בראָנער געזעסען יומם ולילה און געלערנט, און ער האָט ניט געוואָלט פאָלגן דער געסטאפאָ און קומען אויפ׳ן פי־פלאַטץ אין יענעם תמוז־טאָג. געווען אַן אָנגעזעהענער איד אין שטאָט און אויפ׳ן פלאַץ האָט מען געזען אַז ר׳ חיים מאיר פעלט. אַ מורא איז באַפאַלען די פארזאמעלטע יידן, דען טאָמער חלילה פעלט איין איד, קען מען אַלע אידען אויסשיסען. לויפט מען רופען ר׳ חיים מאיר׳ן. מ׳קומט צו אים אין שטוב, ער איז ניטאָ, נאָר מען הערט אויפ׳ן בוידים זאָגט עמיצער תהלים, מ׳געט ארויף, דאָס זיצט ר׳ חיים מאיר און זאָגט תהלים. מ׳זאָגט אים ער זאָל גען אויפ׳ן בהמות־פלאַץ, אַ ניט אויב די דייטשען טרעפען אים דאָ, וועלען זיי אים זיכער שיסען, אויב אזוי, ענטפערט ער, וויל איך טאַקע ניט גען, איך וויל טאַקע מ׳זאָל מיך שיסען ביים זאָגען תהלים. מיין גאנץ

לעבען האָב איך זיך ניט געקענט פאָרשטעלען צו שטאַרבען מיט אַ שענערן טויט...

און אזוי איז געווען. געקומען פאָליציי און געפונען ר׳ חיים מאיר׳ן אויפ׳ן בוידים זאָגענדיג תהלים. דאָ אויפ׳ן אָרט האָט מען איהם אָפּגעשאָרען באָרד און פאות, אָוועקגע־שלעפּט צום פּלאַץ און געטויט דורך שיסען.

אזוי ווי רבי עקיבא... דערשאָסן אים און פינף זין„,

געהט דער שרייבער פון דעם בריוו, דער ראש הקהל, אויפ׳ן מארק פון פריסטיק, יענעם טאָג ווען עס האָט נאָר־וואָס אנגעהויבען טאָגען, דערצעלט ער: ער זעט ווי אידן דרעהען זיך ארום ווי משוגע, מען געט צום פי־פּלאַץ נאָך אַפילו פריער ווי מ׳האָט געדארפט. ער באגעגענט „שמואל לאָסט, זיין ווייב חוה לאה, מיט זייערע זעקס קינדער״. דאַרפן טאקע אלע אידען אָן אויסנאם זיך מעלדען אויפ׳ן פלאַץ? פרעגט עמיצער. און חוה לאה ענטפערט: „יע, יע, אַלע. מיר געז טאקע מיט די קינדער איך האָב זיי די נאַכט אָפּגיבאָדן, אָפּגעשניטן די נעגל, אָנגעטאָן פרישע וועש, טאָמער חלילה ווערט מען אונז הרגנען האָב איך זיי פריהער מטהר געווען״.

חוה לאה מיט אירע זעקס קינדער, אזוי ווי חנה מיט אירע זיבען. מער האָט חוה לאה ניט געהאט אוועקצוגעבען אויף קידוש השם.

און פרידא גיטל קופּערבערג רופט זיך אָן: יע, איך האָב זיך אויך מטהר גיווען זעהט, איך האָב אנגעטאָן תכריכים טאָמער הרגעט מען אונז, לאמיר שטארבען אין די תכריכים.

און „יצחק און נעכע טעפער״ — דאָס גלייכען — — — —

אויפ׳ן בהמות־פלאַץ באַמערקט דער דייטשער קרייז־הויפטמאַן אז „מענדל שמיד״ רעדט עפּעס מיט „פישל ביגאיער״ .רופט ער צו אַ געסטאַפּאָ־ניק און הייסט זיי געבען צו פינף און צוואנציג שטעקענס אויפ׳ן בלויזען לייב. מען שלאָגט זיי ביז בלוט, נאָר קיין קרעכץ הערט מען ניט.

דאָס און טויזענט אנדערע פרטים, אַ שמאך אויף די דייטשן און אַ שטאָלץ פאר די יידן, דערצעלט דער לאנגער בריוו פון דעם געראטעוועטען ראש הקהל פון פריסטיק צו זיינע לאנדסלייט אין אמעריקע.

און אזוי איז דאָס כשר׳ע שטעטעלע פריסטיק געשטאָרבן אויף קידוש השם, ריין, ציכטיג, ליכטיג, הייליג.

און אז עס וועט קומען אַ מאָל אַ אידישער שרייבער און וועט שרייבען פון דעם קידוש השם פון פריסטיק, אזוי ווי פרץ פון סלאוויטע, זאָל ער שרייבען, אז נשמות פון צדיקים פון יענער וועלט זיינען געקומען צו שוועבען איבער דעם פיה־פּלאַץ יענם טאָג אין פריסטיק, און ניט דאָס טיכעל אליין האָבען זיי אוועקגעטראָגען אין הימעל אריין, און ניט די האָר פון ר׳ חיים מאיר׳ס באָרד אליין, נאָר דאָס גאַנצע שטעטעלע פריסטיק האָבען זיי אויפגעהויבען און אוועקגעפלויגען מיט איר אין הימעל אריין, זי געבראכט און אוועקגעשטעלט נעבען כסא הכבוד...

# מילואים

## דברי הגות ומחשבה

**הרב ישראל פרנקל / טורונטו, קאנאדה**

# אבל אשמים אנחנו!

(נכיון של הסתכלות במהותה של השואה)

**(מוקדש לזכר אשתי אסתר (לבית דיאמנט), הבנות רחל ושרה, הבנים שלמה ושלום — שנהרגו בידי הצורר, בעיר לבוב בשנת תש״ב — תי״ד).**

שנים עוברות מאז האסון הנורא, שהיה אסונה של האומה ואסונם של אלפי יחידים. האומה מוצאת פצוי־מה לאובדנה, בהקמת מלכות ישראל בארץ־הקודש ובשיבת בנים לגבולם. שמחת האתחלתא־דגאולה היא גם נחמה־פורתא ליחידים, לאנשי שארית־הפליטה, אשר כל אחד ואחד מהם יכול לומר: „אני הגבר ראה עני״. אבל, עדיין רחוקים אנו — כאומה וכיחידים — מנחמה שלימה. ועוד יותר רחוקים אנו מהבנת הנוראות הללו אשר היינו עדים להן ואשר היינו חלק מהן. לא פעם מצטברת בלבנו מחדש מעין „טרוניא כלפי מעלה״ וכל אחד מאתנו הוא בבחינת איוב, הבא לערער ולהרהר אחר מידת־הדין. לכן, ייעשה כאן נסיון להאיר קצת מבוי זה, לפי השקפתו של כותב־הטורים. השקפה, אשר הוא הגיע אליה מיד לאחר השואה ואשר הולכת ומתחזקת בקרבו מאז ועד עתה.

●

כידוע מורכב האדם ממזיגה של חומר וצורה, — שכל אנושי ורגש טבעי. תמיד ניצב האדם על פרשת־דרכים, בין טוב ורע. הוא יכול לבחור לעצמו את דרך החיוב והוא עשוי אף ללכת בדרך־השלילה, כמאמרם של חז״ל: „בדרך שאדם רוצה לילך — מוליכין אותו״. אם מצליח האדם להשליט את השכל על הרגש, דהיינו שהחלק־האלוקי שבו גובר על החלק־הבהמי, הרי הוא בן־חורין. שוב אין הוא משועבד ל„רוח הבהמה היורדת למטה״ אלא נמצא במצב של „רוח האדם עולה למעלה״. הוא מכלכל את מעשיו מתוך מחשבה ועושה צעדיו לפי חוקי האתיקה. אדם זה נקרא: „האדם השלם״. אולם, אם האינסטינקטים משתלטים על האדם והם דוחפים הצדה את השכל והאדם נותן לעצמו פורקן לפי רגשותיו, אז עלול הוא להיות אף גרוע מן החיה ומן הבהמה. כי במקרה כזה נעשה השכל כלי־שרת לרע, האדם מאבד את „צלם האלוקים״ וסכנתו מרובה אף מזו של חיה רעה.

הבחירה החופשית שניתנה לאדם, שיש בכוחו לבחור בין הטוב והרע, עניין זה הוא מיסודות תורתנו הקדושה, המצטיינת בכך שהיא קובעת כי „יש דין ויש דיין״. פירוש הדברים: אין כופין את האדם להיות טוב ואין דוחפים אותו להיות רע.

●

על יסוד האמור, כי הברירה היא בידי האדם לעשות צדקה וחסד או חלילה להיות רוצח וגזלן, מגיעים אנו למסקנה נוספת: מי שנמצא בין בני־אדם שבחירתם היא חפשית, חייב לעשות הכל כדי להנצל מבחירתם הרעה. אסור לו לומר כי הוא ישב באפס מעשה ועל הקב״ה להצילו מידי רודפיו. הקדוש־ברוך־הוא הרי נתן בחירה־חופשית גם לעושה הרע וממילא מוטל על האדם עצמו להנצל מפגיעתו של זה, כאשר זה הולך בדרך הרע. וסמוכין לכך מוצאים אנו גם בדברי חז״ל: „הכל בידי שמים, חוץ מצינים ופחים, ושומר נפשו ירחק מהם״. במקום סכנה, במקום ששם הרע משתולל, אין סומכין על הנס.

מעתה, תישאל השאלה: איך מותר לו למיעוט לגור בתוך סביבה אשר בה חי רוב כזה המוכן בכל רגע לנעוץ את שיניו המורעלות בתוך גופו של המיעוט? רוב כזה אשר אילמלא מוראה של המלכות מוכן הוא להשמיד, לאבד ולהרוג את המיעוט, אנשים נשים וטף?

●

יתר על כן, למרות שאנו לא ברחנו ממקום הסכנה ונהגנו שלא כדין, הרי נהג עמנו הקב״ה לפנים־משורת־הדין: עשרות בשנים לפני בא ה„מבול״ הנורא, של אש וגפרית, על אירופה, שלח לנו השי״ת את „תיבת נח״ שנוכל למצוא בה מפלט. זוהי התנועה־הלאומית אשר קמה על אדמת אירופה ואשר קראה אל היהודים ללכת לארץ־ישראל ולבנות שם מדינה לעצמם. ומעצם הגילוי שהמעוררים ל„שיבת ציון״ קמו בתקופה אחת במקומות שונים והם באו גם מהחוגים הדתיים וגם מהחוגים המתבוללים ביותר, היה עלינו ללמוד כי מאת ד׳ היתה זאת והקול שלהם הוא בבחינת קול המון כקול שדי. והאם לא היה רמז אלוקי גם בכך שבשלהי מלחמת העולם הראשונה הופיע לורד בלפור ונתן לנו הצהרה, בנוסח הצהרתו של המלך כורש?

אבל, למרבה הדאבון, לא היה בנו הכוח להניח את סיר הבשר״ ובניגוד להשקפת־התורה הוספנו לשבת במקום הסכנה ולתת את צווארינו בעול אלה אשר בחרו ללכת בדרך הרע ופיתחו וטיפחו בתוך עצמם את האינסטינקט החייתי והבהמי הנורא ביותר.

וגדול היה חטאם של ראשי־העדה. הם במקום לבחור בצו האלוקי של „וברכתיך בכל אשר תעשה״, הם הרדימו את העם בשיטה של „שב ואל תעשה״. פשוט לא רצו לראות בכל השתלשלות המאורעות את „אצבע האלוקים״ והביאו את עצמם ואת צאן מרעיתם עד לפתחי אושוויץ.

היוצא מדברינו: השואה הנוראה צריכה להזכיר לנו את אשמתנו בכך שנשארנו לשבת בתוך טומאת שנאתם של העמים, בשעה שמן השמים רמזו לנו להמלט על נפשנו ולעלות לבנות את הארץ אשר „עיני ה׳ אלוקיך בה מראשית שנה ועד אחרית השנה״.



גם עכשיו אנו מנסים לשוב לכסלנו ולדבוק בטומאת ארצות העמים. אנו חוזרים ומכניסים עצמנו בתוך סכנות ויושבים בין גויים שמחר־מחרתיים עלולה שוב החיה שבהם לפרוץ החוצה. ויש עוד כאלה אשר מנסים לעטוף חטא זה באיצטלא של יראת־שמים. הם מבקשים על פניהם של מנהיגי מלכות ישראל המחודשת את ה„זקן אהרן״ וכאשר הם אינם רואים אותו הם בועטים במלכות זו. אבל, נזכור כי משה רבינו, כמסופר במדרש, נתגלגל לבית בת־פרעה, רק כדי שיהיה רגיל בלשון מצרים ובגינוניהם. בל נחפש על מנהיגי המדינה את קלסתר הכוהנים העושים את עבודתם במקדש. גדלותם היא בזאת שהם יודעים לעמוד מול אויבים בשער.



רבות סובלים אנו גם עתה על שיהודי פולין, ליטא, גליציה ורוב יהודי הונגריה אינם אתנו במדינת מלכות ישראל. אך זהו החטא וזה עונשו. כי אשמים אנחנו! ובמה נתקן חטא זה? בשיבת בנים לגבולם. בכל הדרכים עלינו לשוב לארץ־ישראל. זאת תהיה הנחמה על החורבן. זאת תהיה התשובה ליסורי־הנפש אשר מענים אותנו.

גורל נורא מרחף עלינו: מלכות או שחיטה. ובחרתם במלכות ובחרתם בחיים.

שלמה יהלומי (דיאמנט)

# בן־ציון קאלב מציל נפשות ישראל בשנות השואה

ברשימתי זו רוצה אני לכתוב זכרון בספרנו פרשה מופלאה, נוראת־הוד, שגיבורה הראשי הוא בן־עיירתנו, בן־ציון קאלב, נ״י, בן ר׳ אברהם שו״ב קאלב ז״ל, הי״ד. הלא היא פרשת הצלת אלפי נפשות ישראל ממות אכזרי בידי הנאצים, ימ״ש. ראויה היתה פרשה זו להכתב במקום מרכזי בספרנו, באריכות ובפרוטרוט, שהרי רבה חשיבותה לאין ערוך, לא רק ליוצא עיירתנו בפרט, אלא לתולדות השואה ומצילי ישראל בשואה בכלל. ברם מסיבות, שאין כאן המקום לפורטן, קבלתי את התיאור המלא, הפרטים והחומר (כולל תמונות ומכתבים), כמעט ברגע האחרון, לפני סיום הספר וחתימתו. רצתה ההשגחה שבן־ציון — חברי מנוער, מימי

היותנו יושבים ולומדים יחד בבית המדרש בסטריזוב ונלחמים מלחמתה של תורה — יבא לביקור קצר בישראל וכאן שיכנעתי אותו שלא יתכן שמעשי־הצלה אלה לא יועלו ויסופרו בספר שלנו. קבלתי איפוא ברגע האחרון, כפי שכבר ציינתי, את הפרטים. מחוסר זמן ואפשרות פיזית לפרסם הכול הנני מצטמצם ומסתפק בתמצית שבתמצית. רואה אנוכי לחובה לציין כי מלבד המכתבים והתעודות שראיתי, שכמה מהם צולמו ויוכנסו בספר — אישור מהסוכנות היהודית מכתביהם של הרבי ר׳ שלמה הלברשטם מבאבוב שליט״א, הרב מ״ד ווייסמנדל ז״ל, יצחק צוקרמן („אנטק״) ועוד — השתדלתי לדבר עם מספר יהודים, החיים עמנו בישראל.

THE JEWISH AGENCY FOR PALESTINE
PALESTINSKÝ ÚRAD
BRATISLAVA
TELEFON 5142

BRATISLAVA, December 18, 1945.
KOZIA 18

N./ 196./45.

To whom it may concern:

e are hereby sertifying to the activity of Mr. Benzion Kalb, Bratislava, carried out in the years 1943 and 1944, cooperating with our illegal working groups in Slovakia for the liberation of Jews confined to Polish Ghettos and concentration camps, whereby we also state that you have introduced such measures as to enable the first people to come accress the borders.

Hereby we wish also to emphasize that it was due to your cooperation that a number of children could be saved. As a matter of fact 102 children under the age of 10 were liberated in the course of three weeks.

We were fully aware of the fact that in connection with your activity you were exposed to persecution by the Gestapo and have been imprisoned in Bratislava.

For this staunch and selfsacrificing collaboration you have deserved the fullest appreciation of the Klall.

ÚSTREDNÝ SVAZ CIONISTICKÝ
BRATISLAVA

PALESTINE OFFICE OF THE JEWISH AGENCY
PALESTINSKÝ ÚRAD
BRATISLAVA

אישור הסוכנות

שהיו עדים למעשי־הצלה שלו והם אישרו את אשר אני רושם כאן.

המלחמה השיגה את בן־ציון, אחיו מנדל ואת הוריו. בניימרק (נאווי־טארג׳), לשם עברה המשפחה לפני למעלה מארבעים שנה. חדשיים אחרי פרוץ המלחמה הגיע למסקנא שאין מה לצפות בפולין והחליט שצריך לברוח בעוד מועד. רכש תעודת־מסע לאלטנדורף (סלובקיה) נסע לשם ומשם הגיע לקזמרק. בסלובקיה היה אז חופש יחסי והיהודים חשבו שהרעה לא תבא אליהם. כדי לפרנס את עצמם עסקו היהודים בהברחת סחורות, מטבע זר ועוד. גם בן־ציון עסק בזה וקיים קשר מתמיד עם פולין הכבושה. הודות לכך ידע מה נעשה שם ומה צפוי להם לאחינו בני ישראל בארץ זו, שלא רק הנאצים הגרמניים, אלא גם הפולנים הם שונאי ישראל ורוצחים בכח, המחכים להזדמנות להיפטר מה„ז׳ידים״. רצה להציל את הוריו ואת אחיו מנחם, להוציאם מניימרק, אבל ההורים לא רצו לעזוב את עירם ומנחם לא רצה להשאיר את הוריו לבדם. לבסוף נרצחו. מנחם נרצח בז׳ באב תש״ב, (21.7.42) בראבקא. וההורים — בב׳ דר״ח אלול תש״ב, (14.8.42).

כאשר המצב בסלובקיה הורע גם הוא מיום ליום והתחילו לשלוח יהודים „לעבודה״, טען ב״צ והסביר שזה לא לעבודה אלא למות, אבל רק מעטים האמינו לו והרוב עזרו במו־ ידיהם לשלוח את ילדיהם „לעבודה״״ — לאושביץ. הוא לא נתן להם לעסקנים מנוח וסוף כל סוף שיכנע אותם שיש צורך דחוף להתחיל בפעולות הצלה, כדי להציל את אשר ניתן להציל. הודות לזה שהיה לו קשרים עם פולין בעניני פרנסתו, היתה לו אפשרות לחלום על פעולות הצלה נרחבות באמצעות שליחיו הלא־יהודים והתחיל במאמצים כבירים, במסירות־ נפש ממש, בעבודת קודש זו. בעזרת אחד מחסידי אומות־ העולם: יאן מאלעץ מז׳עפיסקו (אז — פולין, כיום — סלובקיה) ובעוד דרכים שונות, הצליח להביא לסלובקיה שלשת אלפים נפש (לפי הערכתו), כולל מאתיים ילדים בגיל חדשיים — שש שנים ויותר. ההצלה היתה כרוכה בסכנת־נפשות ממש ויש שגם בן־ציון נסע יחד עם המציל ופעם עצרו אותו וישב בבית הסוהר שבועיים וניצל בנסי־ נסים. הסתתר ששה חדשים במרתף — — — קרן דברים מסמרי שערות; (אם ירצה השם נספר את כל המאורעות בספר מיוחד שמקווה אני לפרסם) לא פעם היה צורך להשאיר את הילדים לבדם ב י ע ר, במשך כל הלילה, ולמחרת היו יוצאים ומחפשים אותם ומוצאים אותם כמעט קפואים מקור, בעוד נפשם עמם — — — הרבה פעמים כמעט שנתפסו הילדים והגוי המציל, יאן מאלעץ, שהיה בקי בכל מסתרי היער, הצליח להעביר את הילדים מתחת לעיניהם של הנאצים.

מובן מאליו שבהעברת הילדים מפולין לסלובקיה עדיין לא נשלמה ההצלה. הרי ידעו שהרעה תגיע גם לסלובקיה — ומי יודע מתי שמא מיד?... ושוב היה צורך במסירות נפש ובעבודה מרובה להשלים את המלאכה. כמעט בכל מקרה־ העברה צריך היה להסתיר את הילדים אצל גויים, עד שימצאו להם מקומות בטוחים. וכאן יצויין שעל־ידי הגברת ברטושק (אשתו של הלא־יהודי שאצלו הסתתר בן־ציון) העביר ב״צ מכתבים להרב המציל הידוע רמ״ד ווייסמנדל זצ״ל, בעל „מן המיצר״, ולר׳ שלמה שטרן. הרב העמידו בקשרים עם „היצעס״, שם היו מיוצגים כל הארגונים שעסקו בהצלה. שם היו הגב׳ פלישמן, הגיבורה הידועה, ד״ר נוימן, ד״ר דוקס, ב״צ גוטליב (איש המזרחי), אגון רוט, קורנינסקי ועוד. בן־ציון תיאר להם את המצב הנואש של יהודי פולין ומתחילה לא האמינו לו, וגם אלה שהאמינו, לא היה להם מושג עד כמה המצב הוא חמור. מענין לצטט קטע ממכתבו של הרב ווייסמנדל לבן־ציון (מיום עש״ק כי תבא, תש״ג), המצולם כאן: „נא עשו כל מה שביכולתכם לתת את הילדים,



השני משמאל הוא יאן מאלעץ, השליח הראשי להצלת יהודים. הוא לבדו הבריח 635 נפש, אנשים, נשים וטף — כולל 200 יתומים. הראשון משמאל הוא בנו של מאלעץ והיתר — קרוביו.

שבאו, רק בבתים כשרים, אשר בהם יראת־שמים אמיתית, כדי שחס ושלום לא יבואו בידי זרים ח״ו וחס להזכיר. כי זה מעט הנשאר אנחנו מהוייבים לראות שיהיו יראי־שמים בעזרת השי״ת"... עד כדי כך! ברם בן־ציון לא שעה לעצתו של הרב. אדרבה! עשה להפך, כי הבין שאצל לא יהודים יהיו הילדים יותר בטוחים. ויש שהסתיר גם אצל יהודים — אלה המוזכרים במכתבו המצולם של הרב ויסמנדל. כל

בהמשך לפעולת ההצלה מפולין, ארגנו והבריחו הרבה יהודים מסלובקיה לבודפסט (הונגריה), דרך פרשוב, קשוי ושם היו בארגון פולני בתור גויים, עד עשר שנים אחרי המלחמה.

חבל שאין רשימה מלאה מהניצולים בדרכי־הבריחה אלה ואביא איפוא רק מספר מועט של ניצולים. הניצולה הראשונה היתה ארוסתו של בן־ציון (כיום אשתו שתחיה) קלרה ליבר.

מכתבו של הרב ויסמנדל ז״ל

הזמן היה בקשרים עם פרעסבורג והרעיש עולמות שצריך להביא עוד יהודים. אנשי פרסבורג התקשרו עם שוויץ, אמריקה, ישראל ועוד. היה צורך גם בהרבה כסף. בצד הכספי טיפל ד״ר וולשטיין, כיום בישראל.

אחרי מאמצים על־אנושיים מרובים הצליח למצא את מקום המצאה ומאז עמדו בקשר מכתבים. באחת הגלויות היא כתבה לו שאם לא ישלח אליה את יאשעק מאלעץ (הגוי שהיה המבריח העיקרי), היא תיסע לאחיו מנדל (כלומר:

ירצחוה). מצולמת כאן אחת הגלויות שכתבה אליו מבאכניע (גליציה), עם חותמת דואר שצלב הקרס באמצעה. הצלת ארוסתו עלתה בדמים יקרים. היא היתה הראשונה שהעיזה והראתה את הדרך המסוכנת לעזוב את באכניע בדרך הבריחה מסוכנת זו. אחר הצלחת מעשה הצלתה הלכו אחרים בעקבותיה. לבסוף היה מספיק לתת למבריחים מעשרה עד שמונים דולר. מי שהיה לו כסף נתן. מי שלא היה לו דאגו לשלם בשבילו. ויש שב״צ שילם.

הניצולה הראשונה, ע״י ב״צ קלב, קלרה ליבר — כיום אשתו עמוע״ש

בין הניצולים היו: הרבי ר׳ שלמה הלברשטם מבובוב שליט״א; אחיו ר׳ יחזקאל; בנו של ר׳ משה סטמפל, בן ר׳ פייבל סטמפל מקראקא וחתנו של הצדיק ר׳ בן־ציון זצ״ל, הי״ד מבובוב, הנמצא כיום באנגליה ומנהל שם ישיבה; המשטרה עצרה את המכונית בה נסעו, הוא ועוד ששה ילדים, גם ירו אחריהם. כן ניצלו הילדים של הרב מסוכא, נכד בעל „דברי חיים מצנדז; ר׳ משה שנפלד, חתנו של הרב י״מ לוין נ״י; אלעזר אונגר; שני בניו של ר׳ מרדכי וויינברג בן ר׳ ברישל וויינברג ז״ל מקראקא, חסיד ועשיר מפורסם, שניהם היום בישראל. הם שירתו בצה״ל, אחד בחיל הים והשני בחיל אויר. אישר לי את זה דודם ר׳ יואל קרמר מתל־אביב; האחיות שמידט (כיום נוסבוים בבלגיה וגליס

בן־ציון קלב עם שני בניו של ר״מ וינברג מקראקא, שניצלו י״י שניהם נמצאים בישראל. אחד שירת בחיל הים והשני בחיל האויר.

גלויה מגיא ההרגה

בישראל) קרובים של ר׳ משה בלייכר, דיין ומו״ץ בקראקא; חוה אקשטיין, בתו של בן־ציון, בן ר׳ מאירצ׳ה אקשטיין, בן ר׳ מאטיש אקשטיין מריישא. ר׳ יונה אקשטיין טיפל בילדים עד שהעבירום למקום בטוח. כמו כן טיפלה בילדים הגב׳ שטרן (ראה צילומים כאן).

אילו היה מספיק כסף, כי אז היה אפשר להציל הרבה יותר משהצילו. הקורא יקרא כאן מכתב מיצחק צוקרמן וצביה לובטקין המאשרים את זה. בן־ציון היה גם אחד מאלה ששלחו להודיע שרוצים להציל את „אנטק" וצביה ברם הם סרבו להשאיר את אחיהם לבדם, כאשר יקרא הקורא במכתב המצולם כאן. כן הציע ב״צ לרופא המפורסם פרופ׳ ד״ר בורנשטיין, כיום מנהל המחלקה לחולי עצבים בבית חולים בילינסון — אחד מיוחד במקצועו, שהוא רוצה להצילו. פרופ׳ ד״ר בורנשטיין סירב גם הוא להינצל לבדו, בלי אשתו. בשיחה שהיה לרעייתי דבורה עם ד״ר בורנשטיין, אישר את אמיתת הדבר. גם מר ב״צ גוטליב, מעסקני המזרחי, כיום בישראל, מאשר עובדת היותו של ב״צ ממצילי נפשות ישראל באותם הימים המרים. ואלה דברי הרב שלום משה הלוי אונגר, ראש ישיבה מנייטרא (במכתבו מיום ה׳ צו, תשכ״ג הנמצא בידי): „יודע אני מאד מסירת נפשו להציל למאות בשנות הזעם". יצחק צוקרמן („אנטק")

קבוצת ילדים שניצלו ע״י ב״צ. שלשת הגדולים, מימין הם: מרת שטרן מפרסבורג, שטיפלה בהם, ר׳ יונה אקשטיין וחוה, בתו של ב״צ אקשטין, בנו של ר׳ מאירצ׳ה, בן ר׳ מאטיש אקשטין מריישא. חוה חיה כיום בישראל.

6.I.44

מכתבם של יצחק צוקרמן וצביה לובטקין

שני ילדים שניצלו ע״י ב״צ קלב. אחד שמו לויפר והשני הוא בן־אחותו של ר׳ משה בלייכר ז״ל, הדיין מקראקא. שניהם בישראל. הבחורה היא מרת שטרן מפרסבורג, נכדת החת״ם סופר, שטיפלה בילדים. לפי בקשת בן־ציון

בית לוחמי הגיטאות ע"ש יצחק קצנלסון למורשת השואה והמרד
GHETTO FIGHTERS' HOUSE IN MEMORY OF YITZHAK KATZNELSON

KIBUTZ LOHAMEI HAGHETAOT
AKKO POST OFFICE, ISRAEL
PHONE: NAHARIYA 920412

11 יוני 1968

קיבוץ לוחמי הגיטאות
דואר נע אשרת
טלפון: נהריה 920412

לכבוד
מר ליאון ב. קולב
נ י ו - י ו ר ק

אדוני,

באחד מימות שבוע זה ביקר אצלי תייר, איש בראזיל, אשר עשה את דרכו לישראל דרך ניו-יורק ושם ניפגש עם אדוני. מדבריו הוברר לי, שאדוני הוא אחד מחברי הוועד (הסלובאקי? ההונגארי?) אשר שלחו אלינו שליח מיוחד (פולני) בשנת 1944, להציל אותנו, אותי ואת צביה, מארץ התופת. כזכור לך, סירבנו לעזוב את פולין. השליח סיפר לנו, כי מכתב-תשובתי נמצא בידיך. נודה לך מאד אם תוכל להעמיד לרשותנו את המכתב או פוטוסטט ממנו. כן נודה לך אם תואיל להעלות בכתב את פרשת השליחות הזאת במסגרת פעולות ההצלה של הוועד, שהיית בו חבר.

בתגדה ובברכה
יצחק צוקרמן

מבית לוחמי הגיטאות, חתום: יצחק צוקרמן (אנטק)

בכרטיס ביקור, שמסר לבן־ציון כותב: „לאיש ששלח אלינו שליח־מצוה להצילנו — ולא סייענו בידו". כן יש בידי תעודה מאגודת ישראל, סניף פרג (מיום ב׳ אחרי—קדושים, תש"ז) המאשרת את כל הנ"ל. ואחרון אחרון חשוב, מכתבו החם של הרבי ר׳ שלמה הלברשטם שליט"א מבאבוב (ראה צילום) הכותב בחיבה והערצה על מעשיו של ב"צ וקורא לו: „גיבור מלחמה על שדה הצלת נפשות ישראל" — — —

כבר כתבתי בתחילת מאמרי שאכתוב כאן רק תמצית ממה שיש בידי חומר על הפרשה המופלאה הזאת, אבל דומני שהמעט הזה הוא רב האיכות וזכאי אני לזקוף לזכותי את עובדת פרסום מעשיו של ב"צ בספרנו, כאשר כבר הזכרתי למעלה, שהודות ללחץ שהפעלתי עליו מסר לי פרטים ומסמכים המאשרים את כל הנ"ל. רוצה אני להוסיף שזה כבוד לעיירה שלנו שבני עיירתנו, לא רק שלא שיתפו פעולה, חס ושלום,

TEL. 853-0086

ב"ה ראש חודש כסלו תשכ"ט לפ"ק ברוקלין יע"א.

Rabbi Solomon Halberstam
OF BOBOV
1501 – 48TH STREET
BROOKLYN, N. Y. 11219

שלמה הלברשטאם
אבד"ק באבוב

ישלום רב לידידי היקר והמופלא גיבור מלחמה
על שדה הצלת נפשות ישרא' כש"ת מו"ה בן ציון
קאלב נ"י המכונה אז " בן אברהם "

בלב ונפש חפצה הנני למלאות חובתי אליך מעבודתך בשנות הזעם והחורבן, להעיד ולהודיע לבני האדם גבורותיך והודעתים לבניך ולבני בניך אשר זיכה אותך השי"ת בזכי' גדולה להיות שליח להציל ממות לחיים ממש הרבה מאות נפשות מישראל, ובפי השמועה הגיעו לאלפים אנשים ונשים וטף ובתוכם יתומים ואלמנות מציפרני הנאצים ימ"ש, מפולניא דרך סלובקיא להונגריא.

ואתה המצאת את הדרך וההתקשרות במחוז הגבול ושלחת את השליחים הערלים מעבר לגבול, ופעמים אין מספר שנסעת בעצמך על הגבול להציל את הילדים והרשעים רדפו אחריכם כמו שהי' עם היתומים בכדי זקני הקדוש מצאנז נכדו של הרב מסוכא ז"ל הי"ד ונכדו כיסי הרב ר' משה'לי סטעמפל ז"ל הי"ד, ונמלטתם עפ"י נס בחסדי השם.

ולעולם לא אשכח את המסירות נפש שלך שסיכנת עצמך בעת שבכל צעד ושעל הי' כפשע בינך ובין המות והלכת בכל יום בין מלפי הגמוני הגרמנים ימ"ש, ועשית תחבולות שונות למען הצל נפשות אחינו האומללים והשלכת את נפשך מנגד באופן שלא יאומן כי יסופר.

ואנכי היודע ועד על עבודת הצלה שלך כי גם אני בעצמי ואחי הרב ר' יחזקאל דוד שליט"א והרבה מבני משפחתנו שיחי' נמלטנו ע"י הדרך אשר פתחת וע"י השליחים שלך. ובנו חותם דקרקא [illegible] ר' פולק ואשתו חנה שזכית לכך, וזה הוא בעצמו מכוחו והשגחתו של אדוק הרבני החסיד [illegible] ויש [illegible] ר' אברהם שלו מסטרופקוב זצ"ל הי"ד שהי' תלמודו של כ"ק אדמו"ר הגה"ק מקאמינקא זצ"ל, ואמנם למדת את מדת אהבת ישראל ומסירות נפש, וכתבתי [illegible] זה לעד ולזכרון לבניך ולדורות הבאים, ודור לדור ישבח מעשיך. ונשלח לך עזרתו מקודש שתראה דור ישרים יבורך ותזכה בכל אשר תפנה ונזכה כולנו לראות בנחמת ציון וירושלים ובישועת ישראל במהרה בימינו

הק' שלמה הלברשטאם

מכתב מהרבי מבאבוב לבן־ציון

עם הנאצים, אלא שמסרו נפשם למען הצלת נפשות אחינו המעונים והנרדפים. כן גם רוצה אני לציין כי לא יחיד היה בן־ציון במעשים כאלה, כי עוד אחרים מבני סטריזוב עשו הרבה למען הציל ילדי ישראל אחרי השואה, להוציאם מידי הגויים. על מעשיהם כותב יצחק ברגלס במקום אחר בספרנו זה. ואחרון קדוש ויקר, ר' מנחם מנדל גרוסקופף, בן עיירתנו, שהנאצים מינו אותו לראש ה„יודנראט" בבז'וסטיק, מקום מגוריו. וכאשר דרשו ממנו הנאצים שימסור להם רשימת יהודים שישלחו לעבודה, מסר להם רשימה ובה שם אחד: ש ל ו  ע צ מ ו. עמד בנסיון ולא רצה להסגיר יהודים בידי הרשעים הארורים.. הם רצחוהו במקום והוא היה הקרבן הראשון על קידוש השם.

אכן כבוד גדול הנחילו לעיירה.

עוד בן סטריזוב נשאר בחיים בימי השואה הוא יוסף באומאל בן בנימין. הוא עבד בקרקוב ביחד עם אחיו צבי ואחרי פרוץ המלחמה חזרו שני האחים הביתה אל הוריהם. צבי נהרג בפרצלב ע״י מילץ (ראה מאמר „השואה״) ויוסף הגיע הביתה, כשבוע לפני גרוש יהודי סטריזוב לגיטו ריישא חזר למקום עבודתו בקרקוב — בית מסחר יהודי גדול שנוהל ע״י גרמני — בתקוה להסתדר שם. משם נשלח למחנה פלשוב מפלשוב לאחרים, קפץ מרכבת מות שהוליכה אסירים לאושביץ ודרך מחנות שונים הגיע עד מאוטהאוזן הידוע לשמצה ושם שוחרר.

אחרי המלחמה נפגש באיטליה עם צעירה חברה לעבודה מלפני המלחמה שהיתה אתו ביחד באחד המחנות הגרמניים וחשבה למתה, התחתן אתה והגרו לארצות הברית של אמריקה.

לצערנו עלינו להוסיף למדורנו זה והנופל הוא בן משפחה שאחד מבניה מופיע כבר ברשימת הכבוד והתוגה הזאת.

**חנן אברהם** ז״ל בן אריה יהודה ורחל **כלב**, נכדם של ר׳ חיים יצחק בן תנחום יעקב ז״ל ושושנה בת דוד **כלב** ז״ל. — יליד ירושלים.

מצא את מותו בגיל 23 בתור מלוה צבאי של מטיילי גימנסיה „הרצליה״. ביום י״ח באדר תשכ״ח. בעלות האוטובוס על מוקש ביציאה מנחל רחם (באר אורה). סגן משנה בשרות סדיר — מהנדס מכונות — ספורטאי ורקדן — אוהב טבע ונוף — בן נפלא להוריו ואח־חבר לשתי אחיותיו. דמות מלאת עדנה וכוח, יושר לבב ואוהבת עולם, הלכה לעולמה.

**יהא זכרו ברוך.**



חנן אברהם כָּלֵב

דער מאן פון שרה דעמביצער דער טאכטער פון ר׳ דוד דעמביצער פון סטריזוב. ער אַליין האָט געשטאמט פון פריסטיק, איז געווען רייך און אַ בעל צדקה אָבער דאָס וויכטיגסטע וואס ער האָט געטהין איז געוועזן דאָס מציל זיין יידען אין אַ גרויסען מאסשטאב. ווען היטלער איז געקומען צו דער מאכט האָט ער אַרויסגענומען פון דויטש־לאנד צענדלינגער משפחות עמיגראנטען זיינע שטעטישע, האָט זיי באזאָרגט איינפאָרערלויבנישען קיין אמעריקא, אין זיין הויז האָט ער אַיינגעאָרדענט אַ צייטווייליגען דורכגאנג־סלאגער פאר זיי און באַזאָרגט זיי מיט ארבייט כדי צו ערמעגליכען דאָס איינלעבען אין נייעם לאנד.

דער צווייטער איז יצחק (אירווינג) לעוו מיין קוזין וועלכער הייסט נאָך מיין זיידען ר׳ יצחק בערגלאס. ער האָט געשעפטליך זייער באגליקט אין אמעריקא, האָט אבער נישט פארגעסען די תורה פון זיין יוגענד, דעם ציוניזם. ער ארבייט ענערגיש ביים פארשפרייטען אבליגאציעס פון אונזער ענטוויקלונגסאנלייהע, ברענגט אהער קיין ישראל גרויסע באטרעגע און טרעפט זיך דאָ כסדר מיט אונזערע גדולים.

דער ספר זכרון וועט אפשר ברענגען צום אויפוועקען פון סטריזובער פאטריוטיזם אויך ביים צווייטען דור ביי די וועלכע זיינען פאראינטערעסירט צו קענענלערנען זייער אבשטאמונג און דאס וועט זיין דער שכר פון אונזער ארבייט.

## קאנאדא

אין קאנאדא ווינען וועניג סטריזובער. לויט מיינע ידיעות איז די ערשטע דאָרט אהינגעקומען אין דער צייט צווישעןביידע וועלטמלחמה׳ס, שיינדיל אמאייס מיט אירע זין: יעקב און אליעזר און טעכטער: אסתר און רבקה. איצט ווינען אין קאנאדא מיט זייערע פאַמיליען: די אויבענדערמאנטע געשוויסטער אמאייס, דער רב ישראל פרענקל דער איידעם פון ר׳ שלמה דיאמאנט (זיזנובער) און זיין זון שמואל נחום, זייערע קרובים העניה און גיטה (גיטל) פרופעסר אייניקלעך פון שלמה זיזנובער, ישראל פינצ׳ובסקי, די ברידער אברהם און ישראל קראוט און ווי ס׳שיינט מיר אויך אברהם רייכער. די פרוי שיינדיל אמאייס איז געשטארבען אין קאנאַדאַ און נישט לאַנג איז געשטאָרבען ד״ר ליאון דויטש אַ אייניקל פון וואָלף דויטש. די אלמנה פון לעצטען מיט אירע קינדער לעבן נאָך דאָרט. מער פרטים איבער סטריזובער אין קאנאדא ווייס איך נישט.

## די זידאמעריקאנער לענדער

וועגן סטריזובער אין די לענדער — חוץ בראזיל — האָב איך קיין גענויע ידיעות נור פון הערען. מ׳זאָגט אז אין ארגענטינא לעבן: אַ אייניקל פון פישל פעלדער די טאָכטער פון זיין טאָכטער העניה און שעפס דער איידעם פון יעקב גרינבלאט וועלכער האָט דאָרטאהין אליין עמיג־רירט בשעת זיין פרוי פייגה און אירע קינדער זיינען געבליבען אין סטריזוב און דאָרט אומגעקומען. און אורוגוואי לעבן: רויזע גאנס די טאָכטער פון מיכל לייב לאָסט מיט איר פאמיליע און איר שוועגערין שפרינצה גאנס די טאָכטער פון מרדכי ראָזענבאום, די אייניקלעך פון חיים הערש פייט די קינדער פון זיין טאָכטער שרה, מאיר קארנרייך אַ אייניקל פון שלמה זיזנאווער מיט זיין פאמיליע און אפשר אויך אַנדערע. און ווענעזועלא לעבן: יעקב אדעסט און זיין שוועסטער בינה די קינדער פון אפרים שמואל אדעסט מיט זייערע פאמיליען. אין אַ דרומאמעריקאנער לאַנד איז לעצטענס געשטאָרבען מענדל קאנער דער זון פון ישראל קאָנער וועלכער איז דאָרט אהינגעקומען פון דויטשלאנד.

## בראזיל

אין דעם לאנד איז דאָ אַ גרופע סטריזובער. דער ערשטער איז דאָרט אהינגעקומען יהושע שעפלער דער זון פון משה מיט זיין פרוי באשה דער טאכטער פון מרדכי מענדל שעפלער און נאָך אים זיינען אהינגעקומען זיינע קרובים און די קרובים פון זיי. דער צווייטער איז געקומען אברהם שעפלער דער ברודער פון יהושע מיט זיין פרוי רבקה (אברהם איז דאָרט געשטאָרבען) און נאָך זיי זייער שוואגער אברהם משה פעלדער דער זון פון פישל פעלדער מיט זיין פרוי שרה אַ שוועסטער פון די צוויי ברידער שעפלער און ווען די נאַצ׳יס זיינען געקומען צו דער מאכט איז דאָרט אהינגעקומען פון דויטשלאנד צפורה מאָרער די שוועסטער פון משה פעלדער מיט איר פאמיליע. נאָך דער צווייטער וועלטמלחמה זיינען אהינגעקומען די ברידער יצחק לייב און שמואל ראזען מיט זייער שוועסטער פערל שטרענגע־ראָווסקי און איר מאַן, די קוזינס פון משה פעלדער. משה׳ס פאטער פישל פעלדער האָט נישט געהאט קיין נחת פון דעם זון ווייל ער האָט נישט געוואָלט געווג זיצען ביי דער גמרא, האָט ער אים „באַשטראָפט„ — ווי דער שטייגער איז אמאל געוועזן — און געגעבען צו אַ בעל מלאָכה. אין בראַזיל האָט משה אנגעטון כבוד דעם אנדענקען פון זיין פאטער ווייל ער האָט זיך געפירט ווי ס׳פאסט פר אַ חסידישען זון. ער האָט געווינט אין אַווארא אַ שטעטל בערך 300 ק״מ ווייט פון סאו פאולו און האָט געמאכט זיין הויז פאר אַ יידישען צענטער פון דער געגענד. ער האָט געקויפט אַ ספר תורה און אויס אַ שטוב אין זיין הויז האָט ער געמאכט אַ דאַווענשטוב. ער און זיין פרוי שרה זיינען אויך געוועזן מכניסי אורחים, אלע יידען די פארוואָרפענע פון דער ארומיגער געגענד פלעגן ביי אים אריינקומען און אין די ימים נוראים האָבען ביי אים געדאַווענט ביי 5 מנינים יידען. משה פעלדער ז״ל איז יונג געשטאָרבען, זיין פרוי שרה האָט מיט די קינדער עולה געווען קיין ישראל, באַזעצט זיך אין כפר סאָלד און קיינמאל נישט פארלאָזט דעם דאָרף אפילו נישט אין די הייסע טעג פון דער 6 טאָגיקער מלחמה.

פאר דער מלחמה האָבען עמיגרירט קיין בראזיל לייביש ביישלער און קלמן יעקב שיף אבער זיי האבען זיך דאָרט

נישט געקענט איינארדנען. לייביש בייטלער איז צוריק קיין סטריזוב און קלמן יעקב שיף האָט זיך באַזעצט אין פראנק־רייך.ביידע זיינען אומגעקומען אין דער צייט פון חורבן.

נאָך דער מלחמה האָט זיך באַזעצט אין בראזיל דער רבי פון מונקאטש ר׳ ברוך ראבינאוויץ אַ אייניקל פון סאסא־ווער רב ר׳ משה לייב שפירא פון סטריזוב, וועלכער איז דאָרט אהינגעקומען פון ארץ ישראל און איז געוועזן רב אין סאו פאולו. בשעת זיין וווינען אין בראזיל האָט מען שוין נישט געדענקט די שטארקע געגנערשאפט פון ר׳ יחיאל ראזען צום רבין ר׳ שלמה׳לי אין סטריזוב בשעת דער גרויסער מחלוקת סאנדץ—ריזין און די ברידער ראזען די אייניקלעך פון ר׳ יחיאל האָבען זיך באפריינדעט מיט דעם רב אַלס כלל זאַכען שפעציעל אויף רעליגיעזען געביט. די כלל ווירקונג וועלכער ער ווידמעט אַ סך געלד און ענערגיע, גיבט אַ באפרידיגונג זיין בענקשאפט נאָך ישראל. אין דער לעצטער צייט האָט מען אַ דאנק זיין ארבייט און גרויסער שפענדע אויפגעבויט אַ שול „מחזיקי הדת״ וועלכע איז געווען אַ סך יאר אין אַ געדונגענע דירה און אין דער שול האָט ער ארייגעשטעלט א געדענק טאפעל צום זכר פון די סטריזובער קדושים. מיט דעם איז דאָ נאָך אַ מצבה צום אנדענקען פון אונזערע קדושים אין ווייטען בראזיל.

יצחק בארענשטיין דער שרייבער פון דער צייטונג „דער נייער מאמענט״ שרייבט וועגן זיין דורכגיין די שולען פון סאו פאולו אין ראש השנה. „באם רעטירא (אַ פירטל אין סאו פאולו) איז דאָס מאָל רייכער געוואָרען מיט א נייער שול; זי איז נישט קיין גרויסע אבער זייער אַ שיינע און הייסט „מחזיקי הדת״. די בעלי תפילות זיינען געווען...; דער בעל תוקע איז געווען דער גרינדער פון דער שול יצחק לייב ראזען.״ יצחק לייב איז אויך דער גרעסטער שפענדער פאר אונזער ספר זכרון.

און די דרייסיגער יארען איז געקומען קיין בראזיל פון דויטשלאנד איבער פראנקרייך שמעון דער זון פון וואָלף



בפנים בית הכנסת „מחזיקי הדת״
פון אינווענדיג אין דער שול „מחזיקי הדת״



בית הכנסת — די שול „מחזיקי הדת״, בסאו פאולו

שטעטישע. דער רב ר׳ ברוך ראבינוביץ איז צוריקגעקומען קיין ישראל און באַלד נאָך אים האָט עולה געווען דער יונגערער ברודער פון די ראָזענס שמואל. דער עלטערער יצחק לייב וווינט נאָך ביז היינט אין בראַזיל. ער האָט דאָרט מצליח געווען געשעפטליך און באשעפטיגט זיך אויך מיט דויטש און ער איז דאָרט געשטאָרבען. אין בראַזיל לעבט אויך יעקב דער זון פון הערש מילבאוער אין וועמענס פאלווארק אין וויסאקאָ האָט געהאט די הכשרה אַ גרויסע גרופע חלוצים פון „מזרחי״ און ווי איך האָב געהערט וווינט דאָרט מיט זיין פאמיליע יואל דער זון פון הערש לייב פאס.




לוח זכרון לזכר קדושי סטריזוב
די געדענק טאפעל צום אנדענקען פון די סטריזובער קדושים




לוח זכרון לזכר קדושי השואה ולוחמי מלחמות ישראל
די געדענק טאפעל צום אנדענקען פון די קדושי השואה און די קעמפפער פון ישראל



הנוכת בית הכנסת (א. יצחק ליב רוזן)

# די לענדער פון איירופא

## פוילין

אין פוילין פון וואנען מיר שטאמען לעבן איצט נור דריי סטריזובער יידען טראצדעם וואס כמעט אלע געראטעטע פון די לאגערן און די וועלכע זיינען ארויס פון די בונקערס זיינען דארטאהין צוריקגעקומען און אַלע צוריקגעקומענע פון רוסלאנד — חוץ איינעם וועלכער איז געקומען קיין ארץ ישראל מיט די קינדער פון טעהעראן — זיינען איבער פוילין ארויס אויף די גרויסע וועלט. זייער ווייניג סטריזובער האבען זיך אויפגעהאלטען אין פוילין און ווייניגע האבען געפרובט פאַרדינען אויף פרנסה ווארטענדיג אויף אַ באקועמערן וועג צום ארויספארען ווי דאָס שמאָגלען זיך אין די דייטשע פליטים לאגערן. אין כלל זאכען און אין אַ גרויסען מאסשטאב האָט עוסק געווען יוסף וויינבערג.

ווי איך האָב געשריבען אין מיין מאמר „השואה״ האָט ער אַ סך געהאָלפען זיינע ברידער אין גרויסען פארניכטונגס־לאגער אוישוויץ -- לויט עדות פון באגלייבטע מענשען — און תיכף נאָכדעם ער איז געשפרינגען פון צוג וועלכער האָט געפירט די לעבנגעבליבענע פון אוישוויץ קיין מערב־דויטשלאנד צו פארניכטונג אין לאגערן וויאהין די באפרייער זיינען דאמאלס נאָך נישט אהינגעקומען, האָט ער אָנגעהויבען טוען אין כלל זאכען. אין אנהויב 1945 איז יוסף וויינבערג אויסגעוועלט געוואָרן אלס פארזיצענדער פון די יידישע קאָמיטעטען אין דער געגענד פון אבערשלעזיען און אַ חודש שפעטער איז ער דערנאָנט געוואָרן אלס פארזיצענדער פון די שארית הפליטה קאָמיטעטען אין גאנץ שלעזיען וועלכעס איז געווען באהערשט פון רוסישען און פוילישען מיליטער. אַיינע פון זיינע אויפגאבען איז געווען צי באַשיצען די דייטשע יידען און האלביידען — פון געמישטע חתונות — וועלכע זיינען ארויס פון זייערע באהעלטענישען, פריהער האָבען זיי געליטען פון די דייטשען און איצט האָבען זיי פארפאלגט די רוסען וועלכע האָבען זיי באַטראכט פאר דייטשען. ער האָט דאמאָלס געגרינדעט אַ אלטערסהיים און קינדערהיימען און אין חודש יולי 1945 האט ער אוועקגעשיקט די קינדער פון די קינדערהיימען מיט פארמיטלונג פון דער „בריחה״ דורך רומעניען קיין ארץ ישראל.

דאס איז געווען אין געגענזאַץ צו דער אפיציעלער ליניע און פאר דעם האט מען אים אַוועקגענומען זיין אַמט. ער האָט טראָצדעם נישט אויפגעהערט זיין כללטעטיקייט. צוזאמען מיט ד״ר כהנא דעם רב ראשי פון פוילישען מיליטער האָבען זיי געגרינדעט דעם פארבאנד פון יידישע רעליגיעזע קהילות אין פוילין און ביז סוף 1946, ביז זיין פאַרלאָזען פוילין איז ער געווען פארזיצענדער פון דעם פארבאנד.

אין דער צייט האָט ער געפירט אַ אקציע פון אויפזוכען און אויסלייזען יידישע קינדער פון גוישע הענד און פון סוף 1945 האָט ער געשיקט די אויסגעלייזטע קינדער קיין שוועדען און ענגלאנד.

ביי די אקציעס פון אויסלייזען און אוועקשיקען יידישע קינדער פלעגט אים העלפען מענדל דיאמאנט. מענדל האָט זיך פרי באזעצט אין קאטאָוויץ, האָט גוט געקענט די עפענטליכע אינסטיטוציעס, די טוערס און זייערע וועגען און געהאלפען מענשען וועלכע זיינען געווען אָן מיטלען אין האָבען נישט געהאט קיין דאך איבער דעם קאפף.

די דריי סטריזָבער וועלכע ווינען אין פוילן זיינען: דער אדוואקאט ד״ר חיים פרענקל, די ערצטע ד״ר הערש אייזנער און ד״ר אברהם אדלער, אַ אייניקל פון דיין ר׳ אלתר עזרא זידמאן.

ד״ר פרענקל, ווען ער איז געווען ביי דער ארבייט, האָט נאָך דער מלחמה פארלאָזט פוילין כדי צו פארן קיין ארץ ישראל און איז געקומען ביז קאָנסטאנץ אין רומעניען. דאָרט האָט ער געמאַכט דעם „חשבון״ פון וועלכען אויך ציוניסטען האָבען זיך נישט באַפרייט — בשעת זיין שטודירען איז ער געווען אַ אקטיווער ציוניסט — אז ער איז נישט מער יונג, קען נישט די העברעאישע שפראכע א.ז.וו. צום סוף איז ער צוריק קיין פוילין און צו זיין פאלשען נאָמען פון דער נאצישער צייט, אין אָנהויב האָט ער מצליח געווען אלס אדוואָקאָט ביים ליקווידירען די פארמעגענס פון די לעבנגעבליבענע און צוריקגעקומענע פון רוטלאנד, איצט לעבט ער אודאי — אים פאל ער לעבט נאָך — אין פחד און דערנידערונג ווי אלע פוילישע יידען.

## דויטשלאנד

אמאל איז דויטשלאנד געווען פאר סטריזובער דאָס צווייטע עמיגראציאנסלאנד נאָך די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקא. אין דער היטלער צייט זיינען כמעט אַלע פון דאָרט אוועק. אַ טייל פון זיי האָט די דייטשע מאכט ארויסגעטריבען קיין פוילין און זיי האָט מען קאָנצענטרירט אין לאגער זבונשין — אין דעם לאגער איז געשטאָרבען די פרוי פון מנס פרידמאן — פון זבונשין איז דער רוב אוועק אין צייטוויייליג באזעצט אין פוילין אויך אין סטריזוב און אַ טייל איז געקומען גלייך פון דויטשלאנד קיין סטריזוב. די אלע זיינען אומגעקומען אין דער צייט פון חורבן. די איבעריגע סטריזובער האָבען עולה געווען קיין ארץ ישראל, עמיגרירט אין אמעריקאַנער לענדער, קיין פראנקרייך, עטליכע קינדער קיין ענגלאנד, א.ז.וו. אַ קליינע צאָל איז געבליבען אין דויטשלאנד. קיינער האָט נישט געקענט גלויבען אז מ׳וועט הרגנען אונשולדיגע מענשען ובפרט ׳פרויען און קינדער. די נעמען פון די אומגעקומענע זיינען איינגעשריבען אין דער רשימה פון די קדושים. פון די צוריקגעבליבענע אין דויטשלאנד איז לעבענגעבליבען יחזקאל שליסעלבערג וועלכער איז דורכגעגאנגען די לאגערן אוישוויץ, בוכענוואלד, שינבעק, אוראניענבורג און אנדערע און זיין זון וועלכער איז כאר דער מלחמה אוועק מיט אַ גרופע קינדער קיין ענגלאנד.

זיין פרוי חנה פון דער היים רובין און זייער טאָכטער פרידה (פריידל) זיינען אומגעקומען אין די לאגערן.

נאָך דער מלחמה האָבן זיך ווידער באוויזן יידען אין דויטשלאנד, צווישען זיי אויך סטריזובער. דאָס זיינען געווען די לעבענגעבליבענע פון די לאגערן, די וועלכע זיינען ארויס פון די בונקערס און די צוריקגעקומענע פון רוסלאנד וועמענס וועג צו דער פרייער וועלט האָט געפירט בעיקר איבער דויטשלאנד. ווי באקאנט זיינען דער רוב יידען געווען קאָנצענטרירט אין ד..פ. לאגערן אין די שארית הפליטה האָט געהאט אַ ברייטע אינערע אויטאָנומיע. אויך די פארטייען האָבן ענטוויקעלט אַ לעבהאפטע טעטיקייט. די סטריזובער האָבן זיך מיטבאטייליגט אין פארשידענע אינסטאנצען פון דער יידישער זעלבסטפארוואלטונג און אין טעטיקייט פון די פאַרטייען האָט זיך אויסגעצייכענט שלמה דיאמאנט (יהלומי) אלס מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון דער פארטיי „המזרחי" און „הפועל המזרחי" אין מינכען דער הויפט־שטאָט פון אמעריקאנישען אקופאציאנסגעביט. ער איז אויך געווען אַ שטאבילער מיטאַרבייטער און מיטגליד פון דער רעדאקציע „די יידישע שטימע" דעם ארגאן פון דער אביגער פארטיי, אָבער גלייך ווי אין פוילין האָבן זיך די באפרייטע יידען נישט באזעצט אין דויטשלאַנד.

ווי סאיז מיר באקאנט לעבן איצט אין דויטשלאַנד 2 אדער 3 יידישע פאמיליען וועלכע שטאמען פון סטריזוב.

איינער איז ד"ר אלחנן לעהרמאן דער רב ראשי פון מערב בערלינער קהילה אין פראָפעסאָר פאר ראמאנישער פילאלאגיע — מיט דעם נאָכדרוק פון יידישען איינפלוס אויף איר -- איןווירצבורג. ער איז אַ אייניקל פון ר' משה קראנצלער אין סטריזוב, די קינדעריאָרן האָט ער פארבראַכט ביים זיידען אין געלערנט אין דאָרטיגען חדר. נאָכדעם ער איז אוועק מיט די עלטערן קיין דויטשלאנד האָט ער געקענט אנטוויקלען זיינע פעהיקייטען און פילזייטיג לערנען, בעיקר יידישע גייסטיגע וויסענשאפט, ער איז געווען דאָצענט אין די אוניווערסיטעטען פון לוזאן, „בר אילן" (2 יאר), הויפט רב אין גראָסהערצאגטום לוקסעמבורג אנגעזעהען ביי דער רע־גירונג און גראָסהערצאגין פאר זיינע לייסטונגען פארן לאנד און אַ דאנק זיינע ביכער און פילע פרייזגעקרוינטע אבהאנד־לונגען וועגען יידען און יודענטום איז ער געקומען צו דער איצטיגער הוכער שטעלונג. זיין פרוי די שרייבערין און שפראכענקענערין לייטעט די שפראכענאבטיילונג אין אירופא־פאַרלאמענט אין לוקסעמבורג—שטראסבורג.

דער צווייטער סטריזובער אין דויטשלאנד איז יקותיאל זלמן (סאלי) פייט דער זון פון שמואל פייט דער איידעם פון יחיאל ראָזען, וועגען דריטען האָב איך נור געהערט אז אין דאָרטמונד לעבט איינזאם ווי אַ אנוס אברהם מענדל (מאקס) לאופער דער זון פון חיים לאופער פון סטריזוב.

## ענגלאנד

אין ענגלאנד לעבן ווייניג סטריזובער. ס'זיינען דאָרט מיט זייערע משפחות די ברידער משה יעקב און אברהם לאסט די זין פון מיכל לייב לאסט, העדא אייזענבערג די טאָכטער פון לייב אייזענבערג און נאָך פאר דער מלחמה האָט דאָרט־אהין אויסגעוואנדערט בת שבע ווייכסעלבאום די טאכטער פון אלתר יעקב ווייכסעלבאום. מ'זאָגט אז יואל גרינבלאט דער זון פון יעקב וועלכער האָט זיך געראטעט פון דויטש־לאנד קיין אַמעריקא האָט נאָך דעם עמיגרירט קיין ענגלאנד און לעבט דאָרט מיט זיין פאמיליע.

## בעלגיע

אין דעם לאנד האָבן ביז דער מלחמה געלעבט עטלעכע סטריזובער משפחות. משה מוסלער וועלכער איז געווען אַ העברעאישער לערער אין דער „תחכמוני" שולע אין בריסעל האָט דאָרט אהינגענומען זיין ברודער יואל און די שוועסטערן שרה און לאה וועלכע האָבן דאָרט געלעבט מיט זייערע משפחות ביז דער תקופה פון חורבן. אויך די ברילאנטענאינ־דוסטרי האָט אהינגעבראַכט עטלעכע פאמיליען. דאָרט האָבן נאָך געוווינט דוד גאלדבערג מיט זיינע קינדער, זייער קרוב שלמה טורטעלטאוב, יואל ראזען דער זון פון יוסף הערש מיט זיין פאמיליע, יעקב יצחק וועבער דער זון פון איין רב אין ברעזיב (אין קליינעם שטעטל ברעזיב זיינען זייט דער מחלוקות צווישען סאנדץ און ריזין געווען 2 רבנים, איינער פאר כלל יידען און איינער פאר די ריזינער חסידים) וועמענס פרוי איז געווען אַ אייניקל פון פערל גערטנער אין סטריזוב און אפשר אויך אנדערע. יואל מוסלער, זיינע שוועסטערן, יואל ראָזען מיט זיין פרוי, און יעקב יצחק וועבער מיט זיין פאמיליע זיינען אומגעקומען אין דער צייט פון חורבן און דוד גולדבערג מיט זיין זון יוסף זיינען דאָרט געשטאָרבען.

איצט לעבען אין בעלגיען: די קינדער פון דוד גולדבערג, חיים לאסט דער זון פון מיכאל לייב לאסט, לייב אדלער, אַ אייניקעל פון דיין ר' אלתר עזרא זידמאן און מ'זאָגט אז אויך שלמה טורטעלטאוב וועלכער איז אין דער מלחמה־צייט אוועק קיין אמעריקא איז צוריקגעקומען און וווינט אין בעלגיען. פרטים איבער זייער לאגע און אויב עס וווינט דאָרט נאָך וועלכער סטריזובער ווייס איך נישט.

## פראנקרייך

קיין פראנקרייך פלעגן עמיגרירען ווייניג סטריזובער יידען. אינ'ם יאר 1930 איז דאָרט אהינגעקומען פון בראזיל דער ערשטער סטריזובער ייד קלמן יעקב שיף און נאָך אַ יאָר האָט ער אהינגעבראַכט זיין פאמיליע פון סטריזוב. נאָך אים איז געקומען זיין נעפפע בעריש שיף און שפעטער בעריש'ס ברודער מרדכי שיף. נאָך זיי זיינען געקומען אנדערע גלייך פון סטריזוב, שפעטער פון היטלערדויטשלאנד און צולעצט געראטעטע פון רוסלאנד. פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה און אויך בשעת דעת מלחמה האבען אַ טייל עולה געווען קיין ארץ ישראל און פון די געבליבענע זיינען אַ טייל געהרגעט געווארען דורך די נאציס — זייערע נעמען

זיינען פארשריבען אין דער רשימה פון די קדושים — און אַ טייל זיינען ניצול געווארן אין פראנקרייך, אין דער שווייץ און אַנדערע לענדער. אין דער ווישיצייט איז דאָרט געשטאָרבען מיין רבי ר׳ משה נירענבערג און פאר אַ נישט לאנגער צייט אייזיק מינץ.

היינט לעבען אין פראנקרייך מיט זייערע פאמיליען: בערן מאדעלינה (מאלע) פון דער היים מינץ, גראסקאפף יוסף און זיין פרוי לאה פון דער היים בראונער, האזענקאפף נטע, וויינבערג יוסף, ווילנער שלמה פון לוטצא מיט זיין שוואגער הירשפעלד, ווינער יחזקאל, רייזל די טאכטער פון חנה לאנדעסמאן, נירנבערג יחזקאל און זיין שוועסטער, נירנבערג — קאנדעל מענדל און זיין שוועסטער שניידער אסתר, קאנער יהודה אלי, שימעל פנחס, שיף בעריש, די קינדער פון קלמן יעקב שיף און אפשר נאָך ווער פון סטריזובער וועגן וועלכע איך ווייס נישט. יוסף גראסקאפף מיט זיין פרוי האבען לעצטענס עולה געווען קיין ישראל.

די סטריזובער אין פראנקרייך זיינען נישט ארגאניזירט. האלטען זיך אבער נאענט איינער צום צווייטען מער ווי אין אמעריקא, ווייל דאָס לאנד איז קליינער און דער רוב וווינט אין פאריס. ביים פארשפרייטען דעם ספר זכרון האט אונז געהאלפען מנחם מענדל נירנבערג—קאנדעל.

אונזערע סטריזובער אין פראנקרייך געהערען — ווי ס׳דאכט זיך מיר — צום מיטעלשטאנד. צווישען זיי צייכענט זיך אויס יוסף וויינבערג מיט זיין הצלחה אין געשעפטען און מיט זיין עפענטליכער טעטיקייט. נאָך זיין אהינקומען קיין פראנקרייך איז ער געווען דער גענעראל סעקרעטאר און זייט דעם יאר 1965 איז ער פארזיצענדער פון דער סתם ציוניסטישער ארגאניזאציע און פארבאנד פון יידישע ארעסטירטע אין נאצידויטשלאנד. ער האָט אויך אַרויסגעגעבען ביכער אין ייִדיש און לעצטענס אויך פראנצעזיש בעיקר וועגן דער תקופה פון חורבן און שרייבט אין יידישע און פראנצעזישע צייטשריפטען.

## שווייץ

אין שווייץ וווינען נור 3 סטריזובער פאמיליען: די פרוי הענה ריגער—ליכטיג פון דער היים וויכסעלבאום און איר טאָכטער רויזה (רייזי׳) מיט איר מאן און קינדער. הענה ריגער איז אַ אלטע פרוי זי באַשעפטיגט זיך טראָצדעם מיט צדקה אקציעס און באטראַכט פאר אַ שפעציעלע מצוה דאָס אונטערשטיצן ישיבות און צדקה אינסטיטוציעס אין ישראל. דער דריטער וואס וווינט דאָרט איז משה יעקב מאנדעל וועלכער פלעגט צו טיילען זיין וווינונג צווישן שווייץ און איטאליען ווי ער האָט געהאַט זיין געשעפט און האָט אפשר נאָך ווייטער. יעדעס יאָר באזוכט ער זיינע קרובים אין ישראל און געניסט פון דער יידישער אטמאָספער וועלכע פעלט אים אין חוץ לארץ.

## איטאליען

אין איטאַליען האָבען זיך אויפגעהאַלטען נאָך דער לעצטער מלחמה אַ צאָל סטריזובער וועלכע האָבען זיך געראטעט פון חורבן און צוריקגעקומענע פון רוסלאנד אבער קיינער פון זיי האָט זיך דאָרט נישט באַזעצט. דער גרעסטער טייל האָט עמיגרירט קיין אמעריקא אין אנדערע לענדער און אַ קליינער טייל איז געקומען קיין ישראל. היינט וווינט דאָרט נור איין סטריזובער, ד״ר מנחם גאלדבערג וועלכער האָט ביז דער מלחמה דאָרט געלערנט מעדיצין און שפעטער געווען טעטיג אין דער אונטערגרונד באוועגונג קעגן די נאצים, נאָך דער מלחמה האָט ער עולה געווען קיין ישראל ער איז אָבער צוריק אין דעם לאנד ווי ער האָט זיך איינגעלעבט.

## עסטרייך

אין די לענדער פון דער עסטרייך־אונגארישער מאנאר־כיע חוץ גאליציע האָבען געוווינט סטריזובער נור אין וויען, די קינדער פון מיין פעטער זעליג בערגלאס אין אונגארן און די פאמיליע פון רבי׳ן אין מונקאטש און דער אומגעגענד. נאָך דער ערשטער וועלטמלחמה האט זיך באזעצט אין טעפליץ־שענוי (צ׳עכיה), חיים קאלב און דאָרט געשעפטליך זייער מצליח געווען. ווען היטלער האָט פארכאפט צעכיה איז ער געקומען קיין ארץ ישראל און דאָ ל׳עצטענס געשטאָרבען אלס חיים כָּלֵב.

אין וויען האָבען געוווינט פאָר דער ערשטער וועלט־מלחמה לעמל דער זון פון געצל לאנדעסמאן, איטה העקער אַ אייניקל פון שלמה זיזנאווער און גיטל טוכמאַן אַ טאָכטער מענדל גוזיק׳ס. די מלחמה פליכטלינגע פון 1914 זיינען כמעט אלע צוריק קיין סטריזוב, ס׳האָט זיך דאָרט אויפגעהאלטען עטלעכע יאר ר׳ נחמיה׳לי דער סאסאווער רב און באַזעצט זיך — ווי איך האָב שוין געשריבען — לייב אייזענבערג אין יוסף וואָלף און נאָך דער מלחמה יעקב דיללער וועלכער פלעגט דאָרט קומען אַ דאנק דעם געשעפט פון זיין פאטער. נאָך אים איז געקומען קיין וויען משה בראונער אין האָט געארבייט ביי יעקב דיללער מיט וועלכן ער איז געווען נאענט דורך דעם בונד פון סאדיגורער חסידים — זייערע עלטערן. ווען די נאציס האָבען באזעצט עסטרייך איז יעקב דיללער אוועק קיין אמעריקא און משה בראונערס משפחה איז אומגעקומען אין דער צייט פון חורבן. ער אליין איז לעבנגעבליבען, עולה געווען קיין ישראל און שפעטער געשטאָרבען אין אמעריקא. אויך איטה העקער האָט זיך געראטעט קיין אַמעריקא און נאָך איר אבשטארבען איז זי געקומען צו קבורה אין ירושלים. אין וויען איז געשטאָרבען אָדער אומגעקומען דורך די נאצי׳ס ר׳ לייב אייזענבערג.

איצט וווינען אין וויען מיט זייערע פאמיליעס: נפתלי אייזענבערג דער זון פון לייב, פישל אדלער מיט זיין פרוי אלה די אייניקלעך פון דיין ר׳ אלתר עזרא זידמאן און גיטל טוכמאן.

מיר האָבען געענדיגט דעם ספר הזכרון פון דער סטריזובער קהילה.

איינעם פון די צילן צו וועלכע מיר האבען געשטרעבט ביים ארויסגעבען דעם ספר האָבען מיר דערגרייכט שוין ביי די הכנות אים ארויסצוגעבען, ווייל מיר האָבען געפונען אַ וועג צו אַ סך סטריזובער מיט וועלכע מיר האָבען קיין פארבינדונג געהאט ביז היינט און מיר האָפען אז די פאר־בינדונג וועט זיין נאָך שטארקער ווען דיזעלבע מענשען וועלען באקומען דעם ספר.

דער צווייטער ציל צו פאראייביגען דעם אנדענקען פון אונזער קהילה און אירע קדושים ווערט פארווירקליכט ביים ארויסגעבען דעם ספר. מיר זיינען זיכער אז דער ספר הזכרון וועט זיין אַ משפחה־ספר אין יעדער סטריזובער פאמיליע און נאָך יארען וועט ווער פון דער פאמיליע לעזען דעם ספר מיט באגייסטערונג איבער זיינע אבות, די פשוטע, ערליכע און איידעלע יידען וועלכע האָבען געלעבט זייער יידיש לעבן צווישן די גויים און צום סוף אומגעקומען אויף קידוש השם, ער וועט שפירען ווי נאָענט ער איז צו זיי און וועט די ליבע איבערטראגען אויך אויף זיינע קינדער און ווען עס וועט אמאל געשריבען ווערען אַ בוך וועגען פוילישען יידענטום, דעם גרויסען יידישען שבט וועלכער האָט אזויפיל בייגעשטייערט פאר דעם קיום פון פאָלק ישראל, זיין גייסטיקע און נאציאנאלע אויפלעבונג, וועט א דאנק אונזער ספר זכרון אויך אונזער שטעטל נישט פארגעסען ווערן.

שלמה יהלומי (דיאמאנט)

# צום שלוס פון ספר

צום שלוס פון ספר סטריזוב, וואס זאל איך זאגן? ווען מיר וואלטן געווען זוכה געווען און סטריזוב און אלע הייליקע קהילות פון אייראפא, וואלטן געשטאנען אף זייערע ערטער — און מיר וואלטן באשריבן דעם ספר פון ל ע ב ן פון דער קהילה, וואלטן מיר באדארפן בענטשן די ברכה: „שהחיינו וקימנו והגיענו", צום שלוס פון ספר — איצט, אבער, ווען מיר האבן ניט זוכה געווען און, בעוונותינו הרבים, איז די סיבה פון שרייבן דעם ספר סטריזוב — דער גרויסער חורבן און אונטערגאנג פון שטעטל און פון אלע קהילות הקודש — טאָרן מיר דאך ניט זאגן „שהחיינו"! און דאך — אזויווי מ'דארף בענטשן על הטובה, דארף מען בענטשן על הרעה; טראָץ דעם גרויסן צער און ווייטיק אין אונדזער הארץ, דארפן מיר דאנקען גאָט, וואס מיר האבן זוכה געווען צו שרייבן די געשיכטע פון אונדזער שטעטל און פון פיל פון אירע קינדער.

מיר וואלטן געזינדיקט צום אמת, ווען מיר זאלן פעסטשטעלן אז מיר האבן געשריבן אלעס וואס מ'האט געדארפט שרייבן וועגן שטעטל. אבער השי"ת איז אונדזער עדות, דאס מיר האבן געטאן אלעס וואס ס'איז נאר מעגלעך געווען, כדי ניט צו באעוול'ן קיינעם — ניט דעם כלל און ניט דעם פרט. איך האף אז מיר האבן ערפילט אונדזער אויפגאבע. און אויב מיר זענען אפשר, נכשל געווארן — איז עס נישט אונדזער שולד. אפשר זיינען מיר ניט אזוי פעאיק און אפשר איז עס ווייל מיר האבן ניט פאר זיך גענוג ספרים און דאקומענטן פון די פריערדיקע דורות. מיר האבן גענומען אף זיך די אויפגאבע ווייל מיר האבן ניט געפונען אנדערע וואס זאלן עס טאָן.

כאטש דער ציל פון שרייבן אונדזער ספר איז געווען צו באשרייבן די פארגאנגענהייט פון שטעטל און פאראייביקן אירע קדושים וטהורים — האבן מיר געהאלטן פאר נויטיק אויך צו שרייבן וועגן דער געגענוואַרט. דאס הייסט: וועגן די לעבן־געבליבענע פון שטעטל, וואס לעבן אין ישראל און אין אנדערע לענדער. פאר אט דעם חסד זענען מיר זיכער פאר־פליכטעט צו דאַנקען דעם בורא, וואס האט איבער־געלאזט א זכר און א נאמען אונדזער שטעטל. די וואס זענען געבליבן, זענען געוואָרנט און פארפליכטעט צו געדענקען ווער עס זענען געווען די וואס זענען אומגעקומען. די געשטאלטן פון די ראשונים דארפן שטיין פאר אונדזערע אויגן און צו זייער ליכט דארפן מיר גיין במשך אונדזער גאנץ לעבן און טאָן נאָר אזעלכע מעשים, וואס זאלן פאסן פאר אונדזערע פארגענגער, כדי זיי זאלן זיך ניט שעמען מיט זייערע אייניקלעך.

אמת, ס'איז שווער צו דערגרייכן צו דער מדרגה, פון די ראשונים. ס'האבן שוין געזאגט אונדזערע חכמים אז אויב די ערשטע זענען געווען ווי מלאכים, זענען מיר ווי מענטשן, א.אז.וו. אבער, ווי עס זאל זיין, טאָר מען זיך ניט דערווייטערן, צופיל, פון די וועגן פון אונדזערע עלטערן, ווייל דער מענטש דארף שטענדיק זאגן: „מתי יגיעו מעשי למעשי אבותי" — „ווען וועלן מיינע מעשים דערגרייכן צו די מעשים פון מיינע עלטערן" (חז"ל) — ווערט געגעבן צו פארשטיין (ר' אברהם יעקב פון סאדיגורא): „מתי יגיעו" — ווען וועלן מיינע מעשים האבן, מינדעס־טנס א שטיקל נ ג י ע ה צו די מעשים פון די עלטערן, היינו: זיי זאלן זיך ניט דערווייטערן אינגאנצן פון זיי... ס'איז דאך קלאר אז מיר זענען לעבן געבליבן, ניט כדי מיר זאלן, חס ושלום, איבעררייסן מיט אונדזער פאר־גאנגענהייט, נאר מיר זאלן ממשיך זיין די קייט פון אונדזערע פריערדיקע דורות. נאר ווען מיר וועלן ממשיך זיין צו גיין אין די וועגן פון אונדזעהע עלטערן, וועלען מיר קאנען פארזיכערן אונדזער עקזיסטענץ, אלס עם סגולה, וואס זאל זיין א מוסטער פאר דער וועלט, אלס א פאלק וואס לעבט און שאפט לויט די געזעצן פון צדק און פאָרטשריט — אמת'ע פארטשריט און ניט „צדק און פאָרטשריט" אין גענזענפיסלעך, נאר דער צדק פון די נביאים און אונדזערע לערער אין אלע דורות.

און אויב עס רעדט זיך וועגן דער צוקונפט, דארפן מיר וויסן אז אין רעזולטאט פון דער שואה, פון דעם גרויסן חורבן וואס איז געקומען אף אונדזער פאלק, איז דער הויפט־צענטער פון אונדזער עקזיסטענץ איבערגעגאנגען אין אונדזער הייליקן לאנד, דאס איז מדינת ישראל, דער מקור פון אונדזער שטאלץ און אונדזער האפנונג. ווייל אויב ס'איז ריכטיק אז א דאנק די טויזנטער יארן גלוסטעניש, האפנונגען און תפילות, טאג איין טאג, אינדערפרי, מיטאג צייט און אווענד: „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", זענען דערהיטן געווארן אין אונדזערע הערצער און אין די טיפענישן פון אונדזער וועזן, די ליבשאפט, בענקשאפט און צוגעבונדנקייט צו ציון — און זיי האבן געברענגט די „שיבת ציון" באוועגונג — די פאליטישע און פראקטישע שיבת ציון ממש; דאס אויפבויען פונדאמענט א גרוסן טייל פון אונדזער היסטאריש ארץ ישראל — איז אבער ריכטיק אויך דאס אז דער גרעסטער גורם וואס איז געווען די הויפט סיבה צום אויסרופן און אנערקענען די מדינת ישראל פון די פעלקער — איז געווען דער גרויסער חורבן און אומקום פון אונדזער פאלק דורך די היטלעריסטישע רוצחישע הענד; אויך די רשעים פון די מנהיגים פון די גויאשע פעלקער, האבן ניט געקאנט ניט נעמען אין אכט דעם גרויסן חורבן וואס האט געטראפן דעם יידישן פאלק אין איירופא און דעם גרויסן, גרויזאמען, מאסשטאב פון אים. בעל־כורחם האבן זיי מסכים געווען צו פארגיטיקן מיט עפעס די קרבנות פון דעם אומגליק און האבן געשטימט פאר דער יידישער מדינה. אמת, אז דאס איז געווען די האנד פון דער השגחה עליונה, אבער די השגחה האט דאס געטאן, אזויווי רוב געשעענישן, גרויסע און קליינע, — מיט ניסים וואס זענען געווען איינגעהילט אין דער דרך הטבע; די „יד הגדולה" פון רבונו של עולם, האט געברענגט דאצו אז אין זכות פון די קרבנות פון דער שואה און אין זכות פון די מסירות נפש'דיקע מעשים פון פאטער און קינדער, סיי אין בויען דאס לאנד און סיי אין דער מלחמת השחרור (די באפרייאונג מלחמה) — האבן מיר זוכה געווען צו דער מדינת ישראל, די אתחלתא דגאולה.

אין אונדזערע צייטן זענען פארגעקומען די צוויי גרעסטע געשעענישן אין דער יידישער היסטאריע, נאכן חורבן בית המקדש: די שואה (דער חורבן) און די ישועה. און אזויווי דער חורבן איז געווען אין מורא'דיקן מאסשטאב, וואס קיינער האט עס ניט געקאנט זיך פארשטעלן, אזוי איז אויך די נס—טבע'דיקע ישועה געווען מער ווי ס'האט זיך ווער געקאנט פארשטעלן. סיי די החלטה פון די פארזאמעלטע פעלקער אין או"מ וועגן חלוקה און דאס עררייכן צוויי דריטל פאר דעם באשלוס; סיי דאס מסכים זיין פון רוב ציוניסטישע מנהיגים צו דעם חלוקה פלאן, וואס האט אויסגעזען אינגאנצן אוממעגלעך צו פארווירקליכן אים, ווייל ווען די אראבער וואלטן געווען מסכים געווען צו דעם פלאן פון חלוקה, וואלטן מיר ניט געקאנט עקזיסטירן און לעבן אין אונדזער לאנד. די אראבער וואלטן אונדז געווען אף טריט און שריט למוקש ומכשול. סיי דאס מנצח זיין די אראבער אין אונדזערע מלחמות מיט זיי און נאך און נאך פלאי פלאים'דיקע געשעענישן — דאס אלעס איז געווען העכער און גרעסער פון יעדער האפנונג. השי"ת האט מיט אונדז געטאן נסים און חסדים אף יעדן טריט און שריט; דאס ניט מסכים זיין פון די אראבער צו טיילן דאס לאנד („חלוקה"); די מפלה זייערע אין דער מלחמה; דאס בהלה'דיק אנטלויפן אין די צענער טויזנטער און הונדערטער טויזנטער, פון דער מדינה און נאך און נאך... זיכער קאנען מיר זאגן מיטן פולן מויל: „ואלו פינו מלא שירה כים ולשוננו רנה כהמון גליו... אין אנחנו מספיקים להודות לך ה' אלוקינו"...

* * *

דאס אלעס געשריבענע האט, אייגנטלעך, געקאנט זיין דער שלוס פון אונדזערע ווערטער מיטן ענדיקן דאס שרייבן פון אונדזער ספר, אויב... אויב דאס ספר וואלט געווען פערטיק געווארן פאר די „מלחמת ששת הימים" (די זעקס־טאגיקע מלחמה). ס'איז אבער אנדערש געשען און דערווייל זענען פארגעקומען גרויסע וווּנדערליכע און מורא'דיקע געשעענישן, וואס זענען גרעסער אין זייער פארנעם, סיי אין כמות און סיי אין איכות, פון אלעם וואס מיר האבן דערציילט ביז איצט. עס זענען דא פאסענד די ווערטער פון רשב"ם (פרשת וישב פסוק ב') אין נאמען פון זיין זיידן רש"י זצ"ל, וואס האט אים מודה געווען אז ווען ער וואלט געהאט צייט וואלט ער באדארפן שרייבן נייע פירושים, לויט די פשטים וואס ווערן יעדן טאג געשאפן. די ישועה ווערט יעדן טאג באנייט; די חסדים פון גאט וואס רינגלען אונדז ארום און די גאולה ערשיינונגען וואס ווערן פארטגעזעצט פאר אונדזערע אויגן־ברעגגן אונדז דאצו מיר זאלן פון צייט צו צייט דארפן ענדערן דעם אינהאלט פון אונדזער שרייבן, ווייל זיי זענען שוין ניט אקטועל (זע, למשל, צום סוף פון דער רשימה פון בן עמי פיינגולד, זייט 111: „הם נטמנו בהר הזיתים, בחלוקת קבר שקנו להם ואין פוקד את קברם, שמעבר לגבול, נוכח הר הבית"). נאכמער:

דאס וואס האט געטראפן אין דער זעקס־טאגיקער מלחמה, שטעלט אין שאטן אלעס וואס מיר האבן געזען אין דער מלחמת השחרור (באפרייאונגס מלח־מה). די ערשטע ניסים ווערן בלאס אקייגן די לעצטע ניסים. **עס זענען ממש אופגעפראלט געווארן די פענסטער פון הימל** און מיר האבן געזען געטלעכע ענטפלעקונגען אין דער הייליקער מלחמה. איין דור וועט דערציילן דעם צווייטן, ניט נאר וועגן ניסים ונפלאות, נאר אויך וועגן די **גבורות און מסירות נפש**, וואס האבן ניט געהאט זייער׳ס גלייכן אין דער גאנצער וועלט. דאס גרעסטע וואונדער איז דאס וואס לויט דעם עדות פון דעם שעף פון נצחון, גענעראל יצחק ראבין — קומט די קרוין פון נצחון, בעיקר, די סאלדאטן פון דער שורה; די פשוט׳ע זעלנער, וואס פיל פון זיי זעען אויס אין זייער טאג־טעגליכן לעבן שטילע און באשיידענע בחורים — זענען אין דער ,,מלחמת ששת הימים" געווארן ווי די לייבן און נאך מער. און פון דער צווייטער זייט: די וואס זענען אין שלום צייט אזוי גערופענע ,,בני טובים" (,,ווילע יונגען"...) זענען פלוצים געווארן אידעאליסטן און געגעבן זייער נפש פאר פאלק און לאנד.

וועלן מיר דען ניט זאגן, צוזאמען מיט רבי ישראל בעל־שם־טוב: ,,אשרי העם יודעי תרועה" (תהלים פ"ט) ווויל און גוט איז ווען אויך דער עם, דער גאנצער פאלק, דער פשוט׳ר סאלדאט, קאן פירן מלחמה און ניט נאר דער גענעראל!... אזוי איז דא געווען אין אט דער מלחמה. מיר דארפן זיך פרעגן: ,,מי ילד לנו את אלה"? ווער האט דאס אונדז געבוירן? וויאזוי זענען דאס קינדער פון געפייניגטע און געשלאגענע יידן, גערוידפטע טויזנטער יארן, וואס זענען געווען א סינאנים פון פחדנות — וויאזוי זענען דאס אט די קינדער געווארן גיבורים און האבן פאר־ניכטעט אזויפיל גרויסע ארמעען, באוואפענטע פון קאפ ביז פוס? זיכער האט יעדער א ,,תירוץ", לויט דרך הטבע, אבער מען מוז דאך צוגעבן גאר א וויכטיקן טעם, וועלכער איז אפשר דער עיקר: אמת, דאס השי"ת האט אונדז געהאלפן, אמת דאס אונדזערע קינדער און ברודער האבן געקעמפט, יעדער איינער אף זיין ארט, מיט מסירות נפש, וואס ס׳איז ניט מעגלעך קיין גרעסערע פון איר, אבער דער שטארקער טרייב־קראפט צו דעם מסירות נפש איז געווען די שואה, די טראגעדיע. צוליב דער שואה האבן אונדזערע קינדער געקעמפט אזויווי זיי האבן געקעמפט און צוליב דער שואה האט אונדז השי"ת געהאלפן.

**לאמיר קלאר פארשטיין** וואס מיר זאגן: דער גרויסער אומגליק וואס איז געשען אין אונדזער דור — דאס אומקומען מיט אזא גרויזאמען אופן פון זעקס מיליאן יידן — איז געשטאנען פאר די אויגן פון אונדזערע סאלדאטן, די חיילים—גיבורים. יעדער האט געזען פאר זיך די זעקס מיליאן אומגעקומענע, יעדער האט אויך געזען וואס די אנדערע פעלקער — די שלעכטע און אויך די ,,גוטע" גויים — האבן געטאן פאר אונדז! און פעסט איז געווען זייער באשלוס: מ ע ר טאר דאס ניט פארקומען! נאכאמאל אוישביץ וועט ניט פארקומען! ניט אין אונדזער דור און ניט אין די שפעטערדיקע דורות! ניין! מער וועט מען שוין ניט שעכטן אונדז ווי די שאף וואס מ׳פירט צו דער שחיטה; ניט אזוי ביליג וועט מען אומברענגען יידן; א טייערן פרייז וועט מען מוזן בצאלן. א סוף צו דעם בחינם׳דיקן הרגענען יידן! א מלחמה וועלן מיר קייגן די רוצחים פירן! און ווען אפילו עס וועט חס ושלום פאלן א ייד, וועט זיין פרייז זיין א גרויסער, א טייערער. אט דער באשלוס, ניט זיין מער הפקר, האט געברענגט די העלדענטאטישע מעשים פון אונדזערע חיילים און דעם וואונדערפולן, אבסאלוטן נצחון.

דאס איז איין זייט פון דעם נצחון. די צווייטע זייט: **אויך דער רבונו של עולם האט באשלאסן אז מער וועלן זיינע קינדער ניט זיין הפקר פאר פארציק־ענדע חיות!**... און כאטש מיר מאטערן זיך צו פאר־שטיין און פארענטפערן די אנגעווייטיקטע פראגע, וואס לעכערט אונדזער מוח: ,,פאר וואס"? פארוואס האט גאט אזוי געטאן און געלאזט זיין פאלק אויס־שעכטן?... און אוודאי איז ניטא א ענטפער וואס זאל אונדז דאס פארענטפערן און קלאר שטעלן אינ־גאנצן — איז אבער קלאר, דאס ווער עס וויל ניט במזיד צומאכן זיינע אויגן, זעט באשיינפערליך דאס גאט האט אונדז דא געגעבן דעם נצחון אין די מלחמות קייגן די אראבער אלס א טיילווייזער פאר־גיטונג פאר דעם לעצטן חורבן בית ישראל אין דער היטלער צייט.

ס׳איז אלזא ריכטיק אז אין דעם זכות פון דער שואה און אין זכות פון דער הייליקער, מסירות־נפש׳דיקער מלחמה פון אונדזערע קינדער האבן מיר זוכה געווען צו דעם גרויסן נצחון. נס און טבע זענען געגאנגן צוזאמען און האבן געברענגט די ישועה. **זאל דא באמערקט ווערן אז דער גרעסטער נס איז געווען וואס מיר האבן זיך ניט פארלאזן אף נסים!**...

צום שלוס פון אונדזער ספר ווילן מיר גלויבן: ס׳איז קיין ספק ניט אז עס זענען נאכניט צו ענדע געקומען די חסדים פון גאט. מיר זענען נאכניט געקומען צו סוף פסוק פון די ישועות ונחמות וואס השי"ת טוט מיט אונדז. נאר טויבע און בלינדע הערן ניט

און זעען ניט דעם קול השם בכוח, קול השם בהדר און זיין שטארקע האנד, וואס פירט אונדז צו דער גאולה שלימה — די אמת׳ע גאולה. ס׳איז ריכטיק מיר זאלן דערמאנען דאס וואס ס׳ווערט דערציילט וועגן דעם צדיק רבי לוי יצחק פון בארדיטשעב זצ״ל, דאס יעדער יאר, נאך דעם זאגן די קינות אין תשעה באב, האט ער דאס קינה׳לע געלייגט צווישן די אלטע „שמות״, וואס ווערן אוועקלייגט צום באהאלטן אפן בית החיים. ער האט געזאגט דאס ח״ו מ׳זאל דאס קינה׳לע באהאלטן אפן צווייטן יאר תשעה באב, ווייל דאס וואלט געהייסן אז מ׳גלייבט ניט אז ביז איבער א יאר וועט משיח קומען... דאס זעלבע וויל דער שרייבער פון די שורות זאגן: ביז מ׳וועט פערטיקן געבן דעם איינבינדער צו בינדן דאס ספר סטריזוב און ביז מיר וועלן געבן דאס ספר יעדן איינעם פון די יוצאי סטריזוב — וועט קומען משיח צדקנו און מיר וועלן זוכה זיין צו דער גאולה שלימה במהרה בימינו אמן.

שלמה יהלומי (דיאמנט)

# עם סיום הספר

עם סיום כתיבת ספר סטריזוב, מה אומר ? אלו זכינו וסטריזוב וכל קהילות הקודש, של אירופה, היו עומדות על תלן והיינו כותבים את ספר החיים של הקהילה — צריכים היינו לברך שהחיינו וקימנו והגיענו לסיום הספר. עכשיו, שלא זכינו ובעוונותינו הרבים, המניע לכתיבת הספר היא השואה האיומה וחורבנה של קהילתנו ושל כל קהילות הקודש — הרי שאסור לנו לברך שהחיינו. ובכל זאת — כשם שמברכים על הטובה כך צריך לברך על הרעה — עם כל הצער והכאב שבלבנו, עלינו להודות לה׳, על שעלה בידנו לכתוב זכרון בספר, תולדות העיירה ותולדות רבים מבניה־בוניה.

נחטא לאמת אם נאמר שמצינו והעלינו על הכתב כל מה שצריך היה ואפשר היה לכתוב, אבל אל־אלוקים יודע, שעשינו כל מאמץ אפשרי, שלא לקפח את מישהו — לא את הכלל ולא את הפרט. אני תקוה שלא נכשלנו במילוי חובתנו. ואם נכשלנו — הרי לא מתוך רצון וכוונה לא רצויה, או מתוך רשלנות, אלא מחוסר כשרון וידע וגם מחוסר כל המקורות על העיירה. קבלנו על עצמנו את המשימה הקשה והאחראית הזאת באין ברירה, כי לא ראינו לפנינו אנשים אחרים, שיעשו את המלאכה הקדושה הזאת.

ואם כי מגמת כתיבת הספר היתה לתאר את עברה של העיירה ולהנציח את קדושיה־טהוריה, שנהרגו על קדושת השם — מצאנו לנכון לכתוב גם על ההווה — כלומר: על יוצאי סטריזוב שנשארו בחיים, בישראל ובתפוצות. ועל החסד הגדול הזה בוודאי שאנו חייבים להודות לה׳, שהשאיר לנו שם ושארית לקהילתנו הקדושה. ואלה שהשאירם ה׳ לפליטה, מוזהרים ומצווים לזכור מי ומי היו אלה שהיו ואינם. דמויותיהם של הראשונים צריכות לעמוד לפניהם תמיד ולאורם ילכו כל ימי חייהם ויכוונו מעשיהם ופעולותיהם בעולם הזה. כדי שמעשיהם יהיו הולמים את מעשי אבותיהם הקדושים ; שלא יבושו בצאצאיהם בעולם האמת.

אמנם נכון, שקשה להגיע למדרגת הראשונים, שהרי „אם ראשונים בני מלאכים אנו בני אנשים״, וכו׳ (שבת קי״ב). אבל על כל פנים לא יתרחקו, התרחקות קיצונית, מדרכי אבותיהם, כי הרי חייב אדם לומר : „מתי יגיעו מעשי למעשי אבותי״ (תנא דבי אליהו רבה כ״ה) ומובא לפרש בשם גדולי החסידות (רא״י מסדיגורה ועוד) ,מתי יגיעו׳, שלפחות יהיו למעשים איזו נגיעה וקשר למעשי אבותיו ולא יתרחקו מהם, חס ושלום, לגמרי !... כי הרי ברור ללא כל ספק : נשארנו בחיים, בחסדי השם, לא למען ננתק את שרשרת הדורות, אלא למען נמשיך, נחזק ונחשל אותה. רק אם נמשיך בדרכי אבותינו נוכל להבטיח את עתידנו, בתור עם סגולה, שישמש סמל ומופת לצדק וקידמה אמיתיים, לא „צדק״ במרכאות ולא „קידמה״ של כל מיני „איזמים״, אלא אלה שהטיפו לה נביאינו ומורינו בכל הדורות.

ואם בעתיד מדובר, עלינו לדעת שבעקבות ה־שואה עברה נקודת הכובד של קיומנו, לארצנו הקדושה, הלא היא מדינת ישראל, מקור גאוותנו ותקוותנו. כי אם אמנם נכון, שהודות לאלפי שנות כיסופים, געגועים ותפילות ישראל, יום יום, בוקר, צהרים וערב, ל„ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים״, נשתמרו בלבותנו ובתוך־תוכנו, האהבה, הכמיה וה־זיקה הלא מנותקת לציון — והן הן שהביאו בעקבו־תיהן את תנועת ציון הפוליטית והמעשית, ובנינו ושיקומו מחדש של חלק גדול מארצנו — הרי שאת הדחיפה המכרעת להכרזת הקמת המדינה, והכרתה על־ידי אומות העולם — נתנה השואה ; גם רשעי־עולם לא יכלו להתעלם מגודל חורבנה של יהדות אירופה וממדיה המבהילים ובעל־כרחם הסכימו למתן פיצוי־מה לקרבנות השואה והצביעו באו״מ למען הקמת המדינה. אמנם ידענו, גם ידענו, שיד ההשגחה

האלוקית היתה בזה, אבל ההשגחה פעלה כאן — כברוב המאורעות הגדולים והקטנים — בנסים מלובשים בדרך הטבע; היד הגדולה של ה' הביאה לידי כך שבזכות קרבנות השואה, ובזכות המעשים הגדולים והמסירות־נפש של אבות ובנים, בבנין הארץ ובמלחמת השחרור וההגנה על ארצנו — זכינו ל־מדינת ישראל, אתחלתא דגאולתנו.

הנה כי כן קרו בימינו שני המאורעות הגדולים ביותר בתולדות עמנו, לאחר שחרב בית מקדשו וגלה מארצו: השואה והישועה. וכשם שהשואה היתה בממדים איומים, לא שערום אבותינו, כך היתה הישועה הנסית־טבעית, למעלה מכל מה שאפשר להעלות על הדעת, הן בעצם החלטת האו"מ על „חלוקה" והשגת שני שלישים להחלטה זו; הן בהסכמת רוב המנהיגים הקובעים של התנועה הציו־נית לתכנית החלוקה, שהיתה לגמרי בלתי מציאותית, כי אילו הסכימו הערבים לחלוקה זו, לא היינו יכולים להתקיים ולחיות בארצנו זו — כשהערבים היו לנו לפח ולמוקש בכל מקומות מושבותינו כאן; הן בנצחוננו במלחמת השחרור על שונאינו הערבים ועוזריהם, ועוד ועוד. ובכן — צדקה וישועה עשה ה' עמנו והפליא לעשות לנו נסים ונפלאות על כל צעד ושעל — אי הסכמת הערבים לחלוקה; מפלתם במלחמה; בריחתם ההמונית והמבוהלת לרבבותיהם ומאות אלפיהם מתחומי מדינתנו ועד ועוד. ובוודאי שאנו יכולים לאמר בפה מלא: „ואלו פינו מלא שירה כים ולשוננו רינה כהמון גליו... אין אנחנו מספיקים להודות לך ה' אלוקינו"...



הדברים האמורים למעלה ראויים היו שנסיים בהם סוף דברינו, עם סיום כתיבת הספר — אלו תמה ונשלמה הדפסתו לפני „מלחמת ששת הימים". ברם לא כך היה, ובינתיים קרו דברים גדולים, נפלאים ונוראים, העולים בהיקפם, ובכמות ואיכות הישגיהם על כל מה שסיפרנו עד עכשיו. וכאן מתאי־מים במלא מובנם דברי הרשב"ם (פרשת וישב, פסוק ב'), בשם אבי־זקנו רש"י ז"ל, שהודה לו „שאלו היה לו פנאי, היה צריך לעשות פירושים אחרים לפי הפשטות המתחדשים בכל יום". הישועה מתחדשת בכל יום; חסדי השם הסובבים אותנו ותהליכי הגאולה הנמשכים והולכים לנגד עינינו, מצריכים לשנות מזמן לזמן את תוכן הדברים שכתבנו בספרנו, משום שכבר אינם אקטואליים (ראה למשל רשימתו של בן עמי פינגולד, עמוד 111, בסוף רשימתו: „הם נטמנו בהר הזיתים בחלוקת קבר שקנו להם, ואין פוקד את קברם, שמעבר לגבול, נוכח הר הבית"). זאת לא זאת: מה שקרה במלחמת ששת הימים, מעמיד בצל את כל מה שראינו במלחמת השחרור. הנסים הראשונים מחווירים לעומת הנסים האחרונים. ממש נפתחו ארובות השמים וראינו מראות אלוקים במלחמת קודש זו. דור לדור יספר לא רק על הנסים והנפלאות, אלא גם על הגבורות והמסירות־נפש שלא היו דוגמתן בעולם. והמפליא ביותר, שכפי עדותו של ארדיכל הנצחון, רב־אלוף יצחק רבין, מגיע כתר הנצחון בעיקר לחיילים מן השורה; הטוראים האפורים, שהרבה מהם נראים בחיים היום־יומיים כבחורים שקטים וצנועים — נהיו במלחמת ששת הימים כפירי אריות ולמעלה מזה; ומאידך — אלה שבימים רגילים מוגדרים כ„בני טובים" וכו' — נהפכו פתאום לאידאליסטים ומסרו נפשם למען עמנו וארצנו.

הכי לא נאמר ונפרש יחד עם ר' ישראל בעל־שם־טוב: „אשרי העם יודעי תרועה" (תהלים פ"ט) — אשרי וטוב כאשר גם העם, החייל הפשוט, יודע תרועת מלחמה, ולא רק המפקד!... הלא כך היה, בעזרת אלוקינו, במלחמתנו־מלחמת ה' זו. ושוב אנו צריכים לשאול: מי ילד לנו את אלה? כיצד זה נהפכו צאצאי יהודים מוכים ונרדפים אלפי שנה, שהיו כביכול „סמל" לפחדנות — כיצד זה נהפכו לגבורי חיל והשמידו חיל עצום ורב ממנו? בוודאי שיש ביד כל אחד ואחד „תירוצים" מוכנים, לפי דרך הטבע, אבל שוב אין מנוס מההסבר הנוסף, ואולי העיקרי: נכון ונכון שה' עזר לנו ונלחם לנו; נכון ונכון שבנינו וכל עמנו נלחמו כל אחד במקומו במסירות נפש, שאין למעלה הימנה, אבל המניע החזק ביותר היתה השואה. בזכות השואה נלחמו חיילינו כפי שנלחמו ובזכות השואה עזרנו ה' אלוקינו.

הבה ונבאר את דברינו. „בזכות השואה נלחמו חיילנו כפי שנלחמו" — כלומר: התודעה של השואה, אותם המאורעות האיומים, חסרי תקדים, עמדו לפני חיילנו הגיבורים. כל אחד ואחד ראה לפניו את ששת המיליונים, שנרצחו בכל מיני מיתות משונות ואכזריות; ראו גם מה שעשו האומות — גם „ה־טובים" שבהם! — למען הצילנו מידי הרוצחים.. ונחושה היתה החלטתם: היו לא תהיה! לא עוד אושביץ פעם נוספת,בדורנו ולא בדורות הבאים! לא עוד ירצחו אותנו כל־כך בזול; לא עוד דמנו הפקר וכל הרוצה לשפוך דמנו יבא וישפוך. הקץ לכל שפיכות דמי ישראל חינם! מלחמה תהיה לנו בגויים! מלחמת חרמה, אשר גם אם חס ושלום יפול מי מאתנו — מחירו יהיה גדול ויקר. מכאן ההסתערות העילאית והגבורה העל־אנושית, ומכאן — הנצחון המדהים והמכריע.

**זהו צד אחד של הנצחון. והצד השני: ,,ובזכות השואה עזרנו ה' אלוקינו" — כלומר: גם הקב"ה, כביכול, החליט: ,,לא עוד יהיו בני למרמס לחיות טורפות"!... ואם אמנם אנו מתלבטים קשה בשאלה המנקרת את ראשנו: ,,למה"? ומפני מה עשה ה' ככה לעמנו, שנתן לשונאינו לעשות בנו כפי שעשה? למה נתן אותנו למשיסה בידי המרצחים הנאציים?... ובוודאי שאחרי כל התשובות שמנסים להשיב, עדיין השאלה במקומה עומדת (גם כותב הרשימה הזאת עמד עליה בספר זה בעמוד 153) — הרי כל מי שאינו עוצם עיניו במזיד, רואה בחוש שיד השם עשתה לנו את הישועה הזאת, כפיצוי חלקי למה שקרנו בשואה. הוא הדבר אשר כתבנו: בזכות השואה ובזכות מלחמת הקודש של בנינו, זכינו לנצחון הגדול הזה. נס וטבע הלכו צמודים יחד והביאו לנו את כל המעשים הנוראים והנפלאים האלה; את ירושלים השלמה ואת ההרים סביב לה: את חברון ובית לחם; הרי עציון; סיני ורמת הגולן ועוד ועוד. והנס הגדול ביותר: שלא סמכנו על נסים בלבד!...**

בסיום דברינו נאמר: אין ספק שעדיין לא תמו ולא נשלמו חסדי השם. טרם הגענו לסוף פסוק של הישועות ונחמות שעושה השם לנו. רק חרשים ועורים לא שומעים ולא רואים את קול ה' בכוח, קול ה' בהדר, ואת ידו החזקה המוליכה אותנו לקראת הגאולה השלימה והאמיתית. מן הראוי שנעלה על לבנו את המסופר על הצדיק רבי לוי יצחק, זצ"ל, מברדיצ'וב, שבכל שנה ושנה אחרי סיומו לאמר את הקינות לתשעה באב, שם את ספר הקינות בעליית בית הכנסת, מקום בו שמים את ה־,,שמות" הישנים והבלים של ספרי קודש, באמרו שחס ושלום להעמיד את ספר הקינות בארון הספרים, כדי לשמור אותו לשנה הבאה, כי יש בזה משום חסרון אמונה ובטחון בשם, כאילו חושבים שהמשיח לא יבוא תוך השנה הבאה... כן גם עבדכם, כותב המאמר האחרון הזה, של ספר סטריזוב, מקווה שעד שנספיק למסור לכורך הספרים את ספרנו ולחלקו בין יוצאי העיירה — יבא המשיח ונזכה לגאולה שלימה במהרה בימינו, אמן ואמן.

**תל־אביב, ניסן, חודש הגאולה ה'תשכ"ט**

## מפתח השמות והתמונות

(* — תמונה)

כתב וסידר: ש׳ יהלומי (דיאמנט)


### א

אברהם א״ל הלוי, הרב 8
אברהם מפלנטש, הרב 15
אדסט, משפחת 111
אדסט חיים 124
אדסט יעקב 50, 144, 443
אדסט משה 130, 131, 132
אדסט פיבל 30, 173
אדסט בינה 443
אונגר הנה רכיל 39 *425
אונגר מיכל ליב 30, *425
אונגר משה דוד 119
אונגר צבי 23, 40, 442
אורנשטין יעקב, הרב 11, 14
אורנשטין מרדכי זאב 9, 16
אורהאן בילה 297
איגרא משולם, הרב 12
איכנשטין אברהם, הרבנים 20
איכנשטין אלעזר, הרב 20
איכנשטין ברכה גיטל, הרבנית 20
איכנשטין חיים יוסף, הרב 20, 129
איכנשטין יהושע העשל, הרב 20, 129
איכנשטין מנחם צבי, הרב 20
איכנשטין מנשה, הרב 129
איכנשטין משה, הרב 20
איכנשטין צבי הירש מזידיצ׳וב 14
איכנשטין צפורה, הרבנית 20
איכנשטין רכיל, הרבנית 20
איזן מנחם, ווילופולי 22, 161
איזנטל אלימלך 111
איזנר יעקב ומש׳ 50, 133, 444
איזנר ד״ר צבי 144, 145
איזנר מלכה 48
איזמן יהודה נתן 102
איזמן פנחס 139
איזירר מרים 91
אכט, עו״ד 51
אלגזי יום־טוב, הרב 11
אליהו, הרב 7, 24
אלימלך, הרבי מליזנסק 12
אליעזר פישל, הרב 11
אלכסנדר סנדר מסטנוב, הרב 10
אלפסי יצחק 9, 12
אנגל שמואל, הרב מרדומישל 81
אנגל מלונק 124
אדלר לייב 445
אדלר פישל ואשתו 446
אונגר אליעזר 376
אונגר שלום משה, הרב 377
איזנברג ה. 445
איזנברג לייב 440, 446
איזנברג פרל 446
אלוני (קלוץ) פנחס 441
אמאייס משפ. 443
אקשטין מאטיש 377
אקשטין מאיר 86, 337
אקשטין חוה ויונה *377
אנגלנדר אבר 148
אנסבכר, הרב 178
אפשטין יחיאל, הרב 20
אפשטין תרצה, הרבנית 20
אפשטין נ״צ מקולומי, הרב 9
אשר ישעיה מרופשיץ, הרבי 19
אשר יוסף *199
אשר ירמיה וליבה 200
אשר ש. 441


---

* תמונה

ב

בוימאל צבי 130
בורגניכט אהרן ומשה הינה וחינה 138, 171, 297*
ביאליק חיים נחמן 102
ביטלר אהרן שמואל 60
ביטלר מרדכי 144
ביטלר לייביש 77, 444
בילוס אליהו 75, 172, 174
ביר שלמה 103
בירמן אליעזר 125
בלומנפלד חיים, הרב מריישא 10
בעל שם־טוב ישראל 7, 12
בר מאיר 104, 124
בר רפאל 125
בראך שאול, הרב 90
ברוך, הרבי ממזיבוז 91
ברוו אברהם 31, 48, 49, 138, 171, 297, 2־351
ברוו איטה 427*
ברוו מרדכי 45
ברוו הינה 427*
ברוו צבי 30, 38
ברוור א״י, ד״ר 8
ברגלס, משפחת 111
ברגלס אברהם מנדל 172, 174
ברגלס ברוך 30, 39, 41, 60, 81, 93, 118, 130
ברגלס יוכבד 141
ברגלס הירש בר 111
ברגלס חיה 46, 56
ברגלס יצחק 67, 122, 183, 297, 321, 441, 436*, 437*, 439*
ברגלס שרה 48
ברגלס רבקה 418*
ברגר אסתר הינדה 90
ברגר זכריה 145
ברגר יוסף 145
ברגר ינטה 145, 146
ברגר משה 146
ברגר ישראל אהרן 54, 57
ברוידה אריה ליב, הרב מלבוב 52
ברודר מאיר צבי 37
בורנשטין פרופ׳ 377
ביים חיים 443
בירנבך מ׳ 441
בלייכר משה, הדיין 377
ברגלס (בני זליג) 446
ברן מלה 445
בן־גוריון 451*
ברוינר זלמן ומשה 67, 446
בריקנטל ד״ב 8
ברנשטין, משפחת 141, 157, 171, 398, 429*
ברנשטין דוד 60, 398*
ברנשטין יעקב יצחק 37, 60, 63, 129, 135, 183
ברנשטין רחל 397*

ג

גוטווירט מאיר מרדכי 60, 94, 108, 199, 440
גולדברג פישל ופיגה ומש. 41, 136, 298, 401*
גולדברג מרדכי 314 401*
גולדברג אלעזר ומנחם 137, 401* 433, 446
גולדברג דוד ובניו 445
גולדמן אברהם ודבורה שרה 82
גולדמן יצחק, אלימלך ויעקב 60
גולדמן פישל מבזוסטיק 181
גורפינקל שמואל ואהרן 36, 149
גורגל אלעזר 132
גורגל יחזקאל 52, 62, 131, 297
גינסבורג נתן מגורליץ 184, 186
גלבוקס שושנה 158
גלבר, ד״ר 11
גליקמן יואל 45, 165
גלייכר (הירשפלד) ליפצ׳ה 173
גלנדר צבי (הרשל) 31, 37, 82, 131, 297
גלנדר בתו 428*
גלַנטי שמואל, הלוי, הרב 10
גלנטי משה 11
גלרנטר י״ד, הרב מיאשיניצה 15
גננדלמן, מקטוביץ 184
גרובר אליעזר 50, 399*, 441
גרובר חוה 50, 297, 399* 429*
גרובר יהודה (אידל ורבקה) מש׳ 37, 399* 431* 432*
גרוסמן לוי, הרב 9
גרוסקופף מנדל 59, 65, 59, 349, 379
גרוסקופף שמואל משה 65, 102, 139, 319
גרוסקופף יוסף ולאה 445
גרטנר חיים 102, 109
גרטנר ישראל 39, 132
גרטנר ישראל (בן משה) 146*
גרטנר משה 139
גרטנר מנדל 132
גרטנר נחמה 51, 146*
גרטנר פרל 111


* תמונה

גרינברג אורי צבי 4
גרינבוים ראובן 61
גרובר צפורה 431* 432*
גרינבלט זנביל 48, 109, 139, 297
גרינבלט יעקב 31, 45, 109, 123
גרינבלט יואל 47, 109, 445
גרינבלט ליבה 170 428*
גרינבלט פייגה 297
גרינבלט—האזנקופף 145
גרשום שלום, פרופ' 11
גוטליב ב"צ 374, 377
גורפין רבקה 442
גנס שפריצה ורוזה 443
גוזיק משה ופרידה 399*

ד

דויטש אהרן ומשפ. 31, 48, 138, 139, 140, 172 419*
דויטש זאב וולף 22, 30* 46
דויטש ליאון ד"ר 443
דויטש חנה 22 419*
דויטש שמעון 444
דויטש יוסף 50, 297
דויטש יצחק 49, 419*
דויטש חיה ק' 418* 419*
דויטש משה 136
דויטש רחל לאה 297
דויטשר מאיר 111, 130
דויטשר משה 48
דיאמנט, משפחות 160, 161
דיאמנט אברהם (סטרונגור), 174
דיאמנט אריה (בן שלמה) ומשפ' 161 433*
דיאמנט ברוך ומש' 174 433*
דיאמנט אביגודר 40, 48, 49, 107, 122, 123, 297
דיאמנט חיה (לבית הולנדר) 427*
דיאמנט איטה, בעלה אריה פדרבוש ובנם יוסף חיים 161, 169
403* 427* 430*
דיאמנט איטה (הקר—לנדסמן) 186 404*
דיאמנט אריה־לייביש (בן משה) 47, 56
דיאמנט אריה־לייביש (בן יוסף) ומש. 405*
דיאמנט (מילגרוים) ע. שמואל, ד"ר 405*
דיאמנט גננדל (קורנרייך), בעלה ובניהם 126, 404*
דיאמנט דבורה (אשת יוסף) 74, 76, 403*
דיאמנט העשל 31* 52, 85, 148, 183, 403* 443
דיאמנט הינדה ובנם יוסף חיים 427*
זלמן (וויסוקר) ומש. 174, 298, 402*
דיאמנט יעקב (יעקל וויסוקר) 14, 173, 174
דיאמנט יחזקאל (מרודניק) 183
דיאמנט לייביש (דובז'כובר) 173, 174
דיאמנט לאה 298, 401* 402*
דיאמנט מנדל 444
דיאמנט משה (ריזינקר) 41, 174
דיאמנט משה 30, 46, 174
דיאמנט רייזל (אשתו) 427*
דיאמנט נפתלי 50, 144
דיאמנט עקיבא 50
דיאמנט עקיבא (קוזלובר) 174
דיאמנט פייבל 37, 298
דיאמנט שלמה (זיזנובר) 17, 18, 75, 129, 172, 174
דיאמנט שלמה (יהלומי) 23, 40, 45, 52, 60, 64, 80, 85, 95,
403* 436* 437* 439* 441, 442, 445
דיאמנט אריה, (בן פישל) 430*
דיאמנט עקיבא שמואל (אבי שלמה זיזנובר) 174
דיאמנט הרשל (בונרובקר) 174
דיאמנט לייביש (לוטצ'ר) 174
דיאמנט שמעיה (לוטצ'ר) 174
דוקס, ד"ר 174
דילר יצחק (ר' איציקל) 7, 74
דילר ברוך 7, 31, 74, 131, 297
דילר יעקב 23, 443, 446
דילר נכדותיו של ברוך 428*
דים יעקב 62
דים חיים 433*
דים משה 50, 400*
דמביצר איטה 170, 297 418*
דמביצר דוד, שרה ובנימין ושינדל 30, 430* 431* 443*
דנציגר (רבינוביץ) טובה חוה הרבנית 21

ה

הורוביץ אברהם, הרב מסנדישוב 76
הורוביץ אלתר זאב, הרב 18* 19, 27, 28, 29, 30, 75, 84, 123
129
הורוביץ אליעזר הלוי, הרב מטרניגרד 17
הורוביץ חיים יהודה 20, 28, 123
הורוביץ חיים, הרב 20
הורביץ חיים שלמה, הרב 21, 443
הורביץ טוביה, הרב מסנדישוב 123
הורוביץ — איש יצחק מהמבורג 12
הורביץ יצחק, הרבי מסטוטשין 181

* תמונה

